# אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ

## אינהאַלט פון די 18 בענדער

# פון פאַרלאַג „יידיש"

דער קליינער און יונגער יידישער אַרגענטינער קיבוץ איז א דאַנק דער שווידערלעכער יידן־אויסראָטונג זינט אויגוסט 1939 געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט. דער יידישער וועלט־חורבן האָט אונדזער ישוב דערהויבן און אים אָנ־געטון אַ טראַגישן און גרויסן זכות.

אַ זכות גייט ביי אונדז זייט שטענדיק אָן האָט ביי הָאַט מיט חוב. פאַר דעם גרויסן טראַגישן חוב איז אונדזער ישוב אַ סך, אַ סך שולדיק. און פאַרלאַג „יידיש", וואָס איז אין דער פאָרעם אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און אין תוך געהער ער צום גאַנצן ישוב, שטרעבט צו באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון די חובות, וואָס דער ישוב איז שולדיק.

דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" וועט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אָנהויבן העלפן אויפבויען דאָס דאָזיקע, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

און נישט אומזיסט הייבן מיר אָן מיט אונדזערע קלאַסיקער! דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָבן באַ־שריבן וועט מען שוין מיט קיין טאַנקען אויך נישט אויסמעקן.

און ווען דער צאָרן וועט זיך ענדיקן און אייראָפּע וועט זיך נעמען באַנייס אויפבויען און מען וועט דאָרט נעמען אויפבויען אויך דעם יידישן שאָרית הפליטה וועט דער אַרגענטינער ישוב דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" שיקן די ביכער פון די קלאַסיקער פאַר די ערשטע פון סניי אויפגעבויטע יידישע ביבליאָטעקן.

פאַרלאַג „יידיש" הייבט אָן מיט אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ווייל בעצם האָט פּרץ געראַטעוועט דאָס מאָדערנע יידישע לעבן פון אַ שריפה, וואָס האָט עס געוומען אַרומכאַפּן פון אַלע זייטן. פּרץ איז אַריין אין פייער אריין פון השכלה און אַסימילאַציע און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם סאַמע עיקר פון דער באַדראָטער יידישקייט. די ערשטע ווערק וואָס מען וועט אַריינשטעלן אין אַ באַנייטער יידישער ביבליאָטעק פון אייראָפּע מוזן זיין פון י. ל. פּ ר ץ!

י. ל. פּרץ

# אלע ווערק

מיט בילדער, פאקסימילן, געקליבענע פּערזענלעכע בריוו און
ביאָגראַפישע שטריכן פון יעקב באָטאָשאַנסקי

פאַרלאַג „יידיש"
פון וואָלף ברעסלער און אברהם מיטלבערג
בוענאָס איירעס 1944

# אינהאלט פון אכצענטן באנד:

זייט

זייט



י. ל. פּרצ׳ס פאָטער



לוציאַן פּרץ — אַ גימנאַזיסט

## באַמערקונגען צום לעצטן באַנד

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן מאַכן אַ געוויסן שינוי אין סדר פון פּרצס אַלע ווערק און אַז „מיינע זיכרונות" דאַרפן אַריינגיין אין אַכצנטן און לעצטן באַנד, כּדי צו געבן די לייענער, טאַקע ווי פּרץ אַליין האָט עס געזאָגט, דעם שליסל צו דעם אָנגעפילטן שייער.

לוידער האָט י. ל. פּרץ נישט באַוויזן צו געבן דעם שליסל צום גאַנצן שייער. „מיינע זיכרונות" גרייכן נישט ווייטער פון זיין יוגנט. און כּדי צו דערגאַנצן אַביסל די אייגנאַרטיקע מעמואַרן — אפשר די אייגנאַרטיקסטע אין אונדזער גאַנצער ליטעראַטור — גיבן מיר דאָ אַ טייל פון פּרצ׳ס פּערזענלעכע בריוו.

י. ל. פּרץ האָט בכלל נישט געשריבן קיין סך. אין משך פון זיין גאַנצן לעבן האָט ער קוים אָנגעשריבן אַכצן נישט-גרויסע בענד. בריוו האָט ער נאָך ווייניקער געשריבן. אין אַ בריוו צו זיין פרוי העלענע, וואָס איז געשריבן בעת זי איז נאָך געווען זיין כּלה, האָט י. ל. פּ. זיך אויסגעדריקט, אַז „אָנשרייבן אַ בריוו איז איינע פון די שווערסטע זאַכן אין דער וועלט", זאָגן לייט. און גלייב איך זיין דערצו נאָך, אַז מען איז אַזאַ פוילער ווי איך".

אָבער אָט ווי ווייניק בריוו פּרץ האָט געשריבן, זענען שוין ביז איצטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיינע עטלעכע הונדערט פּערזענלעכע בריוו. אין זיין בוך „בריוו און רעדעס פון י. ל. פּרץ", וואָס נחמן מייזיל האָט אַרויסגעגעבן אין „ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין" אין 1929-טן יאָר, זענען אַריין הונדערט אַכציק בריוו, וואָס פּרץ האָט געשריבן אין משך פון 27 יאָר צו 24 פּערזאָן און אינסטיטוציעס און אין פּרץ-נומער פון די „ייוואָ"-בלעטער (אויגוסט-אָקטאָבער 1937) האָט דער זעלביקער מחבר פאַרעפנטלעכט נאָך צוועלף בריוו. ד״ר יעקב שאַצקי האָט אין זעלביקן נומער „ייוואָ-בלעטער" פאַרעפנטלעכט 25 בריוו. דער גרעסטער אוצר איז אין דעם פּרט די קאָלעקציע „משפּחה-בריוו",

וואָס תּעלענע פּרץ האָט געשענקט דעם ייוואָ און וואָס ז. ר. (זלמן רייזען) האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם שוין צוויי מאָל דערמאָנטן נומער „ייוואָ-בלעטער". די דאָזיקע קאָלעקציע אַנטהאַלט 64 בריוו און די מערסטע פון זיי זענען אומגעהויער וויכטיק פאַר דער פּרץ-ביאָגראַפיע און פאַר דער פּרץ-פאָרשונג בכלל.

מיר גיבן דאָ נישט אַלע פּערזענלעכע בריוו פון י. ל. פּרץ, וואָס זענען שוין פאַרעפנטלעכט, נאָר אַ געוויסן טייל פון זיי. מיר קלייבן אויס די כאַראַקטעריסטישסטע בריוו סיי פון מישפּחה כאַראַקטער, סיי צו שרייבער און מיר שאַפן אַזוי אַרום אַ שטיקל אַנטאָלאָגיע פון פּרצס בריוו.

די מערסטע פון פּרצס בריוו זענען געשריבן נישט אין יידיש, די מישפּחה בריוו זענען געשריבן אין פּויליש און אין רוסיש און די מערסטע בריוו צו שרייבער — אין העברעיש. מיר גיבן זיי אַלע אין דער יידישער איבערזעצונג.

מיט אָט דעם באַנד גיבן מיר איבער דעם לייענער אונדזער אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, וואָס איז נאָך מיסתּמא אויך נישט קיין פולשטענדיק קאָמפּלעקטע, אָבער איז אָבער זיכער די קאָמפּלעקטסטע פון די אַלע, וואָס זענען ביז איצטער דערשינען! מיר זענען איבערצייגט, אַז מיר האָבן געטון אַ דבר בעתו. מיר האָבן געבראַכט פּרצס אַלע ווערק אין אַ צייט, ווען זיי זענען שוין נישט צום קריגן און ווען מען האָט זיי צום ביטיקסט געדאַרפט האָבן. קיינמאָל נישט ווי אין אונדזערע טעג זענען נייטיק אַזעלכע ווערטער „טרייסט מיין פאָלק, עס דאַרף טרייסט". פּרץ האָט נישט געזוכט קיין ביליקע טרייסט, נאָר ער האָט געזוכט צו דערגאַנצן אונדזער חורבן דורך בויען און צו שטילן אונדזער ווייטיק דורך מאָראַלישער טרייסט און דורך געפינען דעם סאַמע שורש פון אונדזער לעבן. פּרצס ווערק זענען אָנגעזעטיקט מיט אונדזער אייביקן גלויבן אין אונדזער אייביקן לעבן און זיי זענען אין אַ גרויסער מאָס די „משנה תורה" פון אונדזער אַלערליי יידישקייטן.

די לייענער וועלן שוין אַליין אויסגעפינען, וואָס אַזוינס עס איז פאַראַן אין דער ערשטער אונדזער אויסגאַבע — אין דער ערשטער פולער אויסגאַבע פון אַ יידישן קלאַסיקערס ווערק וואָס איז דערשינען אין אַרגענטינע — וואָס איז אין די פריערדיקע אויסגאַבן נישט געווען. מיר וועלן אָבער דאָך אופמערקזאַם מאַכן, אַז אַלע אוסגאַבן זענען אָנגעפּראָפּט מיט שויעדרלעכע דרוק-פעלערן. נישט נאָר ווערטער זענען געדרוקט אין זיי שלעכט, נאָר גאַנצע זאַצן זענען אין זיי פאַרדרייט. עס איז אונדז צומאָל אויסגקומען זיך צו בויערן שעה'ן-לאַנג די קעפּ ביז וואַנען מיר האָבן פאַרשטאַנען דעם זין פון אַ שלעכט געדרוקטן זאַץ. אַ פּורים-

רב זאָגט אין אַלע פּרץ-אויסגאַבן: „וו אָ ס זאָל איך נעמען פּורים - ג ע ש י ק ט ע ן פאַר איך" און באמת האָט געדאַרפט זיין: „וו א ו זאָל איך נעמען פּורים - ג ע ש י ק ט ן פאַר איך?" און דאָס דאָזיקע איז נאָך ווייט נישט דער ערגסטער טעות געווען.

אוודאי איז אונדזער אויסגאַבע נאָך נישט די דאָזיקע אַקאַדעמישע פּרץ-אויסגאַבע, וואָס דאַרף ערשט צוגעגרייט ווערן, אָבער מיר ווילן האָפן, אַז דער וועג פאַר איר איז געמאַכט געוואָרן.

יעקב באָטאָשאַנסקי

ב. איירעס, אלול התש"ד.

---

# א. נעפּלדיקע קינדער־יאָרן



י ב ע ר  ה ע ר  ר ע ד א ק ט א ר!

אין פאַרלאַנגט פון מיר, איך זאָל אייך שרייבן וועגן זיך אַליין, איך טו אייך צוליב.

אין דער  א י י נ ל א ד ו נ ג,  ווי שמייכלהאַפט זי זאָל נישט זיין, שטעקט אַפילו אַ ביטערלעך קערנדל; נאָר פון  ע ל ט ע ר ע  — אַלטע גלוסט זיך מיר נישט זאָגן, איך האָב אַפילו ערגעץ מיין מעטריקע פאַרוואָרפן — נאָר פון עלטערע לייט פאַרלאַנגט מען זיכרונות.

צו מיר, הייסט עס, זאָגט איר:

— האָסט אָנגעפילט אַ שייער, דערלאַנג אונדז דעם  ש ל י ס ל...

איך טו עס דאָך גערן. איך האָב נישט איינמאָל פאַרן פובליקום פון זיך אַליין גערעדט, געפּרוווט  א י ב ע ר ג ע ב ן  דעם שליסל.

דעם אמת זאָגנדיק, די נאָכשליסלען  פ א ס ן  מיר נישט. קיין וווּנדער: קיינעם געפעלט נישט קיין אייגענע פאָטאָגראַפיע. קיינער געפינט זיך נישט אינגאַנצן אין אַ געטראָפענער  ס ע ק ו נ ד ע, ווי טריי עס האָט נישט געזאָלט זיין דאָס גלאָז אין אַפּאַראַט... דערנאָך קומט ערשט דער  ר ע ט ו ש ע ר,  דער  פ א ר ג ל ײ כ ע ר  און  פ א ר ג ל ע ט ע ר... זיי מאַכן די רעשט צו שאַנדען.

וועל איך אייך שרייבן, איבערגעבן דעם  ש ל י ס ל  ש ר י פ ט ל ע ך. וועט בלייבן  צ יי ט,  וועל איך מיר אַ נייעם שייער בויען און אָנפילן, און וועט דער  א ל ט ע ר  שליסל  נ י ש ט  פּאַסן, און עס וועט נאָך בלייבן צייט, וועל איך געבן אַ  נ י י ע ם... דאָס לעבן האָב איך ליב.

אָבער שרייבן וועל איך נישט  א ל ץ.

ווייל נישט  א ל ץ  איז אַריין אין מיינע  ש ר י פ ט ן,  און נאָר די געהערן דעם לעזער. פאַרן דאַוונען גייט אַ פרומער ייד אין מיקווה אַריין און שווענקט אָפּ פון זיך די זינד.  ג י י ס ט י ק  טוט עס דער שריפטשטעלער פאַרן שרייבן.

אויסער דעם „מאָדערנעם”, וואָס פּאַראַדירט מיט זיין זינדיקייט, און אויב ער פאַרמאָגט נישט אַזויפיל אייגנס, וויפל דער מאַרק פאַרלאַנגט, טראַכט ער אַביסל צו, אַנטוויקלט ער די מעגלעכקייטן, וואָס האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט זיך צו אַנטוויקלען און אַרויסצושפּראָצן... אָפּט נעמט ער ביי אַנדערע...

א י י ך וועל איך דעם אָפּפאַל נישט געבן...

די ג ע ש י כ ט ע דאַרף קיין ליגן נישט זאָגן, אָבער נישט אַלץ פאַרציילן. ווייל א ל ץ איז דער גרעסטער ליגן. ווייל נישט א ל ץ איז דער מענטש. פאַרטרעטירט דאַרף ווערן נאָר דאָס כ א ר א ק ט ע ר י ס־ ט י ש ע; דאָס עכטע, נישט דאָס צופעליקע, וואָס געהער גאָרנישט צום מענטש.

און נאָך וואָס:

ערגעץ טיף אין מיר (אונטער דער באַוווסטזיניקער שוועל, ווי מען זאָגט) ליגן ז י כ ר ו נ ו ת. איך וויל זיי פון דער טונקעלער טיפעניש אַרויסציען אויף דער ליכטיקער שיין, — ליגן זיי אָבער נישט, איינס נאָכן צווייטן, ווי אַ שנור באַגראָבענע, געפּרווירענע ראָבן, מויל צו עק... זיי פליען דאָרט ערגעץ פריי אַרום, ווי אייזן־שטויב, טראָגן זיך לויז. און די מאַגנעטן, וואָס ציען זיי אַרויף און גרופּירן אַרום זיך, זענען נישט קיין ד א ט ן, נאָר אויך פ א ק ט ן, הויפּט־פאַקטן, ג ע נ ע ר א ל ע, אָדער אידעען און שטימונגען... איך געדענק קיין איינציקן דאַטום. וועט ווער נאָכקומען און צושרייבן, ווו מען דאַרף דעם „יום”, — זייער גוט.

איך קען עס נישט.

---

# קינדער־יאָרן און מלמדים

געווען בין איך, ווי מען האָט געזאָגט: אַן עילוי. אַ פלינקען לאָנישן קאָפּ געהאַט און — פיל געמיט.

ווי אַזוי בינדט זיך דאָס צוזאַמען? עס בינדט זיך נישט. עס ניסט זיך נישט צוזאַמען... אַ פּראָצעס פון צוויי עלעמענטן (אַ לאָגישער מוח און אַ הארץ פול געמיט) — אין איין „בעל־כרחך אתה חי"...

אין „מאָניש", צווישן אונדז גערעדט, האָב איך געוואָלט מיך אליין קאַפּירן. האָב איך מיך אָבער פאַרשענערט: איך בין געווען מאָגער, שוואַרץ, נאָר ברענענדיקע אויגן געהאַט (פונקען זענען נאָך געבליבן) און גרויסע. דער, „וואָס טרעפט באַלד אריין אין קאַרב, מעג דער רמב"ם זיין ווי הארב" — בין איך! נאָר דער „דערצו נאָך אַ „בעל־קורא" איז צוגעקומען צום גראַם. קיינמאָל קיין בעל־קריאה נישט געווען, נישט רעכט אפילו „מעביר געווען די סדרה". דער עיקר איז ביי אונדז געווען ל ע ר נ ע ן . . .

פון חורבה ארויסגעזונגען האָט מיר נישט איין „מאַריע". די מאַ־ריעס וועלן קומען. נישט אַלע... ווי געזאָגט: אַפּפאַל וועל איך נישט געבן. זיי זענען נישט אריין נישט אין מיר, נישט אין מיינע שריפטן... די אַנ־דערע — ווי ווייט מעגלעך. עס האַלט אָבער נאָך נישט דערביי. דער פּירק הייסט קינדער־יאָרן...

און געדענקען געדענק איך מיך נאָך גאָר אַ קינד: 1) צווישן יינגלעך און מיידלעך אויף אַ הויף, 2) אויף אַ פּאָדלאָגע אין חדר. דער מלמד האָט געהייסן חיים קעלבל. אַ יידל, זע איך איצט פאַר מיר, אַ קליינס, אַ קליין בערדל, קליינע אייגעלעך און אַ קליין ספּאָדיקל. און 3) ביים בעל־פער אונטערן אָרעם. אַ זאַוועריכע — און ער טראָגט מיך אין חדר אריין...

צו דריי יאָר — אָנגעהויבן (גלייך מיט אַלע חברים) חומש. גע־לערנט „ויקרא". זאָגן פלעג איך „ויטרא", נישט געקענט ארויסברענגען קיין „ק"; קיין „ג" אויך נישט. יאָרן לאַנג פלעגט מען מיך רופן: דד דדוד ידודנו (גד גדוד יגודנו)...

שבת נאָך דער סעודה האָט געזאָלט זיין ביים זיידן אין שטוב די שימחה. בשעת סעודה נעמט מיך דער זיידע (אַ קליין יידל, מיט אַ צי־

טעריק קעפּל, ווי איך בין געוואָר געוואָרן, פאַר עלטער), זעצט מיך אַרויף אויפן טיש, אין דער מיט. די מאַמע דערשרעקט זיך און כאַפּט געשווינד אַוועק פון אונטער מיר אַ נאָפּל. אַרום טיש זיצט די גאַנצע מישפּחה: אַ זון, צוויי טעכטער, צוויי איידעמס און אַן אַלמנה, מיינע אַן עלטער־מומע, (פון וועלכער איך האָב געמאַכט די „סקילער רביצן", גאָר נישט איבער־טרייבנדיק), אחוצן זיידן מיט דער באָבע. צו וואָס מען האָט מיך אַרויפ־געזעצט, ווייס איך נישט. מיר געפעלט עס. אַ וואַזע שטייט אויפן טיש, פּרווו איך, צי וועל איך זי אַרומנעמען מיט די הענט, נעמט אָבער די באָבע די וואַזע צו און פרעגט מיך, צי איך וועל קענען שפּעטער די דרשה.

— טענען! (קענען) — ענטפער איך און וויל שוין אַראָפּ פון טיש; לאַנג אויף איין אָרט זיצן קען איך נישט. פאַרהאַלט מיך אַ פעטער, שוין דעמאָלט אַ שטיק משכיל, אין אַ שוואַרצן קאַפּעליוש, — דער זעלבער, וואָס וועט שפּעטער זיין דער מבין אויף מיינע יינגלשע שירים און וועט זיי זאַמלען און באַהאַלטן, און פרעגט:

— און אויסלייגן „ויטרא" (ער מאַכט מיר נאָך) קענסטו?

ווייס איך נישט, וואָס אויסלייגן איז, פרעג איך:

— סטייטש?

— ווי אַזוי שרייבט מען ויקרא?

מיין איך, ער מאַכט חוזק.

— „ויטרא" — ענטפער איך פאַרדראָסיק — שרייבט מען נישט. „ויטרא" איז אַ פּסוק אין אַ פּרשה אין דער הייליקער תורה.

מען האָט מיר קוים אויסגעטייטשט, וואָס מען מיינט און איך דער־זע פלוצלינג פאַר די אויגן שוועבן אין דער לופטן די פּרשה, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, און רוף אָן איין אות נאָכן צווייטן, אויסער שם הויה.

דער מאַמען ווערן די אויגן פייכט (נישט צו גלייבן, ווי איך האָב אַלץ געזען), עפּעס האָבן ביי איר אָנגעהויבן צו פינטלען די אויגן און זי הייבט זיך אויף און גייט אין אַ ווינקל אַריין צום אויוון, די באָבע קוקט איר נאָך און שמייכלט:

שעמט זיך נאָך אַלץ!

מיך נעמט דער זיידע פון טיש אַראָפּ צו זיך אויף דער שויס און גיט מיר אַ קניפּ אין בעקל. איך זיץ אָבער נישט לאַנג, — ביינזקע פּיס געהאַט, איז מיר נישט באַקוועם — און גיי איבער צום טאַטן, וואָס קושט מיך. —

מער פון זיידן ווייס איך נישט, געדענק איך נישט. געהייסן, ווייס

איך, האָט ער שלומה. געווען אַמאָל אַ דאַנציקער סוחר. פאַרציילט האָט מען, אַז איינמאָל איז ער אַהיימגעקומען, ווי מען זאָגט, מיטן בייטשל... געווען איז עס פרייטיק. געגאַנגען אין באָד אַריין, דערנאָך צו קבלת־שבת. „אָפּגעראַטעוועט" דעם שבת, ווי אַלע מאָל, קיין סימן פון עינוי. און ערשט מוצאי־שבת נאָך הבדלה צוזאַמענגערופן אַלע בעלי־חובות זיינע און געזאָגט: „רבותי, איך בין געקומען אָן אַ גראָשן, נעמט אייך צו אַלץ, וואָס איז שטוב!"

— חנהלע, דערלאַנג! — האָט ער זיך געווענדט צו דער באָבען.

און די באָבע חנהלע האָט אויסגעטון די צירונג און געלייגט אויפן טיש. געעפנט די שאַנק מיט זילבער און גאָלד, אַריינגעבערענגט די חפצים פון אַנדער שטיבל... קיינער אָבער האָט נישט גערירט.

די באָבע האָט איר קראָם געהאַט, האָט מען פון קראָם געלעבט, איינציקווייז די חובות באַצאָלט, מיט פּראָצענט. און קינדער אויסגעגעבן.

ווי ווייט די מעשה איז אמת, בין איך אייך נישט ערב. אַז די באָבע איז פּעיק געווען דערצו, דאָס ווייס איך. דעם זיידן געדענק איך נישט מער, ווי דעמאָלט ביים טיש, ווען איך האָב אויסגעלייגט. איך זע זיינע אויגן, קליינע, נאָר האַרציק־ליכטיקע...

ווען און ווי אַזוי דער זיידע איז געשטאָרבן, ווייס איך אויך נישט. מען האָט מיך געהאַלטן בשעת־מעשה פונדערווייטנס, אַזוינס פאַרגעסט מען נישט, געהערט האָב איך, אַז ער איז קראַנק געווען, האָט אים דער דאָקטאָר געהייסן מאַכן אַ הייסע וואַנע, און אין דער וואַנע איז ער געשטאָרבן...

לאָז איך פאַמיליען־אַנגעלעגנהייטן אויף שפּעטער און גיי צוריק צו מיינע מלמדים...

צו זעקס יאָר האָב איך אָנגעהויבן גמרא. דעמאָלט — אַלע אַזוי. דעם גמרא־מלמד געדענק איך בעסער.

אויך אַ קליין, מאָגער יידל. גערופן האָט מען אים דריבער בערישל. אַ בייז יידל, שלאָגן אָבער קאָן ער נישט. אַז ער קומט אין כעס אַריין, הייבן אים אָן די הענט צו ציטערן.

— הענע! — רופט ער דעמאָלט צו דער רביצין — כאַפּ די קאַטשערע און שפּאַלט דעם עם־האָרץ דעם קאָפּ!

הענע רירט זיך נישט. זיצט ביים אויוון, פּליקט פעדערן אָדער שטריקט אַ זאָק. גייט עס וועגן מיר, ענטפערט זי:

— הערסט, ריר לייבושלען נישט אָן... איך וועל פאַרציילן ריבעלען...

ריבעלע איז מיין מאמע. און די רביצן איז געווען אן איינקויפערן פון ציבעלעס, גרינס... און פלעגט טראָגן צו אונדז אויך, א דריסת־הרגל געהאט. און ליב געהאט די מאמען און מיך, אפנים, דער מאמען צוליב.

— א יידענע, פלעגט זי זאָגן, א צדיקת... קארג אויף זיך און אויפן הויזגעזינט — און גיט צדקה, אָבער צדקה! און ער, דער גזלן, וויל שלאָגן איר לייבושלען!

— נו, נו, — ברומט דער רבי, זאָג איר, וואָס פאר א תכשיט זי האָט...

זי פלעגט זאָגן... נאָר קאפויער.

דער טאטע מיינער (ער לעבט שוין נישט) האָט אויך נישט געהייסן שלאָגן. איז דעמאָלט נאָך א קעסט־קינד געווען, אינדערהיים געזעסן, און בטבע א ליבעראל, אפשר אן אנארכיסט.

אז עס איז ארויס א קלאנג, אז מען וועט נעמען צום מיליטער, און מען האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן, האָט ער געראָטן: נישט שרעקן זיך און נישט גיין. קיינער זאָל נישט גיין...

— מען וועט שמייסן!

— א וועלט שמייסט מען נישט!

— שמידן אין קייטן!

— נישטאָ אזויפיל קייטן!

— איינזעצן אין תפיסה!

— אכיבאָ (סיידן — רעד.) מאכן די וועלט פאר א תפיסה!

ער אליין האָט מיך אין לעבן צוויי מאָל געפאטשט.

פון געבוירנהייט אָן האָב איך פיינט געהאט זיסע זאכן. אין מויל אריין נישט גענומען. „איך וויל, מען זאָל מיך האלטן פאר קלוג", האָט מען זיך געריצט מיט מיר. די באָבע פלעגט באקן מכל־המינים גוטע זאכן: ווייסן לעקעך, האָניק־לעקעך, טאָרטן, שטעפענס, פרעגלען איינגעמאכטס... פאר זיך, פאר די קינדער... פאר קראנקע אין הקדש, — אלע אייניקלעך פארדארבן זיך פון צייט צו צייט די מעגעלעך. מען באקומט און מען גנבעט אביסל צו; איך איינער — אן אויסנאם. איך עס נישט ביז היינט.

מאכט זיך מיין יינגערן ברודערס ברית.

קומען אָרעמעלייט אויף לעקעך און בראָנפן, פארזאמלען זיי זיך אין מיטל־שטוב. רעכטס — די מאמע די קימפעטאָרן, אין דער שטוב לינקס — די באלעבאטישע געסט. איז געווען ביי אונדז א סארווער, זאָל ער מיר מוחל זיין, א „כלב שבכלבים". אזוי האָבן אים אלע גערופן. **געווען**

איז ער, איך זע אים פאר מיינע אויגן, אן אויסטערליש הויכער, א דארער און א ווייסער, אן א טראפן בלוט אין פנים. געווען איז ער אן אלמן און א חשוך בנים. עטלעכע ווייבער געהאט און קיין איינציק קינד. אז די לעצטע איז געשטארבן, האט ער זיך שוין מיאש געווען פון לעבן און געמאכט זיך תכריכים. ביינאכט, האט מען פארציילט, שפאצירט ער ארום אין די תכריכים אין הויף... שרעקט איבער לייט. ארעמעלייט האט ער פיינט געהאט שינאת־מוות. טראגט דער רשע פון דער מאמעס שטוב ארויס, הויך איבערן קאפ, א טאץ מיט לעקעך צו די באלעבאטים אריין, איבער דער מיטל־שטוב. און איך זע, ווי א קראנק מיידל קוקט מיט פארברענטע אויגן צו דער טאץ ארויף. פלינק בין איך געווען, שפרינג איך אונטער, כאפ א שטיק לעקעך און דערלאנג דעם בלאסן מיידל... דער טאטע, — איך האב נישט געוווסט דערפון, — איז געשטאנען אין טיר פון דער מאמעס שטוב. דעם שפרונג אין דער הייך האט ער געזען, וואס איך האב מיטן לעקעך אין דער נידער געטון — נישט. גייט ער צו און דערלאנגט מיר אין באק. צומארגנס, מיר זיצן אלע ביים טיש, פארקלאגט ער מיך פאר דער מאמען:

— דער קאמעדיאנט, עסט מכלומרשט נישט קיין זיסע זאכן און כאפט לעקעך פון טאץ!

קומט אריין די דינסט מיט דער יויך, — געהערט האט זי, אפנים, הינטער דער טיר, — און פארציילט, וואס איך האב מיטן לעקעך געטון. זי האט געזען.

די מאמע האט די ברעמען אראפגעלאזט איבער די אויגן. זי האט שטענדיק געהיט איר געמיט פאר פרעמדע און אפילו פאר היימישע אויגן. דער טאטע איז בלאס געווארן, די אויגן ווערן אים פייכטלעך. און ער הייבט זיך אויף און גייט אפ אין צווייטן צימער אריין. פיל איך מיך שול־דיק, וואס איך האב באלד נישט פארציילט, וויל נאכגיין און איבערבעטן, — און קאן נישט. ביזן היינטיקן טאג קאן איך מיך אליין נישט פאר־טיידיקן און קיינעם נישט איבערבעטן...

דערפון אן אנדערש מאל.

דאס צווייטע מאל האב איך געלייזט, ווען איך בין שוין א „יינגל", נישט קיין „קינד" געווען — א „בחור" (א יאר 14 אוודאי!). אבער שוין דעמאלט א „חוקר" געווען, געלערנט „מורה נבוכים" (ווי איך קום דער־צו, וועט ווערן פארציילט) און בין ארומגעגאנגען אין עולמות העליונים, פארמרהשחורהט, מיט וועלט־טראגישע חלומות און געדאנקען! וואס פאר

א תכלית האָט דער מענטש? די וועלט־ ידיעה ובחירה... פון וואַנען נע־מען זיך און צו וואָס די יסורים, דער צער? — דערביי האָט געווים גע־שפּילט א גרויסע ראָלע דער יידישלעך־פריער איבערגאַנג צו די מענער־יאָרן. נאָר א געמיט האָב איך געהאַט א שוואַרצס, געזוכט היתבודדות און געקראַצט מיט נעגל אין דער נשמה...

איינמאָל פריטיק בין איך פאַרפאַלן געוואָרן אויף א גאַנצן טאָג. איך געדענק שוין נישט, ווו איך בין געווען. געקומען אין בית־המדרש אריין צו קבלת־שבת, בין איך גלייך פון שפּאַציר, אין דער וואָכעדיקער קאַפּאָטע, אין וואָכעדיקן היטל און נישט געפּוצטע שטיוול, אָנגעקלעפּטע מיט ליים פון הינטער דער שטאָט. דעם טאַטנס פּנים האָט אויפגעפלאַמט. ער האָט זיך דאָך איינגעהאַלטן פאַרן עולם. נאָר ביים קידוש קאָן ער קיין אויג נישט אָפּרייסן פון מיין פאַרחושכטן פּנים און גיט פּלוצלינג א שטעל אוועק דעם כוס און דערלאַנגט מיר אין באַק מיט דער באַפּרייטער האַנט.

— שיינע שבתים מאַכט ער מיר! און ער גייט אַרוים אויף א ווייַלע.

די מאַמע ברומט:

— גלייך א קינד האָט נישט זיינע ווייטיקן...

אַז מיין ווייטיק איז געווען גאָר נישט קינדיש, איז איר נישט איינ־געפאַלן...

אינגאַנצן צוויי מאָל געשלאָגן.

א פרעמדן ארויפליגן אויף מיר א האַנט וואָלט ער געווים נישט געלאָזט. פון דעם ווייסט ר' בערישל און די רביצן, וואָס זיצט שטענדיק ביים אויוון, טוט עפּעס, פאַרקוקט אין די תלמידים און באַרהערט אינעם לערנען.

איבער דער רביצן, אויפן גזימס פון אויוון, ליגט שטענדיק אוים־געצויגן די קאַץ, א גרויסע, א פוילע...

טרעפט זיך אָבער, אַז די רביצן דרימלט איין ביים שטריקן א זאָק, אפשר איינגעוויגט פון גמרא־ניגון, און פאַרלירט די קנויל. גיט שוין די קאַץ, וואָס האָט דערויף געלאָקערט, א שפּרונג אַראָפּ פון גזימס צו דער קנויל און הייבט זיך אָן מיט דער קנויל צו שפּילן, ווי מיט א מויז, און פאַריאָגט זי ביז אונטערן בעט...

מיר פּלאַצן אוים מיט געלעכטער... די רביצן כאַפּט זיך אויף. דער רבי ווערט בייז...

פאַר אַזא געלעכטער (איך פלעג לאַכן צום שטאַרקסטן) האָט ער

מיך שוין איינמאָל געוואָלט ערנסט שלאָגן. איז אָבער פּונקט אריינגעקו־מען דער טאַטע... די סצענע בייט זיך מיטאמאָל.

— אָ, ר' יודל, וואָס מאַכט איר, ר' יודל? זעצט אייך, ר' יודל...

די רביצן פרעגט: וואָס ריבעלע מאַכט. און דער טאַטע ווענדט זיך גלייך צו מיר און פרעגט:

— וואָס שוויצסטו אזוי, לייבעלע?

— וואָס הייסט? — פאַרכאַפּט דער רבי, אוים מורא, איך זאָל נישט פאַרציילן: — ווי הייסט, די תורה־הקדושה, ברוך־השם, ווארעמט... און אַ זומער־טאָג...

באַקומט דער טאַטע אַ ליבעראַלן איינפאַל און זאָגט צום רבין:

— ווייסט איר וואָס, ר' בערישל, לאָזט יעדן טאָג ארוים די קינדער פאַר דער טיר אויף אַ שעה!

גלייך אַ דונער וואָלט אין בערישלען אריינגעשלאָגן...

גלאָצט ער אוים אַ פּאָר אויגן און הייבט אָן שטאַמלען:

— וואָס רעדט איר? ווי הייסט? זיי זאָלן זיך שפּילן אין ליים?

מען האָט געזאָלט ארויפציען אַ נייעם שטאָק, האָט מען אָפּגעלייגט ליים פאַרן הויז.

—פאַרוואָס נישט? — ענטפערט דער טאַטע צוריק.

גיט זיך ר' בערישל האַלב אונטער:

— מילא, בנוגע צו אייער לייבושלען... אז איר ווילט...

—איך אויך! איך אויך! — רופט זיך אָן מיין גליד־שוועסטערקינד, יחזקאל...

— פאַר ר' מרדכין בין א י ך אייך ערוב! — רופט זיך אָן דער טאַטע. יחזקאלס פאָטער האָט געהייסן מרדכי.

כך־הווה. מיר צוויי באַקומען רשות און גייען טאָג־טעגלעך ארוים אויף אַ שעה פאַר דער טיר, צום בארג, צום ליים, זיך געשפּילט, געגראָבן (ערגעץ אַ לאָפּעטע באַקומען), טאָלן, גריבער געמאַכט, אַ פעסטונג געבויט.

און די ארבעט איז אונדז שפּעטער צונוץ געקומען אַ מיצווה צו טון. אין אַ קורצער צייט ארום האָט מען איינגעלייגט די זאַמאָשטשער פעסטונג. די מויערן האָט מען צעשאָסן און געדונגען ארבעטער, אראָפּ־צושיטן די וואַלן אין די פאָסן אריין. געצאָלט האָט מען פון קלאָפּטער. האָבן זיך אויך עטלעכע יידן צו דער ארבעט געשטעלט. אַלטע, צעבראָכענע יידן, וואָס האָבן שוין צו עפּעס אנדערש נישט געטויגט. נאָענט צום חדר

איז עס געווען, פלעגן מיר אויף דער שעה לויפן אויפן וואל ארויף און ארבעטן פאר די אלטע לייט.

וואס איך האב געלערנט ביי דעם ר׳ בערישלען, געדענק איך נישט...

נאך צוויי זמנים בין איך מיט מיין גליד־שוועסטערקינד יחזקאל אי־בערגעגאנגען צו מיכל מלמד. ער האט אויך נישט געשלאגן.

א מאדנער ייד געווען דער „געלער מיכל" — א בלאנדע בארד גע־האט. א מלמד געווען און דערביי שמש אין בית־המדרש. געווען איז ער א גרויסער בעל־חשבון און געקאנט „מדידה". לערנען, אויסער מיט אונדז אין חדר, האט אים קיינער נישט געזען.

אין בית־המדרש פלעגט ער קיינמאל נישט רעדן, און געפרעגט, נישט ענטפערן וועגן לערנען. אויסער אז עס איז געגאנגען וועגן א גמרא מיט חשבון אדער א מישנה מיט מדידה. אן אנדער מענטש געווארן. גע־רעדט, און מיט ליבשאפט צום ענין. אזוי לערנען איז ביי אים קיין עיסק נישט געווען. אויף א „גראב" יינגל פלעגט ער קוקן מיט גרויס רחמנות: „פארשטאפט נעבעך". אויף א „וויל יינגל" — גלייכגילטיק. „וועסט זיין א למדן" — און אין טאן איז געלעגן: הכלל וואס? מאי כולי האי? אמאל האט ער נאך געזאגט נישט אן באהאלטענעם ביזיון: „וועסטו זיין א רב!" — דאווענען האט אים אויך קיינער קיינמאל נישט געזען. „א באהאלטע־נער קאצקער", — האט מען געזאגט; קאצקער פלעגן נישט האלטן פון דאווענען. געמוזט האט עס זיין בסוד, — א מיתנגדישע שטאט, א מית־נגדישער בית־המדרש. איך דערמאן מיך א מעשה. ביים שולחן־ערוך איז געשטאנען א קליין יידל, ר׳ עזריאלעכל האט ער געהייסן. א דעמאלטיקער שענקער געווען — א שם־דבר. אן אלט יידל, א קרענקלעכס, מיט א בלאז אוועקצויאגן. קומט אמאל אריין צו מעריב א פרעמדער ייד, א הויכער, א דיקער, א גבר, שטעלט זיך זאגן יתום־קדיש און כאפט זיך ארוים: ויצמח פורקניה... פלאמט דאס אלטע ר׳ עזריאלעכל אויף, גיט א שפרונג איבער טיש און באנק, א לויף־צו צום עמוד, צום פרעמדן גיבור צו, א הייב די נעגעלעך, א שפרונג אונטער און א דערלאנג דעם ייד אין באק...

באהאלט, זעט אויס, ר׳ מיכל זיין קאצקער חסידות, דרייט זיך בשעתן דאווענען ארום צווישן עולם אין טלית ותפילין, נאר ער זאל עס א ריר טון מיט די ליפן. די תלמידים רירט עס נישט אן, מיך אוודאי נישט. ביי דער רביצן בין איך א חשוב. איר שוועסטער דינט ביי אונדז! איך גע־דענק זיי ביידע און וואנדער מיך נאך, ווי ענלעך די שוועסטער זענען זיך געווען. איך, א צעווארפענער, פלעג זיך גאנץ אפט טועה זיין, זאגן אין

חדר דער רביצן: „חנה, דערלאַנג מיר אביסל וואַסער", און אין דערהיים דער דינסט: „זייט־זשע מוחל, רביצן"... און שיינהייטן, יידישע, צנועה־דיקע, זענען (אין מיינע יונגע אויגן, ווייניקסטנס) ביידע געווען: לענגלעך־בלאַסע, דין־הויטיק־דורכזיכטיקע פּנימלעך, לאַנגע ברעמען איבער גע־צויגענע, סאַמעטענע בליקן פון שמאָל־לענגלעכע מאַנדל־אויגן... און שוין. זיי פאַרשווינדן מיר ביידע פון זיכרון. ווו זיי זענען אהינגעקומען, ווייס איך נישט. איך ווייס שוין אויך נישט, וואָס איך האָב ביי דעם מיכלען געלערנט. געווים נישט מער, ווי אביסל נאָכטראַכטנדיק שווייגן, געווים זיך אָנגענומען מיט אביסל שטילן, גוטהאַרציקן אומעט, וועלכע איך דער־סען אין מאַנכע פון מיינע זאַכן. אפשר האָט ער מיר מיט די שטילע אויגן איבערגעגעבן אביסל חסידות?

איך און מיין גליד־שוועסטערקינד שטייגן ווייטער און קומען אָן צו ר' יודלען — צו אַ העכערן גמרא־מלמד. ביי אים זאָגט מען שוין אַ „לייע־נען" אויך.

צוויי זאַכן האָט ער ליב געהאַט, דער ר' יודל:

שמייסן איבער די פינגער מיט ריטלעך און — פּיראָגעס, וואָס די רביצן פלעגט אים מאַכן אין אַ יומא־דפּגרא — און אָוועקגיין... זי קען נישטליידן, „ווי דער בעל־תאווה פרעסט, ווי דאָס שמאַלץ רינט איבערן פּיסק"...

די רביצן מישט זיך נישט צום לערנען און איז אויך נישט קיין איינ־גייערן ביי מיין מאַמען, זי זאָל סטראַשען, זי וועט פאַרציילן. דער טאַטע איז שוין סוחר, זעלטן אינדערהיים, און ר' יודל לאָזט זיך ווילגיין. און איך גיי אַרום מיט געשוואָלענע פינגער גלייך מיט אַלע, און פיר מיט אים מילחמות גלייך מיט אַלע. דעם צווייטן זמן, אַז מען איז אַריבער פון בבא־קמא צו יבמות, וואָס איז אונדז נאָך שווערער געווען, איז אויך די מיל־חמה שאַרפער געוואָרן. און באַקומען האָט מען גאַנץ אָפט בחינם. ר' יודל איז אַ בלינדלעכער געווען, קיינמאָל נישט געזען און געוווסט, ווער איז שולדיק, — האָט ער, פאַר וואָס עס איז, אַלע איבער די פינגער גע־שמיסן. די ריטלעך האָט ער מיט גרויס פאַרזיכטיקער ליבשאַפט אויסגע־קליבן פון נייעם בעזעם, וואָס די רביצן פלעגט ברענגען פון צייט צו צייט. דאַכט זיך מיר, זי האָט גאָר געהאַנדלט מיט בעזעמער. שטענדיק געווען, נאָר אויף זיכער געדענק איך נישט. אויסקלייבן פלעגט ער די ווייכסטע, די דינסטע און געשמיסן האָט ער בניחותא, פּאַמעלעך, נאָר לאַנג.

מיר האָבן אים אויך נישט געקאַרגט.

נעהאט האט ער א לאנגע ווייסע באָרד, האָבן מיר זיך איינמאָל גע־ נומען זי צוצוקלעפּן צום טיש. אָוונט געווען, נאָך די פּיראָגעס. איז ער איינגעדרימלט געוואָרן. חתימה און טריוואקס גייט, דאָס ליכט אויפן טיש ברענט, מען ריט זיך צו. האָט ביי עמעצן, זעט אויס, פאר שרעק א ציטער געטון די האנט. א צופּ געטון א האָר פון באָרד. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געכאַפּט זיך צו די ריטלעך. דערפאר אָבער האָבן מיר דעם צווייטן יומא־דפגרא געכאַפּט דער רביצנס קוואָקעדיקע הון און געזעצט אויף דער שיסל פּיראָגעס אונטערן קישן. ער קומט, נעמט די שיסל, שטעלט זי פאר זיך, קוקט מיט די בלינדע אויגן און צעשמייכלט זיך פאר נחת:

— איי, איי, אזויפיל געריישטע ציבעלעס! און האָט אריינ־ געביסן... — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאָל האָבן מיר אים אויף א גליטש פארנארט. הינטערן בית־ המדרש איז געווען א גליטש. האָבן מיר זי צווישן מינחה ומעריב פאר־ שיט מיט שניי און געשיקט א חבר אין בית־המדרש אריין, ער זאָל די רעשט פארן רבין פארמסרן, אז מען גליטשט זיך... גייט ער אראָפּ, קומט אויף דער גליטש, קערט זיך איבער: א שווערער מענטש געווען, הייבט ער זיך און פאלט, הייבט זיך און פאלט. מיר לאָבן... ווילן אנטלויפן. שרייט ער נאָך: רחמים! שווערט, ער וועט אונדז נישט שלאָגן, גאָרנישט טון...

האָבן מיר אים אויפגעהויבן, און ער האָט וואָרט געהאלטן. פאר דאָס צום דריטן זמן אן אנדער קנעלונג זיך געשאפט. מיר (איך און מיין שוועסטערקינד) זענען מיר אריבער צו גאָר א בייזן מלמד.

דער האָט שוין געקניפּן. א מוהל געווען, א נאָגל געהאט! און מיר האָבן נישט געשוויגן. א ספּאָדיקל האָט ער געטראָגן, האָבן מיר אים אין ראנד אריינגעשיט שניי. זיצט ער ביים טיש, הייבט אים אָן רינען איבערן פּנים. טיי האָט ער ליב געהאט. די רביצן שטעלט אים יעדן טאָג א בלע־ כערנעם סאמאָווארל אויף אָן א טשייניק, שיט אין סאמאָווארל אריין עט־ לעכע קערנדלעך טיי. ער ברומט: צו וויניק; זי הערט נישט. און די טיי איז ווירקלעך וואסערדיק. האָבן מיר איינמאָל געברענגט א שמירעכטס פון א ראָד און צוגעשיט... דאָס כאמאָווארל קאָכט אויף און ער גיסט זיך אָן א גלאָז: שווארץ ווי טינט. א מחיה. ער וואַרפט דער רביצן א דאנק־ בארן בליק און זעצט זיך און שטעלט דאָס גלאָז פאר זיך אויפן טיש. ער וויל זיך שוין צורירן מיט די ליפּן, קריגט מען מורא, ער זאָל זיך, חס־

ושלום, נישט סמען. גיט עמעץ מיט א פוס א זעץ אין טיש אריין פון אונטן, דאָס גלאָז קערט זיך אום דעם רבין אין שוים אריין, די טיי איז געוועזן קאָכעדיק — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער גרעסטער להכעיס איז אָבער געווען אַן אַנדערער: געלערנט האָט מען איזהו נשך, און ער האָט געפּייניקט מיט קשיות און פאַרלאַנגט מיטן מוהל־נאָגל תירוצים... קיין גרויסער למדן איז ער נישט געווען. מיר האָבן געוווּסט, אַז עס איז נישט זיינע קשיות, נישט זיינע תירוצים. פלעגט מען זיך אַמאָל אַ שבת אריינכאַפּן אין בית־המדרש אריין, דורכקוקן אויף אויפדערוואָך די סוגיא מיט תוספות, מהרש״א און אַנדערע מפרשים און זונטיק פרי האָגלען אויף אים מיט קשיות. אַ קיילעכדיק, פעט יידל געווען, — ער שווייגט, דרייט זיך ווי אַ וואָרעם, די קיילעכדיקע אויגן וואַרפן זיך אין שרעק, און מיר פּלאַצן דערנאָך אַרוים מיט אַ געלעכטער... נעמט ער און קנייפּט...

פרייטיק פלעגט ער אַלע איבערשמייסן, מכלומרשט אויף קאַטאָוועס: אַן אַלטער מינהג, מען זאָל געדענקען שבת. עס פלעגט אָבער אָפּט ווי טון...

און דאָך האָבן מיר אים טיילמאָל ליב, זייער ליב געהאַט...

אין אַ יומא־דפּגרא פלעגן די יינגלעך ברענגען קליינגעלט (צווייערס, דרייערס, העכסטנס צענערלעך). דערפון פלעגט מען מאַכן אַ סעודה. די סעודה איז באַשטאַנען פון דער רביצנס סחורה: הערינג, קיכלעך און הייסע באָבעס... זעצן צו דער סעודה פלעגט זיך צו אונדז אויך דעם רבינס איינציקע טאָכטער.. אַ בלאַס טרויעריק מיידל מיט לענגלעך פאַרנעפּלטע אויגן... און דער רבי פלעגט זי גלעטן איבערן געלבלעך־גאָלדיקן קעפּל און איר און אונדז מעשות פאַרציילן פון עין־יעקב, פון מדרשים... אַן אַנדער מענטש געוואָרן. אַזוי ווייך, אַזוי האַרציק, און דאָס קול איז אָנגעזאַפּט מיט אַזאַ טייערער גוטסקייט, אַז די בייזע רביצן, ביים באַזונדערן טישל, האָט זיך די אויגן געווישט...

אוי, האָבן מיר אים דעמאָלט ליב געהאַט...

דערנאָך האָב איך געליטן גלות: געלערנט ביי אַ מלמד אין דער פרעמד, אין שעברשין, דריי מייל פון דער היים, דערנאָך אינדערהיים ביי אַ דיין געלערנט; פון דעם אין צווייטן פּרק. —

---

# נאָך נעפּלדיקע יאָרן

תוהו־ובוהו. באַקאַנטשאַפט מיט הינט. די ערשטע ליבע.
שיר-נישט אין ברונעם אַריין. מען פאַרשיקט מיך.

ווייטער נעפּלדיקע יאָרן, אַ קינדעריש תוהו־ובוהו . . . אַמאָל אַ שטיקל וואַקס, פון אַלערליי הענט געקנאָטן; שטענדיק מיט צייכן פון פרעמדע פינגער אויף דער נשמה. און אַמאָל וועקט זיך, אויף אַ צייט, אויב נישט צייכן פון ווילן, — קאַפּריזן, — און פאַרלאַנגען. און איך וואַרף אַרויס, ווי מען זאָגט, ווילדע שטיק... דאָס אינערלעכע לעבן איז זייער שוואַך. איך בין אַ שוואַס און זאַפּ איין. דאָס איינגעזאַפּטע פאַלט ערגעץ אַריין אין מיר, איך ווייס נישט דערפון, גלייך איך וואָלט דערביי נישט געווען... דאָס אויג זעט, נאָר איך קוק נישט; דאָס אויער פאַרנעמט, איך הער מיך נישט צו. און ראַש מישט זיך אַלץ, און איינס לאַגערט אויפן צווייטן... ווערט עפּעס אינערלעך געבויט, קומען אָן נייע קינדערישע מאָמענטן מיטן ווינט, און פאַרשיטן יענע — בויען זיך הייזלעך אויף הייזלעך... דאָ און דאָרט שטאַרט עפּעס אַרויס. אַ שפּיץ דאַך, אַ וועטער־פענדל, אַ שטיק קוימען...

---

אַ „קאַלטע" מומען האָב איך געהאַט, מיין חבר יחזקאלס מוטער. אַ הויכע, אַ מאָגערע ידענע, אַ בלאַסע, אַ קרענקלעכע. פון איר האָט ד"ר עטינגער זיין סערקעלע געמאַכט. שרייט שטענדיק „אוי, מיינע כוחות!" טרינקט אַלץ אין איינעם מאַנדל־מילך פאַרן האַלדז און באַקט באַשטענ־דיק קעז־קוכן (דאָס איינציקע פון זיסקייטן, וואָס איך האָב ליב) און עסט... און באַהאַלט אים אויף אַ הויכער שאַנק, די קינדער זאָלן זיך, חלילה, די מעגעלעך נישט פאַרדאַרבן. און איך, אויס ליבשאַפט צום קעז־קוכן, איר להכעיס, און גלאַט, אַ קונץ צו באַווייזן — שפּרינג אונטער, כאַפּ מיך אָן אין גזימס פון שאַנק, שלעפּ שטיקער און פאַרדאַרב מיר ווירקלעך דעם מאָגן. און עס קומט דער אַלטער בייזער דאָקטאָר סקשינסקי, וואָס וועט מיך שפּעטער באַפרייען פון מיליטער, און פאַרשרייבט מיר עפּעס ביטערס

און געזאַלצנס אין אַ פלעשעלע, אַ ווייסע פליסיקייט. און איך, אַז מען וועט זיך נאָר אָפּ פון מיר, גיס איך אויס די מיקסטור, גיס אַריין אַביסל מילך מיט וואַסער און נעם איין אַלע שעה איין עס־לעפעלע, און בעט מיר יעדעס מאָל אויס אַן אַנדערע מתנה און פאַרקרים מיך דערביי, גלייך איך שלינג גאָט ווייס וואָס... קוים ווער איך געזונט, — סקשינסקי וווינט צו אונדז ווי־זאָ־ווי, אַ פענצטער קעגן אַ פענצטער, — וואַרט איך אים אָפּ ביים פענצטער, און ווי ער באַווייזט זיך, שטרעק איך אים אַרויס די צונג. כאַפּט ער אַ שטעקן און לויפט צו אונדז אַרויף, מיך מקיים־פסק זיין, און איך שטוב בין איך אַליין... אָט לויפט ער שוין אויף די טרעפּ... רייס איך אויף אַ גרויסע רויטע שאַפע אין שטוב, שפּרינג אַריין און טרעף מיט איין פוס אין אַ טאָפּ אייער אַריין...

פאַראַן ביי אונדז אַ שטיקל גרין־באַוואַקסענע חורבה, מין־הסתם אין אַ פּראָצעס געשטאַנען. שפּיל איך מיך דאָרט גאַנץ אָפט פאַרנאַכט מיט קליינע מיידלעך אין חתן־כלה. דער חתן בין איך. איך מיט די פייער־דיקע אויגן. די כלה — מיינס אַ קוזינע, אַ מיידל מיט לאַנגע צעפּ. און אַז דאָס שפּיל פאַרלאַנגט, חתן־כלה זאָלן זיך קריגן, וואַרפן זיך מיט די מתנות, כאַפּ איך אַ שטיינדל, וואַרף, טרעף איר אונטערן אויג, און זי בלייבט ביי׳ן אַ צייכן ביז צו דער אמתער חופּה... און דערביי בין איך גענעראַל און האָב אונטער מיר אַ גאַנצע מחנה חדר־ייִנגלעך... באַנקאָ־צעטל האָבן דעמאָלט פאַרפעלט, קליין געלט — ווייניק, דערלויבט די רע־גירונג, סוחרים זאָלן לאָזן אין קורס „קוויטלעך״ אויפן אָרט פון קליינ־געלט, — מאַכט דער טאַטע קוויטלעך, און איך — „שניעף״. און גיב אים אויף הילצערנע שווערטן מיט פּאַפּירענע שיידן, אויף געפלאָכטענע שטריקלעך צו די לענדן פון מיינע גיבורים, און גרייט מיך צו׳ן אַ מלחמה מיט די „לעשניטיקים״, ווי מען פלעגט רופן די „יונגען״ פון דער נייַ־שטאָט, צוויי וויאָרסט הינטער זאַמאָשטש. דאָס „טרעפונג״ וועט זיין אין מיט וועג, הינטערן בשותפותדיקן בית־עלמין... און האָב דערביי נחת פון אַ צעפּלאָסן שטיק ר״ן, עגמת־נפש פון פרי־מגדימס איבערשטרעכלעך, טראַכט אויס פּשטלעך און זאָג פאַר די יונגעלייט — קעסט־קינדער, וואָס שלענדערן זיך אַרום אין בית־המדרש... און עס אינדערפרי קיין אָנבייסן גישט, איך טרינק נאָר די קאַווע, און טראָג אַוועק די בייגל מיט פּוטער פאַר אַן אָרעם ייִנגל, אַ יתום, וואָס וואַלגערט זיך אין בית־המדרש אַרום, אַבינגדורל מלמדס יתום... אַזוי האָט מיך געהייסן דער חובת־הלבבות. און דאַוון על־פּי נוסח פון „יד־החזקה״, און שטיי שמונה־עשרה, ווי דער

רמב"ם וויל, ווי אַ סאָלדאַט אין פראָנט, די הענט ביי די נעט... און ווייס שוין על־פּי הרלב"ג, אַז עס הייבט זיך נישט אָן: אליהו־הנביא איז גאָר־נישט געפלויגן אין הימל אריין...

און אַז על־פּי הרמב"ם זענען די ניסים עפּעס כמעט גאָר קיין ניסים נישט, קיין „שדוד המערכות". און ווייז חידושים אין בית־המדרש אין דאַמען־ און שאָך־שפּיל. דאָס ברעט — אויסגעצייכנט מיט קרייד אין דער הייך, אויף דער פּאָרלאָגע פאַרן אָרון־קודש (ריינער!), די שטיינדלעך און די פיגורן — געקנעטן פון ווייס און ראָזאָווע ברויט, און געטריקנט אָדער אויסגעשניטן פון קאַרטאָפליעס, די שוואַרצע — אין די שאָלן! און לויף אָפט דאַוועגען אין בעלדזער שטיבל אריין: עס ציט דאָס התלהבות — דער ברען, מיטן געשריי, מיטן קלאַפּן קאָפּ אָן וואַנט ביי שמונה־עשרה... און צוליב (ווי איך וואָלט היינט געזאָגט) דער שטילער שטימונג — צום גערער שטיבל, צו שלוש־סעודות... און טרעף שוין — פון איין זייט צום „מורה נבוכים", וואָס שטייט אויף דער העכסטער פּולקע (ווער ניצט אים?), און פון דער צווייטער זייט — צום „עץ־חיים"... איך וועל נאָך דערלאַנגען צום זוהר... און כאָפּ אַמאָל אַראָפּ אָן „אורים ותומים" און שאַרף מיר דעם שכל, ווי אָן אַ שלייפשטיין...

פּאַקטן פון קוים דריי „פּאַרנעפּלטע" קינדער־יאָרן... וואָס טו איך מיט זיי? אויף וואָס פאַר אַ שנירל צי איך אויף די שטיינדלעך, גלעזלעך און די פּאָר פּערל?

אָט בינדט זיך מיר צוזאַמען מיין — באַקאַנט ווערן מיט פּירפּיסי־קע! דאָס וועל איך קענען פאַרציילן, ווי מען דאַרף!

די שטאָט, וואָס איך האָב גרייט געטראָפן, און וואָס, אריינגע־דרענגט צווישן וואָלין, פאַרגרעסערט זיך נישט און ענדערט זיך נישט, וועל איך ערשט זען אין שעבערשין, דריי מייל פון דער היים, וווהין מען האָט מיך (ווי ווייטער וועט זיין) צו'ן אַ מלמד פאַרשיקט. אויף אַ גאַנצן זמן... מענטשן זע איך אויך עפּעס נישט. מהאי טעמה... אַ קליינע, רו־איקע שטאָט, פון וואַנדערן, עמיגרירן האָט מען נאָך קיין בייזן חלום נישט, זעלטן עמעץ „גייט אוועק, פון וואַנען מען קומט נישט צוריק", זעלטן ווערט עפּעס אין דער מישפּחה געבוירן... אַמאָל ערגעץ אויף אַ וואַכט־נאַכט געווען און פאַרן „רויטן קליינעם שלימויז", וואָס מען האָט געוויזן, כמעט זיך דערשראָקן... איך געדענק נאָך דעם „הילך", די קנאַלן, ווען מען האָט די פעסטונג צעשאָסן, דעם רבינס מיט דער רביצנס שרעק, די מויערן פון די הייזער וועלן זיך שפּאַלטן ... אויך געדענק איך די שרעק,

ווען עס האָט געברענט „אויפן זייגער" אין טורעם איבערן מאַגיסטראַט. מען האָט זיך געפּאַקט. אַ שניי און אַ שטורעם. דער טורעם דער ברענענדי־קער וואַקלט זיך, ער קען פאַלן און אַרויפפאַלן אויף די הייזער, רעכטס אָדער לינקס, צעשמעטערן די שטאָט, אַוועקגיין מיטן רויך... מען פּאַקט זיך אין דער היים, און איך לויף אין שיל אַריין, ראַטעווען די סיפרי־תורהס...

מ ע נ ט ש ן וועל איך ערשט זען נאָך שפּעטער, אין אָפּט, צויז־מיר, גרויס־בּוילן, וואַרשע... דערוויייל מאַך איך די נענטערע באַקאַנטשאַפט, ווי דערמאָנט, מיט בעלי־חיים אָן לשון...

---

מיט קעץ האָב איך מיך באַקענט נאָך אין חדר ביים רבין ר׳ בעי־רישל. ביי אונדז אינדערהיים איז אויך אַ געוויסע צייט אַ קאַץ געווען, האָט מען זי משלח געווען, איך זאָל מיך נישט שפּילן מיט אַ קאַץ... קי און אָקסן זע איך גאָר ווייניק. איך ווייס, פון וואַנען עס קומען: מילך, קעז, „פּאָדסמעטענע" (זויערמילך) און סמעטענע... פאַראַן אויך, מען ברענגט אַמאָל אויף אַ רפואה, ציגן־מילך... ז ע ן זע איך קיין אָקס און קיין קו — נישט. „בלעקען" און „מע" הער איך נאָר פון חברים, וואָס מאַכן עס נאָך אין אַ קינדער־שפּיל. אָקסן און קי פירט מען צו „אונדז" (מיין זיידע איז פּאַכטער געווען) אין שעכטהויז אַריין, נאָר איבערן שאַ־סיי, אַרום שטאָט. קיין „בכור", מיט וועלכן איך ווער באַקאַנט, פריער פון „לערנען", שפּעטער פון דער ליטעראַטור, — דרייט זיך אין זאַמאָשטש (אינעם „קליינעם פּאַריז", ווי די געגנט רופט עס) נ י ש ט אַרום...

מיט פערד — גוט באַקאַנט, אויך, פאַרשטייט זיך, געננג פונדער־ווייטנס... אין הויף פון „הייפל", אַ גרויס פירעקיק אַלט הויז, אויף פיר אַרומיקע גאַסן, אין עק שטאָט, ביי דער לעמבערגער בראָם, ווו מיין רבי האָט געוווינט, שטייען פּויערן אין מאַרק־טעג מיט די פורן... פון איינעם פון די וועגן האָט מען דאָך באַקומען, פון ראָד אַראָפּ, אַביסל שמירעכץ צום רבינס סאַמאָוואַרל. איך מאַך שמיטשקעס פון פערדס־האָר, נאָר איך אַליין רייס נישט. אַביסל פּחד, אַביסל צער־בעלי־חיים...

די אָפיצירן פון גאַרניזאָן האָבן פערד. דער גאַרניזאָן גייט אַוועק, קומען קאָזאַקן, טיילמאָל אולאַנען, הוזאַרן... אויפן פּלאַץ, ביים געזעגענען דאָס מיליטער, וואָס איז געגאַנגען פון אונדז צום טערקישן קריג, האָט אַרומגעטאַנצט אַ יונגער גענעראַל אויף אַ פערדל, אַ שיינס, אַ סאַמעטנס, מיט אַזאַ חן, און מיט אַזוינע פּליטערלעך באַהאָנגען... אַז מען קריגט אַ פירוש אויף „לסוסתי" אין שיר־השירים...

„פערד ווי לייבן" האָט ישראל זשדאַנאָווער, ביי וועלכן מען דינגט פערד, אויב מען דאַרף ערגעץ פאָרן אין אַ נייטיקער זאַך, נישט שלעפּן זיך מיט אַ פויערישער פור...

„זשדאַנאָוו", דריי ווערסט הינטער דער לעמבערגער בראָם, איז אַמאָל געווען אַ יידישע קאָלאָניע. די פּוילישע רעגירונג האָט געוואָלט צו־ציען יידן צו ערד־אַרבעט און צוגעזאָגט הנחות פאַר יידישע קאָלאָניסטן: יאָרן לאַנג פריי פון אָפּצאָלן און דער עיקר — פון מיליטער... פאַרלייגט די קאָלאָניע האָט ד"ר עטינגער. אליין מיט די קינדער אין פעלד געאַר־בעט... נישט מיינע צייטן. אין מיינע צייטן איז שוין ד"ר עטינגער לאַנג געווען אַ שוכן־עפר. זיין זון האָט שוין צערקוועס געבויט, פון טאָג צו טאָג רייכער געוואָרן. „און פאָרט — האָט מען אויס קינאה געזאָגט — פילט מען אים פון די הענט דאָס מיסט, וואָס ער פלעגט פירן..." און פון אַלע יידישע קאָלאָניסטן איז געבליבן איין ישראל, וואָס האָט געפירט נישט קיין שלעכטע ווירטשאַפט. געהאַלטן קי (דאָס ווייב צעטראָגט די מילך אין שטאָט, אויף שבועות — אויך פּוטער. און גאָמלקעס, און קאָנקורירט זייער שטאַרק מיטן מילכיקער פון שוטאַניעץ (אַן אַנדערע זייט הינטער דער שטאָט), וואָס האַלט אויך „פערד, ווי די לייבן"...

דער מאמר־המוסגר וועט צונוץ קומען. און איצט — די באַקאַנט־שאַפט, וואָס ווערט פון מיר געמאַכט מיט הינט...

פריער הער איך פון הינט...

אַן אַלטע דייטשקע איז „אוועקגעקומען", אַ פאַרזינדיקטע. געטראָגן איינענע האָר, און נאָך אַנדערע פלעקן געהאַט אויף דער נשמה, פון וועל־כע מען רוימט זיך אויפן אויער, און מען פאַרציילט, אַז איר נשמה איז אַריין אין אַ הונט, אין אַ שוואַרצן, „קודלאַטע" הונט (ער איז אַריין אין „מאָניש"), וואָס דרייט זיך נאַכט אויף נאַכט אַרום אויפן דאַך, איבערן הויז, ווו זי האָט געוווינט. דער בעלפער, וואָס מאַכט פּרייטיק ביי אונדז די פיש, האָט אים אַליין געזען... סליחות־צייט גיי איך מיטן טאַטן, אַ שטיק נאָך פאַר טאָג, צו סליחות, און זוך, נישט אײַנגאַנצן אָן שרעק, דעם הונט אויפן דאַך — קיין זכר; מן־הסתם שוין „תיקון" באַקומען...

חברים אין חדר און אין בית־המדרש רעדן פיל פון הינט, יונגע־לייטלעך — אויך. די הינט זענען אַ שטיין אין וועג... לאָזן קיין לעבע־דיקן מענטש פון שטאָט נישט אַרויס...

הינטער דער לעמבערגער בראָם, נאָכן בית־עלמין, נאָך דער ניי־שטאָט, אַ צוויי ווי־אָרסט ווייטער, איז פאַראַן אַ דאָרף יאַטוטאָוו. האָט יאַ־

טוטאוו א שענק מיט אלטן מעט, באַרימט אין דער סביבה. פריצים קומען אהין טרינקען. א יונגנמאן אויף קעסט ווילט זיך אהין... פארצייטנס, פארציילט מען, פלעגן באלעבאטים, יעדן זומערדיקן פרייטיק, נאכן מרחץ און אדער־לאזן, גיין קיין יאטוטאוו, אונטערלעגען זיך, פאר קבלת־שבת, מיט א גלעזל מעט... נישט היינטיקע צייטן... היינט קען מען שוין נישט. עפעס בייזע הינט איינגעפירט. א קעסט־קינד האט זיך געוועט, ער וועט זיך אראפכאפן... „האסט א פסוק?" לאכט מען. ניין... ער האט א „ספא־סאב". הינט, האט ער בקבלה פון אן אלטן פויער, פגרן פאר ווייך ברויט, אויסגעשמירט מיט שוויים פון א מענטש. וועט ער נעמען א שטיק ווייך ברויט, אויסגעקנעטן אין די הענט, ביז ער וועט עס דורכנעמען מיט שוויים, און ווארפן... מען געוועט זיך (אזוי פארציילט מען). ער גייט, קומט, מחילה, צוריק אן הויזן און אן א שטיק „ווייך פלייש" פון א פוס. די זאך קומט, ווי א בוימל אויפן וואסער ארויף; מען גט אפ דעם בחור...

שטאניעץ, הינטער דער לובלינער בראם, נאכן שוחטס הויז, האט, ווי איך האב שוין דערמאנט, א מילכיקער. האט ער א שטיקל „מילכיקע אכסניא". פארקויפט ער זומער־צייט ערדענע שיסעלעך סמעטענע. פאר א דרייער א שיסעלע. קאלט, א מחיה, פון קעלער ארויס, און גאמלקעס מיט „קמינעק" (קימל) — אויך בייזע הינט אין דארף!... מען קען אפילו זיך אפשטעלן ביים שאסיי... א געשריי טון: יאסל! קומט ער ארויס און פירט, דורך די כלבים, מיט א בייטש... קען אבער אמאל יאסל נישט זיין אין דער היים, דערהערן ווען די הינט! און אליין דאס בילן איז ווייניק?

מען קען אפילו אין שוחטס הויז אריין, ווו די שוחטים בראטן און זענען מכבד מיט אייטער, נישט קומען; אזוינע כלבים מיט בלוטיקע פאר־גאסענע אויגאנעס. מיט די קצבים לעבן זיי גוט, די חיות־רעות. לעקן ביי זיי פון די הענט און פון כאלעוועס אראפ דאס בלוט, מיט וועלכע זיי באשפריצן זיך, — די שוחטים זענען שוין אמאל אין א סכנה. גייען לאנגע קאפאטעס, נישט שפענצער מיט שטריק, ווי די קצבים, — און הינט האבן דאס נישט ליב... מען איז זיכער, אז יידן, ארויסגייענדיק פון מיצריים, האבן אויך געטראגן קאפאטעס, און מען האלט דעם „לא־יחרץ" פארן גרעסטן צווישן אלע ניסים...

הינטערן פלאץ, ווו די אפיצירן וווינען, זענען פאראן גרינע טאלן; שענער, ווי די לאנקעס ביים טייך הינטער דער שטאט. און בלומען וואקסן, א מחיה צו שפאצירן. דאצו ליגן דארט פון פעסטונג געבליבענע קוילן און גראנאטן, אין דרייעקיקע קופעס (הויפן), כמעט א שרעק! און היינט

מעג מען שוין קוקן, ווייזן מיט א פינגער, אפילו אנרירן מיט א האנט (נישט „טשעקאווע?"). דאס פעסטונג איז דאך שוין אוים פעסטונג, די מויערן צעשאסן, דריי פערטל וואלן אפגעשיט, — איז אבער דער דורכ־גאנג דורכן פאלקאווניקס הויז, און אין פעדער־הויז שטייט א הונט, א גרויסער, א שווארצער, א קודלאטער (פון אים האט מען, זעט אוים, אפ־געמאלט דעם גילגול פון דער דייטשקע!) — גרויס ווי אן — אקס! אפילו אויף א קייט, אבער, אז ער רייסט איבער די קייט? וואס איז ביי אזא הונט אפרייסן זיך פון א קייט? ביפרט, אז ער וועט דערזען א קאפאטע? אהין גייט נאר מיין רייכער קרוב (א קאלטער פעטער) י. מ., וואס האט א הויז אין שטאט, א פאלווארק הינטערן שטאט, א הויז אין ווארשע, ווו ער פאר־ברענגט חדשים, און איז א פאדריאדטשיק, און קומט אין קלוב אריין, און בעט אפט דעם פאלקאווניק, מיט וועלכן ער האט עסקים, צו זיך, און גייט אפט צו אים אויף א פרעפעראנס... ער איז געווויינט צו הינט, האט א י י ג ע נ ע אין פאלווארק, ווייסט, ווי זיך נוהג צו זיין, און דער עיקר — טראגט זיך שוין האלב דייטש...

און אפילו קליינע, מיוחסדיקע הינטלעך האבן פיינט יידישע קינ־דער... עס שטערט דעריבער דאס באדן זיך זומער, ביים טייכל. ארום זענען לאנקעס פון פעסטונג, פון געוועזענעם; נעמט אראפ דאס היי דער געווע־זענער, ווי עס זעט אוים — דער פארגעסענער „סמאטריטעל". וויל ער נישט, יידישע קינדער זאלן גיין זיך באדן, ווייל זיי האלטן זיך נישט אינעם שטעגל, וואס פירט צום טייכל, און לויפן, און יאגן זיך איבערן גראז און היי. און דער שמאלער גאנג פון שטאט ארוים, — אויב מען וויל נישט מאכן א גרויס אומוועג, דורך דער שעברשינער בראם, איבערן שאסיי און דערנאך לינקס איבער די גריבער! — איז פונקט צווישן א פארגעסענעם וואל און די פענצטער, ווו דער סמאטריטעל וווינט... וואלט אייגנטלעך דער סמאטריטעל נישט געווען אזוי געפערלעך. ער שפילט גאנצע נעכט אין קלוב אין קארטן („אן אייגנס זאל מען האבן, וואס י. מ., אונדזער גביר, פארשפילט צו אים נאכט אויף נאכט; ער דארף אים האבן!") און בייטאג האט ער ליב דעם ביטערן טראפן — טרינקט ער און, שלאפט... ער וואלט נישט געהערט, כאטש זומער שלאפט ער ביים אפענעם פענצטער („וואס א גוי קען!") און מען שלייכט זיך פארביי שטיל: פארן הויז נעמט מען די שטיוול און שיך אראפ, מען גייט אויף די שפיץ נעגל, מען האלט דעם אטעם איין... מען הערט, ווי דאס אייגענע הארץ קלאפט, און דער סמאטריטעל שנארכט...

וואָלט גוט געווען? האָט ער אָבער אַ ווייב! און זי שפּילט נישט אין קאָרטן און טרינקט ממש גאָרנישט... זי איז אַ „שם־דבר", דעם סמאָט־ריטעלס פּלוניתטע. און אַזוי מאָלט מען זי: „אַ הויכע ווי אַ דראָנג, אַ דאַ־רע, ווי אַ שטעקן, אַ פּלאַכע, ווי אַ ברעט, אַ פּנים (נאָך פּאָקן!) ווי אַ ריב־אייזן, מיט אַ בעזעם־קווייטן איבערן שפּיציקן קאָפּ" — מען האָט דער־פון אַ לידל געמאַכט, געווים האָב איך מיטגעהאָלפן...

וואָלט זי אָבער אויך נישט געפערלעך געווען. ערשטנס — אַ מזג־טוב פון אַ גויע. קינדער, אַפילו יידישע, אין קאָפּאָטקעלעך, האָט זי ליב אהבת־נפש; מען וואָלט זיך לאָזן, וואָלט זי אין גאַס געכאַפּט און געקושט, קען זיין, ווייל זי אַליין האָט נישט און האָט נישט געהאַט קיין קינדער... און דריטנס, אויב זי לויפט נישט אַרום איינקויפן אין מאַרק, אין די גע־וועלבער, וואָס פאַרנעמט איר דריי פערטל טאָג, זיצט זי איינע אַליין אין שטוב און לייגט זיך קאָרטן. און אינמיטן אַ פּאַסיאַנס, מעג זיך די וועלט איבערקערן, רירט זי זיך נישט פון אָרט... עטלעכע יאָר שפּעטער האָט זי אַמאָל דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ פון מאַנס שטוב, אַ זעץ, ווי עמעץ פאַלט אַראָפּ פון בעט, — אַריינגעקומען איז זי, אַ שפּאָר ביסל צו שפּעט! גע־ענדיקט פריער דעם פּאַסיאַנס און — אַ ק אַ ל ט ן מאַן געפונען...

וואָלט זי, הייסט עס, קיין שטערונג נישט געווען! האָט זי אָבער — אַ הינטל! און אַ הינטל אַ „יקר־המציאות", אַ מיוחסדיקס... שפּעטער, אַז זי איז אַן אַלמנה געוואָרן, און אונדזער פעלדשער האָט געכאַפּט דאָס גרוי־סע געווינס, האָט ער ביי איר דאָס הינטל אָפּגעקויפט פאַר אַ מטמון. מען זאָגט פאַר שש מאות זהובים! און — ער האָט זיך געקויפט אין שטאָט אַ הויז, וואו ער האָט געעפנט אַ מאַגאַזין פון ביכער „אויף אַלע לשונות", צו בילדן די שטאָט, און אַ קליין הייזל הינטער דער שטאָט... דאָס הויז אין שטאָט מיטן מאַגאַזין האָט ער איבערגעגעבן די זין און ער אַליין (שוין אַן אַלמן) האָט זיך אַרויסגעצויגן מיטן הינטל אין הייזל אַריין הינטער דער שטאָט, אויף היתבודדות און חשבון־הנפש. און איך האָב דעמאָלט קוים אָפּגעהאַלטן מיינע חברים, זיי זאָלן זיך נישט נוקם זיין אינעם „יידיש־געוואָרענעם הינטל" פאַר זיינע חטאים, ווען עס איז אַ גוייש הינטל געווען...

דערווייל אָבער איז נאָך דאָס הינטל ביים סמאָטריטעלס ווייב, און איך דאַרף עס דאָ פאַרציילן זיין גרויסע זינד!

איזן איז עס אַ הינטל, ווי דערמאָנט, אַן איידלס, אַ סאַמעטנס, אַ שוואַרץ גלאַנציקס, מיט אַ ווייסן פלעק צווישן די אייגעלעך, וואָס זעען דע־ריבער אויס, ווי געבלענדט. און פּיסלעך האָט עס דינינקע, אונטן — די־

פיסבלעטלעך — איבערגעבויגענע, עס זעט אויס, אז עס גייט אויף די קניען... און אין גאנצן א ציטעריקס, מיט א ציטעריק ביי־קולעכל. און אז עס ווערט מיד זיצנדיק ביי דעם סמאַטריטעלס פלוניתטע אויף דער שויס, ביים פאסיאנס, און עס כאפט זיך אביסל לופט צו שעפן, א ווייל ארויס פאר דער טיר, און דערזעט אונדז, אונדז יידישע קינדערלעך, הייבט עס אויף דאס ציטעריק בייקולעכל און וועקט אויף דעם סמאַטריטעל, וואס ווייסט שוין, וואס עס באטייט. און שיקט אונדז נאָך זיינע לייט, אונדזער אַנטון צו פארנעמען... איז א חרפה, און א הארצוויייטיק — די ציצית ביי די גויים אין די הענט! מוז מען זיך אָפּקויפן אָדער אזוי לאנג שרייען און וויינען, ביז די לייט קריגן רחמנות, אָדער עמעץ קומט אָן און לייזט אויס.

מאַטע־מאַמע זאָגן: „א לעבונג אויפן סמאַטריטעלס קאָפּ! עס וואָלט דען איינגעזעסן אין חדר נאָך ספירה!"

פון הינט פארציילט אויך מיין קראנק ברודערלס ניאניע. א קרענק־לעך ברודערל געווען, נאָך מיר דאָס דריטע... עס דאַרף השגחה. דער טאַטע פאָרט ארויס צו פריצים וועגן מיסחר, די מאַמע — אין געוועלב, דאָס שוועסטערל — צו קליין, שפּילט זיך נאָך אין צייכן, אָדער פארן געוועלב אין זאַמד. צום ברודערל נעמט מען צו א גויע פון דאָרף.

איז עס א קליינע, אַלטע גויע, שיטערלעכע ווייסע האָר, אַן אויס־געדאַרט פּנים; קליינע, נאָר שטילע אייגעלעך, און פייכטע, האלב־פאר־שיכורטע; זי טרינקט, און טרינקענדיק ווערט זי נאָך בעסער, נאָך גע־טרייער. האָט א מאַן אין דאָרף, צו וועלכן זי בענקט, כאַפּט זיך ארויס פון צייט צו צייט, און קומט צוריק — צעשלאָגן, צעביילט, אָפּגעצויגן, האלב־נאַקעט... און ווערט צום הויז נאָך צוגעבונדענער, נאָך געטרייער... שלעפּט זי מיין קראַנק ברודערל איין מיט געזאַנג און מיט מעשות... פארשטיי איך ווייניק פּויליש, נאָר איך שטויס מיך, טרעף, וואָס מען מיינט. כאַפּ איך מיך אַמאָל, פאַרנאַכט, אין שטוב אריין, לייג מיך אויפן בעט, מכלומרשט — קאַפּווייטיק, און הער מיך איין, ביז די מאַמע קומט אָן און גיט „וויע־טשערע" — אַן אישה, אָבער עס ציט!

זינגט זי אים „קאָלענדעס", געצויגענע, לאַנג־געצויגענע, און איך וואַרט אָפּ מיט א שטילן הארץ־קלאַפּעניש אויפן רעפריין:

— העי, קאָלענדאָ, קאָ—לענדאָ!

און האָב דערביי א שרעקלעך רחמנות אויף דער אָרעמער, פאַרלאָז־טער, געשטופּלטער גויע. איך ווייס, אַז עס איז מער ווי וויגן־לידער, אַז עס איז איר געבעט, איר תפילה. און — ווער הערט זי? די תפילה צעגייט

זיך אין אוויר... אפילו זייער קלויסטער זינקט דאך יעדן טאג אין דער ערד אריין אויך א האר (איך וואלט א בעלן געווען מעסטן, געפינען א „ספאסאב"!)... אוים רחמנות וואלט איך איר „די אויגן געעפנט", זאל זי אוועקלייגן דעם טעות... אוי. א יושר! יונה, וואס האט נישט געוואלט ווארענען נינווה, איז באשטראפט געווארן... מוז איך אבערווארטן, ביז איך וועל אויסלערנען צו רעדן בעסער פויליש... (אז איך האב שוין גע־קאנט, איז ז י שוין נישט געווען, און איך האב שוין דעם חשק נישט געהאט...) אמאל, פאלט איר איין, פארציילט זי (האלב שיכור) פון א גויישן מלאך־המוות — א פאנגע, וואס פליט ארום אין דער לופטן און האלט, און פאכעט מיט א ווייס טיכל... און דער, אויף וועלכן זי פאכעט, — גייט פון דער וועלט; איז עס א שטאט, ווערט א מגיפה... נאך מער טעות! איך ווייס דאך: דער מלאך־המוות איז א מאנספערשוין, האט טויזנט אויגן...

איז אמליבסטן, ווען זי פארציילט וועגן חיות ובהמות פון דארף. ליבער פון פריצישע און דארפישע הינט. דאס פארציילט זי לעבעדיק, מיט באוועגונגען, מאכט נאך מימיש דאס בילן, דאס כאפן, דאס לויפן...

די פריצישע הינט זענען פלינקע, גייען אויף געיעג; אויף לאנגע שנורן געפירט. אז מען גיט א בלאז, לאזט מען זיי אפ, פליען זיי, ווי די ווינטן... יאגן נאך די חיות... און — גיבורים! פאלן אן אפילו אויף ווילדע חזירים, אויף בערן און וועלף, כאפן געשיקט האזן און פוקסן... אויף חזירים — א מיצווה! אויף די האזן וועקט זיך א רחמנות, אויבוואל איך האב קיינמאל קיין האז נישט געזען און ווייס פון אים נאר פון דער תורה, וו ער ווערט פארעכנט צווישן די „נישט ריינע"... אבער א ציטעריקס איז עס, לויט זי פארציילט, א שטיל ציטעריקס. אויף די פוקסן — אויך א מיצווה; ווערגן די הינער, אזוי פארציילט זי! און לויפן, דאס ווייס איך, איבער די חורבות פון בית־המיקדש... און פון „שיר־השירים" ווייס איך, אז זיי פארדארבן די ווייגערטנער אין ארץ־ישראל... ק ל ו ג זענען זיי, די פוקסן, איך ווייס: „משלי שועלים". אבער וואס טויג מיר זייער חכמה, אז עס איז נאר צום שלעכטן?

די פויערישע הינט זענען אויך בריהס, היטן פאר גנבים... זיי ליידן פיל. מען האלט זיי, דאס מערסט, אויף קייטן, אזוי הייסט די פאליציי. און די גנבים סמען זיי... און די הינט זענען אזוי נעטריי! זיי בילן און וועקן דאס דארף, קוים באווייזט זיך א פונק, א שריפה. אדער ווינטער־צייט, אין די גרויסע פרעסט, ווען די חיות, פון הונגער געטריבן, לאזן זיך

**פון וואלד ארוים צום ישוב — באלד א רעש, א געפילדער! כאפן זיך די** פויערן אויף, לויפט מען ארוים מיט שטעקנס, מיט דרענגער, מיסט־גאפלען, הו־הא! מען רינגלט ארום, מען קלאפט דער חיה אין קאפ אריין, מען צע־שמעטערט איר דעם קאפ.

„און פארוואס כאפן זיי אין שטאט די „היצלעס" (הינט־שלעגער)?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און באלד איז מיר באשערט געווען צו באקענען זיך מיט לעבעדיקע פריצישע הינט.

דער טאטע, ווי דערמאנט, האנדלט מיט פריצים. דארף ער אמאל, אין א ווינטער־טאג, ארויספארן צום פריץ קיין סטאבראווו, פאלט אים איין, מיך מיטצונעמען. פארפארט ער צום „הייפל" צו, קומט אין חדר אריין. — א מאמר המוסגר: עס איז קיין מינהג נישט, צו פארן איבער דער שטאט. ווער דארף וויסן, ווער ווו אהין עס פארט, וואס פאר א גע־שעפטן עמעץ האט? א קלייניקייט: קאנקורענץ, קיין עין־הרע!

אפילו מיין רייכער קאלטער פעטער, דער דערמאנטער י. מ., וואס גייט איבער דער שטאט מיט פארלייגטע הענט הינטער זיך, אפילו ער, וואס מען שיקט נאך אים זיינע אייגענע פערד פון פאלווארק, פארט אויך ארוים נישט פון מארק, נאר פון הינטער־געסל; גייט דורכן הויף צו דער בריטשקע. אנדערע גייען ארוים פון שטאט און זעצן זיך אויף. מאכט מיין טאטנס פארפארן פארן הייפל א רושם. אז ער גייט ארויף אויף די טרעפ, גייט מען אים נאך; עס מוז נישט זיין אומזיסט! געעפנט די טיר, לאזט מען זי אים נישט צומאכן: הינטער אים אין טיר בלייבט שטיין מיט אויס־געגלאצטע אויגן א ייד, הינטער אים — עטלעכע ווייבער. דאס חדר גאפט. און אז דער טאטע זאגט, נאך וואס ער איז געקומען, גאפט מען נאך מער. מיין טאטן האלט מען „אויך" שוין לאנג פאר א „נישט גלייכן"; „אויך", ווייל איך בין שוין גאר א „פארלוירענער"...

— ר' יודל — פרווט זיך דער רבי, סטייטש, ביטול־תורה?

דער טאטע צעלאכט זיך. ער ווייסט און אלע ווייסן, אז איך און יחזקאל זענען מיר פריי פינף אויף זעקס טעג אין וואך. ער, א געלאסע־נער, הערט זיך איין צום שיעור באלד זונטיק און פארטרעט דעם רבין, וואס איז אמאל פארנומען מיט א ביי־פרנסה, א שדכנות צי א בוררות, און גארעט מיט די חברים. איך ווייטער לערן ערשט פרייטיק... פרייטיק קריגט דער רבי „בחצי־חינם" א באבעלע פון ר' משה־יצחקס גארקיך, פאר אויספירן עפעס א שידוך. איז פארן באבעלע די ערשטע רעפעטיציע צום

פארהערן אויף שבת, און איך לערן, — נאכן באבעלע. האלט זיך דער רבי אין איין ווישן די פעטע וואנסעס און אפשאקלען די בארד, און איך פיר דאס חדר ביד־רמה!

פאר איך. יחזקאל וויל מיט. דער טאטע האט׳ן מורא צו נעמען. ער וועט זיך, חס־ושלום, פארקילן, וועט ער זיך ביי פריידעלען (זיין מוטער) קיינמאל נישט אויסקויפן...

מען קומט אין פעלד אריין — עס כאפט מיך ארום א ווייסע, דאס ערשטע מאל געזעענע, ווייטקייט. דער טאטע איז שוין פארטראכט אין די חשבונות מיטן סטאבראוועער פריץ, און איך בין געבלענדט פון שניי, און פון די „ברילִיאנטן" איבערן שניי, פון דער ציכטיקייט און ריינקייט... די שטימונג, וואס איך האב איבערגעגעבן אין „וואס אין פידעלע שטעקט"; יואל פארציילט זי. איך גיב א קוק צום הימל, און כאפ אן דעם טאטן ביים ארבל:

— טאטע, טאטע, זע, א געגליווערטע זון, ווי אונדזער אתרוג־פושקע! געוועזן ביי אונדז אן אתרוג־פושקע א מאט־זילבערנע...

דער טאטע אבער לאזט זיך פון זיינע חשבונות נישט אפפירן:

— רעד נישט קיין נארישקייטן... זיץ שטיל...

דערזע איך דעם שמייסערס אקסל, אזוינע ברייטע, און די קאמישע, פוטערנע קוטשמע אויפן קאפ... און קוק פ א ר מיר... און זע, ווי די פערדלעך לויפן, לויפן... קליינע, פלינקע פערדעלעך, שפריצן פון אונטער די פיסלעך גאנצע וואלקן שניי־שטויב. און דער פויער זיצט און רירט זיך נישט, ווי א שטיק זאלץ (דער פארגלייך — פון לוטס ווייב!) זיצט ער, און די בייטש שטייט אים ביי דער זייט. ער דארף זי נישט! דער שליטן גליטשט זיך. נעמען די בייטש? וואס וועט זאגן דער פויער? א בייטש איז דאך א יצר־הרע! איך שטרעק אויס די האנט. דער טאטע, אומגעדולדיק: ניטע!

איך צי די האנט צוריק. עס ווערט מיר קאלט, דעם טאטן זאג איך נישט, איך בין אויפן ברוגז. דערווייל פארפארט מען פארן הויף. ווי א שטעטיש הויז... נאר הינט שפרינגען ארויס ערגעץ פון א ווינקל... איינס, צוויי, דריי, פיר — — איך צייל, נישט אן שרעק... הינט גרויסע, מיט די צונגען אויס די מיילער, טייל בילן... אלע שפרינגען צו... דער טאטע מאכט זיך נישט פון זיי. שפרינגט אראפ פון דער פור, טוט אויס דעם פעלץ, וויקלט מיך מיט אים ארום, גייט צום הויף צו. (א גיבור, דער טאטע!) טייל הינט גייען אים נאך, בילנדיק... (איי, א גיבור!!!") צוויי אבער

בלייבן, שטעלן זיך, פון ביידע זייטן שליטן, אויף די הינטערשטע, אַנגע־שפּאַרט אויפן שליטן מיט די פֿעדערשטע פֿיס. איך זע בחוש, זיי נישטערן מיט די אויגן אין שליטן, זוכן מיט די ציטעריקע נעז, — נישטאָ עפּעס גוטס? דער פּויער, וואָס האָט אָנגעהאָנגען האָבער פֿאַר די פֿערד און זיך אויך גענומען צום עסן, וואַרפֿט זיי שטיקלעך ברויט און שטיקלעך חזיר־פֿעטס. דאָס ברויט רירן זיי נישט, דאָס חזיר־פֿעטס שלינגט מען!

דאָס געפֿעלט מיר נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווערט אַ גרויסע ענדערונג.

שבת, פֿאַרהער איך מיך ביי ר' משה וואהל, ביים רב. פֿון אים האָב איך נעמאָלט אין די „פֿיר דורות" ר' זישען... אַ מזג־טוב. מיך האָט ער ליב, און זאָגט דעם טאַטן:

— ער דאַרף אַן אַנדער מלמד.

— ווו נעמט מען?

—שיק אים קיין שעבערשין צו פּינחסלען... (פֿון ר' פּינחסלען — שפּעטער).

— וואָס וועט זאָגן ריוועלע?

— ווייסטו וואָס, יודל? פּרווו אַ זמן אין בית־המדרש. זאָל ער לער־נען אַליין.

בלייבט אַזוי. עס איז טאַקע ענדע זמן. איך זאָג צו, אַז איך וועל גוט זיין, פֿרום זיין, אַ מתמיד זיין. און ווער פֿריי! און כאַפּ מיך מיט געשמאַק צו חקירה און קבלה־ספֿרים... און נאָך מער לויף איך אַרום... טו מעשים.

טויג נישט. בלייבט, מען מוז באַקומען אַ רעכטן מלמד. דערווייל זאָל איך לערנען אין דער היים, און, כדי איך זאָל נישט קענען אַרומלויפֿן, נעמט מען מיר די שטיוול צו אויף אַ גאַנצע וואָך. מיר מאַכט נישט אויס. לויף איך אַרום אין די שטעק־שיך אין הויף. ווערט ענג, וואַרף איך מיט פֿיס־באַוועגונגען די שטעק־שיך אויפֿן דאַך אַרויף, און כאַפּ מיך, דורך אונדזער גאַנעק אַרויף אויפֿן דאַך פֿון צווייסטאָקיקן הויז אַרויף, אַראָפּ־צונעמען זיי. דערזע איך די שטאָט דאָס ערשטע מאָל פֿון דער הייך, מאַכט עס אויף מיר קיין גרויסן רושם נישט. העכערע, דריישטאָקיקע הייזער, פֿאַר־שטעלן זיי... דערמאָן איך מיך, וואָס איך האָב געהערט, אַז פֿון גאַנעקל, אַרום זייגער־טורעם איבערן מאַגיסטראַט, זעט מען נישט נאָר די גאַנצע שטאָט, נאָר אַרום און אַרום שטאָט אויף אַ מהלך! כאַפּט מיך אָ אַ גלוס־

טונג דאָס צו זען. קריך איך אראָפּ פון דאַך און גיי אַרום טעג און טראַכט, ווי אַזוי גנבעט מען אוועק די שטיוול, ווי אַזוי באַקען איך מיך מיטן אַלטן זייגער־מאַכער, וואָס גייט יעדן טאָג אַרויף, אָנציען דעם זייגער, ער זאָל מיך מיטנעמען...

זאָגט מען: אַביסל געלאַסענער געוואָרן... שמייכל איך אין מיר אַריין און טראַכט ווייטער... דערווייל, שטייענדיק אַמאָל פאַרטראַכט אויפן גאַנעקל, הער איך, ווי דער טאַטע, אַרויסקומענדיק פון טיר צום גאַנעקל (מיך, שטאַרק פאַרנומען, זעט ער נישט), רופט צו דער צווייטער טיר, אין קיך אַריין:

— מירל, זייטשע מוחל, לויפט אַראָפּ, נעמט אַ שליח און שיקט צו ישראל קיין זשדאַנאָוו, ער זאָל תיכף־ומיד קומען מיט די פערד...

מירל ענטפערט: גוט, גוט! זי וועט זיך נאָר אָנטון, נאָר כאַפּן אויף זיך עפּעס... דאָס וועט דויערן! נעם איך, כאַפּ און לויף קיין זשדאַנאָוו. דאָס גאַנעקל פון זייגער ווערט דערווייל אָפּגעלייגט. לויף אין די שטעק־שיך. אין גאַס קוקט מען מיר נאָך, מען רופט: משוגענער! מען וויל מיך פאַרהאַלטן. איך דריי מיך אויס, ווי אַ שלאַנג. כאַפּט מען מיך אומגעריכט, רייס איך מיך אויס, און לויף, און קום... און פרעג (אַזוי פיל פּויליש קאָן איך שוין) אַ פּויער פון דאָרף, וווּ ישראלס הייזל איז. „טאַם”, און ווייזט מיר מיטן פינגער. איך מיין, איך ווייס, און לויף, און פאַל אַריין צו'ן אַ שכן אַ דייטש, אַ רייכן קאָלאָניסט. און באַלד נאָך דער פורטקע פאַלט צו אַ הונט, גיט אַ שפּרונג צו דער ברוסט, לייגט מיר די פעדערשטע לאַפּעס אויפן אַקסל, און קוקט מיט זיינע גרויסע, רויט־קלוגע אויגן אין מיינע אויגן אַריין: ביסט אפשר אַ גנב! אַ געלערנטער הונט, און וואַרט, עמעץ זאָל אַרויסקומען... וואָס איך פיל, מאָלט אייך אַליין. דעם הונט פאַרשטיי איך ווייניק. און אַ הונט איז ער אַ גרויסער, אַ ברוינער, אַ האָריקער... דער מוטערס מילך ווערט מיר אַנטרונען. און שרייען קאָן איך נישט, פאַרשנירט דער האַלדז. אַ מערכה, מען האָט מיך, נאָך אויפן וועג, פון ישראלס פענצטערל דערזען. תוך־כדי־דיבור שפּרינגט איבערן פּלויט אַ מיידל, כאַפּט אָן דעם הונט ביים אַקסל, גיט אים אַ שליידער אַוועק און פירט מיך אַרויס צו ישראלן...

זיין טאָכטער געוועזן...

אַ מיידל, אַ יונגס — בלוט און מילך. אויגן קלאָרע, קלוגע און זיסע. אַ נעץ פון שוואַרץ־גלאַנציקע האָר. אַ שטיק פּירוש צו שיר־השירים... און אַזאַ גבורה... וואָלט אויך געקאָנט קומען פון די לעמפּערט־בערג...

און אז עס מאכט זיך שפּעטער א מעשה, אז איך פאַל שיר־נישט אין ברונעם אריין, פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס האָט מיך פאַרהאַלטן עפּעס אן עלטערע יידענע און נישט זי...

זי חלומט זיך מיר יעדע נאַכט... נאָר ארויסגיין קיין זשראַנאָוו, זי זען, פאַלט מיר אפילו נישט איין...

פאַר דאָס פאַלט מיר איין גאָר צו באַווייזן א גבורה און אָנכאַפּן א געלן גרויסן הונט ביים עק... און ער גיט זיך א רוק אָפּ, א שפּרונג ארונטער, און א שפּרונג ארויף מיר אויפן אקסל...

איך האָב ביז היינט א צייכן...

האָט זיך שוין איבערגעפּולט די מאָס, שיקט מען מיך קיין שעבערשין, צו ר' פּינחסלען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אָט אזוי רייסט זיך אריין, ווייניקסטנס האָט זיך אריינגעריסן א שטיקל נאַטור צו'ן א יידיש יינגל אין האַרץ אריין...

---

## זאַמאָשטש — שעברשין — זאַמאָשטש —
## די לעצטע צוויי מלמדים. — חלומות.

— איר, אַלס קינסטלער, רעאַגירט נישט דירעקט אויף קעגנווערטיקע פאַקטן... זיי מוזן פריער ווערן פאַרגאַנגענהייט, דערינערונג. העכסטנס שפּיצט איר צו אַן עפּילאָג צו לאַנג הינטער די קוליסן אָפּגעשפּילטע אַקטן...

די באַמערקונג האָט מיר אַמאָל געמאַכט אַ צופעליקער רייזע־באַקאַנטער, און דערביי אַזוינער, וואָס האָט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין ווייטערן געשפּרעך, געלעזן פון מיינע זאַכן ווייניק און אויך נאָר אין דייטשער און רוסישער איבערזעצונג.

— איר — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — עסט פּיליכט פּרוכטן פון בוים אַראָפּ, אונדז גיט איר זייער עקסטראַקט. אַ דאַנק, וואָס מיטן פרישן גערוך.

וואָר איז: אויף קעגנווערטיקע פאַקטן, זאָגאַר אין פּריוואַטן לעבן, רעאַגיר איך שוואַך אָדער גאָרנישט. די פאַקטן זענען דאָס מערסט פאַר מיר צו טריוויאַל, די מאָטיוון געמישטע, פאַרפּלאָנטערטע; די פאַרבן — גרעל, די טענער — צו שרייענדיק, די ליניען — גראָב!

אין דער דערינערונג ווערט אַלץ פאַרפיינערט און גערייניקט... אין לעבן בעט איך נאָר: זאָל דער וואַל אַריבער! פאַרן אַריבערגיין, פאַרמאָג איך פאַר יעדן וואַל אַ גרויסע דאָזע מיסטישע רעזיגנאַציאָן און פילאָזאָפישע שטאַנדהאַפטיקייט. צעברעכן לאָז איך מיך נישט. מיין אינערלעכקייט היט איך אָפּ פאַר יעדער מינדסטער אַריינמישונג. עס רעגנט מיט אַלדאָס בייז; אינערלעך ווער איך נישט נאַס... די אַלע וואַלן אָבער, אָפּגעשווימען אין לעבן און באַנייט אין דער דערינערונג, באַקום איך ליב. פון תוהו־ובוהו, „פון אונטער דער באַוווסטזיניקער שוועל" קומען זיי אַרויס ריין־גאָלדן; פון זאַמד גערייניקט און געוואַשן...

ווער וועקט די טויטע? וואָס בלאָזט אויף תחית המתים?

דאָס מערסט ביי מיר — דער קאָנטראַסט. פון אַלע אַסאָציאַציאָנס־פאָרמען איז ביי מיר די שטאַרקסטע די קאָנטראַסטן־פאָרם. דער קאָנטראַסטן־

עלעוואַטאָר איז שטענדיק טעטיק. און דער „זאַץ״ — דער קענגנווערטיקער, בלייבט אויך אַמאָל שטיין, — ווערט מיר בולט זאַץ און קעגנזאַץ צוזאַמען — אַ וואָג־שאָל־בילד. זאָל דער לעזער לייגן זיין סימפּאַטיש געוויכט רעכטס אָדער לינקס...

געבוירן און דערצויגן אין זאַמאָשטש, מוז איך, אום זאַמאָשטש צו זען, פאַרטריבן ווערען דריי מיילן ווייט — קיין שעברשין.

ערשט אין דער הילצערנער שטאָט (די איינציקע מויער איז דע־מאָלט געווען דאָס פּריצישע איינקונפטס־הויז אינמיטן מאַרק — אַן איינ־פאַר־הויז, טראַקטיער און קלייטן צוזאַמען); ערשט אין נידעריק־געבויטן, שינדל־ און אויך שטרוי־געדעקטן שעבערשין, פּלאַנצט זיך און שטעלט זיך אויף, פאַר מיינע פּייכט־פאַרבענקטע אויגן, מיין געמויערטע, דריי־שטאָקיקע, אייזן־ און דאַך־ציגל־געדעקטע היים... וואָס ציט זיך נישט אויס אין דער לענג, „ווי אַן אָפּגעשטאַנענער פיש״, נאָר מוז, צווישן וואַלן געדרענגט, וואַקסן אַרויף, צו דער הייך.

איך האָב געמוזט באַקומען צו זען דאָס אומגעלומפּערט הילצערנע מיסגעבורט פון שטאָטזייגער אין שעברשין, — איך זאָל דערפון די גאַנצע הויכע פּראַכט פון מיין היימישן זייגערטורעם, וואָס קראַצט, ווי מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, די וואָלקן! און געמוזט באַקומען צו זען דאָס שטיק „ברכו־נפשי״ אַרום שעברשין, די „לבשו כרים הצאן״ — דאָס גרינע טיש־טעך, באַפּלעקט מיט בהימהשן געל און רויט, מיטן בריקל צום וואַסער און צו דער, פון דער עלטער פאַרשוואַרצטער און פון מעל פאַרווייסטער, וואַ־סערמיל, — איך זאָל באַמערקן און קאָנען אָפּשאַצן דעם באַזונדערן חן פון אונדזער „הינטערן פעסטונג״, וואָס איך האָב איבערגעגעבן אין „משיחס צייטן״; פון קליינע פאַרשאָטנטע שפּאַציר־פּלעצ צווישן וואַלן, אין דער באַהאַלטענער „אוציעצקאַ״ 1), ווו איך האָב געלאָזט שפּאַצירן דעם קאָצ־קער און בעלדזער אין „שהשמחה במעונו״... ווי אויך די פּייכטע לאָנקעס מיט פרעש־זומפּן, באַשיטע מיט „משוגענע גרייפּלעך״ און קליינע היגל פון שלאַנקע, געלב־גאָלדענע קעניגס־קערצן...

עס וועקט זיך דאָס ערשט נישט־לאַנג פאַרבאָרגענע, און אין די „זע ענישן״ פון דער היים, וואָס איך האָב ווירקלעך מיט די אייגענע אויגן גע־זען, מישט זיך אריין דאָס געהערטע, דאָס עלטערע זאַמאָשטש, פון וועלכן נאָר מיין אויער האָט פאַרנומען.

1) אַ וועג צום אַנטלויפן.

שוין אויפגעזעסן בין איך א פארחלומטער...

מען האָט מיך איבערגעגעבן א שעבערשינער ייד, וואָס האָט מבטיח געווען, אז ער וועט מיך בשלום צושטעלן צו ר׳ פינחסלען אין שטוב אריין, — איך זע אים נישט; פארנעפּלטע אויגן האָב איך. איך פיל אים נאָר מאָגער — אזוי־פיל פּלאַץ האָט ער מיר נאָר איבערגעלאָזט אויפן געזעס, שארף־ביייניק — אויב ביי א וואָגן־באַוועגונג אונדזערע עלנבויגנס שטויסן זיך צוזאַמען, און הויך, — זיין שטימע קומט אין מיין אויער אריין פון דער הייך. דאָס אויער מיינס איז אָפן: איך האָב נישט געזען, ווער עס איז אראָפּגעקומען פון דער היים צו דער פור, נאָר איך האָב געהערט, ווי דער ייד האָט געזאָגט:

— זאָרג נישט (בלשון אתה — א היימישער ייד!) ריוועלע, — עלי ועל צוואַרי.

און זיך צום פורמאַן ווענדנדיק:

די פור רירט. קולות: פאָר לחיים ולשלום! געמישטע: יונגע און אַלטע. דער טאַטע:

— און זיי א מענטש...

קלאַפּט דער וואָגן איבערן ברוק פון גאַס, פאַלט אריין אין שאָטן פון קלויסטער, נעמט זיך לינקס, אריין אין טונקלקייט פון דער שעברשי־נער בראָם; ארויס אויף דער ליכטיקער שיין, ווערט באַלד שטילער; שוין שאָסיי.

הייסט עס: איך פאָר קיין שעברשין. לערנען ביי ר׳ פינחסלען! ווער ר׳ פינחסל איז און וואָס ער איז, ווייס איך נישט. אפשר האָט מען מיר אויסגעזוכט א תלין? איך דערפיל א ביטערקייט אויף דער צונג. און אי־נעווייניק הער איך א שטימע:

— שאַדט נישט!

שעברשין איז מיר נ י ש ט פרעמד... די שעברשינער יידן רופט מען לגנאי: שעברשינער „פלאַכטעס”. פארוואָס, ווייס איך נישט, ווי איך ווייס נישט, פארוואָס מען רופט די ניישטעטער: „לעשניקעס” און אונדז — „זאמאָשטשער פרעסער”; נישט אַלע זענען דאָך מומע פריידלס, וואָס באַקט שטענדיק קעז־קוכן... ביי אונדז אין דער היים עסט מען אַלע טאָג קאַשע מיט יויך...

פון שעברשין האָב איך אפילו פיל געהערט. זאמאָשטש האָט באַ־שטענדיק מגע־ומשא מיט שעברשין. פארענגט, ווי געזאָגט, צווישן וואַלן, אַלם געוועזענע פעסטונג, וואָס לאָזט זיך נישט צעשפּרייטן, האָט זאמאָשטש

נאָך היינט איר פּאָסט־אַמט אויף דער ניי־שטאָט, און דעמאָלט — דעם אַלטן סאַנד (סוד, געריכט) אין שעברשין, דאָרט זיצט דער אַסעסאָר, וואָס פּסקעט אי דיני־ממונות אי דיני נפשות און האָט צו שאַפן איבער טויט און לעבן. פון זאַמאָשטש פירט מען צו אים אין קייטן גנבים... פון טאָמאַשאָוו, וואָס ביי דער גרענעץ, אָפּטרעטנדיק אין זאַמאָשטש ביים פּאָוויאַט, ווו מען מאַכט נאָך אַמאָל אַ פּראָטאָקאָל — קאָנטראַבאַנד, ארומגערינגלט מיט אַ וואַך פון גרענעץ־זעלנער אין גרינע לאַמפּאַסן... אין הויף פון פּאָוויאַט האָט איינמאָל דודל גנב, אַביגדור מלמדס פאַרלאָזטער יתום, אַראָפּגעגנבעט פון דער פור, אין דער וואַכס אויג, אַ פּעקעלע זיידנצייג, און באַפרייט אַ ייד, אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ פאָטער פון אַכט קינדער, פון תפיסה. דעמאָלט האָט אים די שטאָט אַלץ מוחל געווען; געגלעט אי־בערן היטל, געקניפּן פאַר דער קונץ־שטיק, אין בעקל. און נישט איינער האָט געזאָגט:

— קום צו מיר אריין נאָך אַ העמד.

אין ציוויל־זאַכן פאָרן צו די „ערכאות" בעלי־דינים, וואָס די בוררים האָבן נישט אויסגעגלייכט, דער רב נישט געקאָנט פּסקענען, מענטשן איינגעשפּאַרטע, ניצחונדיקע, — נישט קיין לייטישע מענטשן...

קיין שעברשין פאָרט אָפּט מיין חבר יצחקלס פאָטער פּ. ג.

פּ. ג. איז אַ שם־דבר. אַ מושלם („איי־איי, נאָך וואָס פאַר אַ מושלם, כמעט אַ מלומד!") און אַן אפּיקורס, אויף וואָס די וועלט שטייט; זיין חלק לעולם־הבא וואָלט מען נישט געקויפט פאַר אַ דרייער! און ער האָט עס בירושה, זיין פאָטער איז אויך געווען פון די לייט... אַ מדקדק, אַ בעל־קורא אין דער וועלט, אַ חבר פון צעדערבוים, אייכנבוים און אַנדערע אַמאָליקע משכילים...

דאָס האָט ער עס מיך און מיין חבר יצחקל, זיין אייניקל, פּ. ג.'ס זון, געברענגט צום „מורה־נבוכים". מיר האָבן גלאַט געגנישטערט אין די שענק. אַראָפּגעכאַפּט גראָד דעם „מורה־נבוכים". ער איז גראָד דערביי געווען, —

— נישט פאַר אייך, קונדייסים, נישט פאַר אייערע קעפּ!

דאָס איז געווען, מיר זאָלן שוין דאָס ספר נישט ארויסלאָזן פון די הענט און דערנאָך האָלטן פאַר אים עקזאַמען...

זיין זון פּ. ג. שטייגט אים איבער.

גאַנצע מעשות פאַרציילט מען פון אים, די אויערן הערן פיל.

זענען די מעשות וועגן פּ. ג. וואָר? מען פאַרציילט אַזויפיל נישט אמת... און איך קען פרעגן מיין חבר יצחקל, היינט אַרצט אין זאַמאָשטש,

און ער וואָלט מיר באַלד געענטפערט דעם אמת. איך וויל עס נישט טון, ווייל...

ווייל די פאַבל איז שטענדיק וואָרהאַפטיקער פאַרן ווירקלעך געשע־ענעם; די פאָלקס־דיכטונג — פאַרן אמתן פאַקט... דער מענטש פאַרבייגט זיין ווילן, פאַרשטעלט זיין אמת פנים און טוט, וואָס עס פּאַסט. דער עולם האָט אַ נאָז, דערשפּירט דעם תוך און דעם עצם־ענין פון מענטש, און פאַרציילט פון אים דאָס, וואָס ער וואָלט געטון, ווען ער וואָלט געווען זיך אַליין געטריי; דאָס געשעענע, וואָס וואָלט, ווען נישט צופעליקע שטערונ־גען, פון אים אַרויסגעשטראַלט...

„אחרי מות קדושים" קומט אויך דערפון. די צופעליקייטן, די קליי־נע אָפּעראַציאָנען, די „מעשים צוליב פּרנסה", צוליב כעס, אַ רגע ניצחון — פאַלן אָפּ, פאַרזינקען אין פאַרגעסנקייט, און עס קומט אַרויס אַ נשמה, כמעט אַ נאַקעטע... און מען באַקליידט זי אויפסניי, אין איר פּאַסיקע קליי־דער, און עס קומען אַרויס גאַנצע מענטשן; גאַנצע, שטאַרקע, נישט וואַקל־דיקע שאָטנס, ווי ביים לעבן...

דאָס איז אויך דער צויבער און די וואָרהייט אין פאָלקסטימלעכע דערציילונגען... ווי איבערהויפּט דער צויבער און די וואָרהאַפטיקייט פון דער „קונסט"...

לאָמיר צוריקגיין צו פּ. ג.

פּ. ג. איז, ווי געזאָגט, אַן אפּיקורס: שפּייט נישט אויס ביי „עלינו", היפּט איבער די מלאָכים פון שופר־בלאָזן, בלייבט שטיין ביי „כורעים". און איר ווייסט, וואָס ער טוט אינדערהיים? דאַוונט שחרית אין טלית־ותפילין, זאָגט שמונה־עשרה, און זיך איילנדיק צו פאָרן קיין שעברשין, פּוצט ער זיך אינאיינוועגס מיט באַרשט און שו־וואַקס די שטיוול . . . אויפן טיש שטייט שוין ברויט מיט פּוטער מיט קאַווע, און אַז דאָס מע־סער איז שטומפּיק, שאַרפט ער עס אָן מיט דער רצועה... כּפּרות שלאָגט ער נישט, הושענות — מינהג נביאים — אויך נישט. און קען דווקא „פּסוק"; גאַנץ תנ"ך אויסנווייניק.

און — אַן אייזערנער מוח... און אַ מלומד פון זיך אַליין. האָט איינמאָל צופעליק געקויפט אין מאַרק, ביי אַ שיכּרן גוי, פאַר אַ צענערל אַ פּוילישן קאָדעקס, און האָט זיך אויסגעלערנט „פּראַווע" מיט פּויליש צוזאַמען! אַזוי אויך — געפונען, ערגעץ אויף אַ בוידעם, אַ פראַנצויזישע מאַטעמאַטיק, (נאָך פון נאַפּאָלעאָנס צייטן, זינט מען טראָגט די רויטע פּולאַרינע, נאָז־טיכלעך און מען זאָגט „עגאַל" און „מאַלעער"), און אויס־

שטודירט פּראַנצויזיש מיט חשבון און מדידה צוזאַמען; דער פון וואַרשע געקומענער לערער לאַכט אַפילו אין די פויסטן. באשר־בכן — דאָס פראַנ־צויזישע לשון האָט „קרי וכתיב", נישט ווי עס שרייבט און דרוקט זיך, רעדט מען, און פּ. ג. לייענט דברים כהויתן... לאַכט מען אויסן לערער. ער קען פלאַפלען פראנצויזיש מיטן אַפּאַטייקערס ווייב; און דער קען טאַקע מדידה!

— איר שפּילט אייך מיט פּ. ג.?!

חשבון קומט אים ווייניק צונוץ. אָט, אַז עס מאַכט זיך אַ שווערע מישנה אין זרעים, אַז אַפילו מיכל שמש (שוין דערמאָנט) הייבט אָן „שטאַמלען מיט דער צונג און פינטלען מיט די אויגן", לויפט מען אַהיים צו פּ. ג. (אינאיינוועגס, זיך צוצוקוקן צו זיין היתנהגות), און מען הערט שוין קלאָרע דיבורים...

איינמאָל איז מען צוריקגעקומען און פאַרציילט, ווי אַזוי פּ. ג. האָט זיך אַרויסגענומען אַ שלעכטן צאָן. נ י ש ט געגאַנגען צום רופא. פּ. ג. האָט פיינט אַרויסצוואַרפן געלט! גענומען אַ גרויסן נאָגל, אַריינגעשלאָגן כמעט ביזן קעפּל אין גרויסן טיש אַריין. גענומען דערנאָך אַ קורץ שטריקל, איין עק פאַרקניפּטביים נאָגלס קאָפּ, גענומען אַ האַמער און נאָך אַ זעץ אין קאָפּ אַריין. ער איז אַריין אין בלאַט פון טיש. דערנאָך אַרומגעבונדן מיטן צווייטן עק פון שטריקל דעם שלעכטן צאָן... שטייט ער אַזוי אַ ווייַ־לע איינגעבויגן איבערן טיש, גיט פּלוצלינג אַ וואָרף אַרונטער דעם קאָפּ. דער טיש — אַ שפּרונג אונטער, דער צאָן — אַ שפּרונג אַרויס...

„אַפילו זיך נישט אויסגעוואַשן דאָס מויל און גענומען די מישנה, און געזאָגט..."

דער עיקר קומט אים חשבון צונוץ צום פלינקן לפ"קן מאַכן. אַ שוואַכקייט האָט ער צו לפ"קן. גאַנצע בריוו שרייבט ער מיט לפ"קן, שטייגערייף: „וואָס אַ שורה — אַ לפ"ק!"

און זאָגן זאָגט ער, אַז ווען ער דאַרף שרייבן אַזאַ בריוו, ליגט ער זיך שלאָפן, כאַפּט ער זיך אויף שוין מיט גרייטע לפּק"ן; דער קאָפּ אַרבעט ביי אים אין שלאָף!"

איינמאָל איז ער אַפילו אַרויסגעטרעטן מיט זיין חכמת החשבון והמדידה פאַר דער וועלט; אינעם וויכוח צווישן גבריאל יהודה ליכטענ־פעלד און סלאָנימסקי, מיט אַן אָפענעם בריוו פון ליכטענפעלדס צד...

יורי האָט אים בעסער געדינט, געגעבן פרנסה, נישט די גאַנצע; דאָס ווייב האָט עפּעס אַ געוועלב. אָבער ער פירט גאַנץ אָפט פּראָצעסן,

שרייבט „פראָשבעס", פאָרט צום אסעסאָר קיין שעברשין. אין דעם פאַך איז ער אַ גרויסער בעל־ניצחון, טרעט נישט אָפּ. דער אמת מוז ארויס ווי בוימל אויפן וואסער. קיין פאלשן פראָצעס וועט ער נישט אָנעמען; די ערלעכקייט אליין. האָט ער, פארציילט מען, געפירט 12 יאָר נאָכאַנאַנד אַ פּראָצעס וועגן אַ פונט פוטער. די פּראָצעס־קאָסטן האָבן דערגרייכט ביז 600, זאָג ארויס: זעקס הונדערט גילדן; „אזוי פיל, וויפל עס האָט גע־קאָסט דאָס הינטל, וואָס דער (רייך־געוואָרענער) פעלדשער האָט געקויפט ביים סמאָטריטעלס פלוניתטע"... וועלכנס צד עס האָט געזאָלט די קאָסטן באצאָלן, ווייס איך נישט...

סיי־ווי־סיי, פארציילט מיין חבר יצחקל גאַנץ אָפּט:

— מיין טאַטע איז געפאָרן —

און עפּטער:

— מיין טאַטע איז געגאַנגען קיין שעברשין...

פּ. ג. פירט זיך פּראָסט, נאַטורמעסיק.

„אַ ייד — זאָגט ער — דאַרף זיין געזונט, ווי אַ פּויער". און אים — זאָגט דער עולם — איז זייער לייכט צו זיין געזונט: „כאַפּט זיך אויף ביינאַכט, און כאַפּט אריין אַ מאָן־קיכל" (מען מיינט: אַ גאַנצע חלה) און — אומגעוואַשן! (ער האַלט נאָר פון מים־אחרונים — חובה). גייט דער ייד דריי מייל קיין שעברשין צופוס...

— סטייטש, ר' פּ., אין אייערע יאָרן — דריי מייל...

— איך גיי צופוס נאָר אַ וויאָרסט...

— און דערנאָך?

— דערנאָך נאָך אַ וויאָרסט און נאָך אַ וויאָרסט... און אזוי, ביז ער קומט קיין שעברשין.

און גיין גייט ער ווי אבא חלקיה אויפן וועג — באָרוועס, מיט די שטיוול אויף אַ שטעקן איבער די אַקסל. דער שאָסיי האָט שאַרפע שטיינ־דלעך. אַ פוס היילט זיך אליין אויס, אַ שטיוול מוז מען שיקן צום שוס־טער! און שפּרייזט! מאַרשירט, ווי אַ זעלנער אין פראָנט, און קאָמאַנדירט זיך אליין:

— ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ! „מפּני — זאָגט מען אין זיין נאָמען: שהקול יפה להליכה..." „אומות העולם האָבן שכל".

ווייס איך, אַז איך פאָר אויף פּ. ג.'ס וועג.

און קוים אַזאַ טראַכט געטון, דערזע איך אים! ווער איך אינער־לעך פארגאַפט, ווי שאַרף און בולט איך זע אים! אָט גייט ער... גלייך מיט

דער פור. עפּעס טראַכט ער, געוויס מאַכט ער לפ״קן, אָדער חשבונט אַזוי... די ברעמען — די לאַנגע, די געלע און שטעכעדיקע — איבער די אויגן אַראָפּ. איך האָב קיינמאָל זיינע אויגן נישט געזען. איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ קאָליר זיי האָבן געהאַט... נישט ב אַ ה אַ ל ט ן האָט ער זיי, אַן אָפענער מענטש געווען, — אַן אָפענער, געדעכטער און פעסטער מענטש! — נאָר אַזוינע לאַנגע, געלע, שפּיציקע ברעמען געהאַט, וואָס האָבן נאָך לענגערע שאָטן געוואָרפן!

מיט יאָרן שפּעטער, אַז איך בין אויף זיין לוויה געווען, ער ליגט אַם ראַנד פון קבר, און מיך כאַפּט פּלוצלינג אָן אַ ווילד פאַרלאַנג, צו זען זיינע אויגן. „אם לא עכשיו אימתי?״ — די לעצטע רגע, דער קברן שפּרינגט שוין אין אָפענעם קיבר אריין — איך מוז אים אָפּדעקן. שטאַרט אַרויס פון דער ווייסער סוויוע אַ שטיק זילבערנע באָרד און לאָזט מיך נישט... איך וויל אַ ריר טון מיט דער האַנט, אַ זילבערהאָר גיט אַ ציטער...

דערווייל גייט ער, מאַרשירט ער... אַ קורץ, פעסט יידל, די פּאָלעס פאַרקאַשערט, די הענט, רעכטס, לינקס רעגלמעסיק געוואָרפן, נאָר קאָמאַנדירן קאָמאַנדירט ער זיך נישט.

טו איך עס פאַר אים, הייב אָן:

— ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ!

מיין הויכן שכנס קול:

— פּע!

„אַ יינגל פאַרט צו ר׳ פּינחסלען, תורה לערנען... ווייסט, קונדאַס איינער, ווער און וואָס אַזוינס ר׳ פּינחסל איז? ר׳ פּינחסל איז אַן אַלטער „קאַצקער״...

„אַן אַלטער קאַצקער״ אינטערעסירט מיך. איך פאַרשווייג. פּ. ג. פאַרשווינדט. איך וויל הערן; אַ מאָדנע פאָלק — די אַלטע קאַצקער... מען קען — און מען לערנט נישט, דביקות — אַז מען דאַוונט נישט... דער לאַנגער ייד אָבער האָט נישט דאָס, צי ער קען נישט פאַרציילן... עס פאַלן איינצלנע, טרוקענע ווערטער מיט אַ הייזעריקן צופייף: פּיש, פּיש! „ר׳ פּינחסל, פּיש, פּיש! אַ קאַצקער פּיש־פּיש...!״ און איך ווער האַלב פאַרדרימלט, און אויפן אָרט פון פּ. ג. גייט שוין איבערן וועג „ר׳ לייבוש צימעלעס״. דער לאַנגער, קליינבערדיקער, בלאַסער ייד, מיט די אויסגעלאָשענע אויגן, מיט דער באַשטענדיקער ליולקע־ציבוק צווישן די פאַרגעלטע ליפּן... דער שווייגעדיקער, פאַריתומטער, אַלטער קאַצקער, וואָס גייט שטענדיק אויף און אָפּ איבערן בית־המדרש, פון אָרון־קודש ביזן

פענצטערל צו דער שמשטע, מיטן ביטערן טראָפּן און אייערקיכלעך צום פאַרבייסן (זע „הציץ ונפגע"), און — צוריק... מאַנכמאָל שטעלט ער זיך אָפּ ביים פענצטערל, פּויקט אָן מיט אַ פינגער, שטיל, פּויל און פאַרבענקט, באַקומט אַ קעלעשיקל מיט אַ קיכל... טרינקט אויס, פאַרבייסט אַ פּיצל קיכל... און ווידער — אויף און אָפּ... און קיינער פאַרהאַלט אים נישט, דער גרעסטער קונדאָס טרעט אים אָפּ פון וועג. מען ווייסט, ער איז דער יתום פון זיין דור, ער האָט מיט אונדז נישט וואָס צו טון, האָט אונדז גאָרנישט צו פרעגן, גאָרנישט צו פאַרציילן... פאַראַן נאָך איינער אַ קאָצ־קער, אין זיינע יאָרן, נאָר יענער איז אָן עושר, האָלט אַ מיאוסע שענק... (ר' „בערל" פון די „רייזע־בילדער") נישט זיינס גלייכן...

און אָט גייט ער איבערן שאָסיי. ווו אַהין? מין־הסתם קיין קאָצק... אויף קבר־אָבות... איבערן וועג קיין שעברשין? בלאָנדזשעט ער? איך וויל רופן צו אים, און קען דאָס קול נישט אַרויסברענגען פון האַלדז... איך ליג שוין מיטן קאָפּ און אָקסל אויפן געזעס...

...אַן איינפאַל! געחלומט, איך פאָר קיין שעברשין! וואָס איז, פאַר־שיקט האָט מען מיך? דער טאַטע האָט מיך געלאָזט? די מאַמע — פיינט געקריגן?! איך בין אינדערהיים! אויף דער סאָפע ליג איך, ביים פענצ־טער. זע, ווי דער עולם גייט איבער דער גאַס אין מרחץ. דער „תם" מיטן בעזעמל, די „בהימה!"... באַלד נאָך שבת, וועל'מיר אים אונטערשיקן נאָך אַ כתב־רבנות פון ערגעץ אַ שטעטל, וועט ער לויפן אַהיים צום ווייב מיט אַ בשורה און בעטן רשות, צו פאָרן...

אָבער פאַרוואָס ליג איך? מן־הסתם — קראַנק. יאָ, די פּלייצעס ברעכן מיך אַזוי. עס מוז אָבער נישט זיין געפערלעך. דער טאַטע איז רואיק אוועקגעגאַנגען צו קבלת־שבת, און די מאַמע נעמט זיך צו בענטשן ליכט. אַ שיינע צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיר האָבן, דער עיקר די הויכע פּאָר, די מיט די רייזעלעך און קריינדעלעך... די מאַמע בענטשט ליכט ערנסט, אוי, ווי פרום מיין מאַמע איז! און דאָך בין איך זיכער, אַז זי קוקט אויף מיר פון צווישן די פינגער... אַזוי, גלייך, קוקט זי אויף קיי־נעם נישט... קוקט און שמייכלט אוודאי... אָט שטייט זי שוין ביים צווייטן פענצטער... ליכט אָפּגעבענטשט און קוקט אויס דעם טאַטן. לכבוד־שבת: אין שטוב אין דער טערקישער שאַל; די לאַנגע אוירינגלעך ציטערן איר אין די אויערן. וויל אָפּווישן די פאַרהויכטע שויב, דערמאָנט זיך: שבת, און טוט עס נישט. אין גאַס איז פינצטער, און דעם טאַטן וועט זי דערקענען אינעם גאַנג... אַז זי דערזעט אים, רייטלט זי זיך שטיל, שטיל און ווענדט

אַפּ, זעצט זיך אין אַ ווינקעלע, מיט אַ האַלב פּנים צו דער וואַנט... פאַר־וואָס קומט נאָך דער טאַטע נישט? שטיקער ליכט שווין אָפּגעברענט... פאַרעדט זיך אַוודאי... קלויבט זיך אַן אורח צום טיש... און אָט — עס עפנט זיך די טיר...

— גוט־שבת, גוט־שבת! דער טאַטע — פריילעך, נאָך אים דער אורח — עפּעס גרילעכציק און גרעבלעך. די מאַמע ענטפערט שטיל: „גוט־שבת, גוט־יאָר", און גייט איבער דער שטוב און שטעלט זיך מיר צוקאָפּנס. איך ענטפער נישט, מיר האָט דער טאַטע קיין „גוט־שבת" נישט געזאָגט, ער האָט מיך נישט געזען! ער זאָל זיך דערמאָנען און פרעגן, ווו לייבוש איז. ער פרעגט נישט, מאַכט קידוש. קוקט אויף מיר און רעדט נישט אַ וואָרט. איך בין קראַנק, און ער מיינט, איך שלאָף. קוקט מיט גרויס באַרעמהער־ציקייט. ער וואָלט געקרעכצט, נאָר שבת... עס מוז מיר זיין ערגער. דערי־בער שטייט מיר די מאַמע צוקאָפּנס. פאַרוואָס לייגט זי מיר נישט די האַנט אויפן שטערן? זי וועט עס טון, זי מוז עס טון. אַנישט וועל איך מיך צע־וויינען! — דערווייל וואַשט מען זיך; דער טאַטע, דערנאָך דער אורח. נעמט ער, דער אורח, אונדזער גרויסע, שווערע, צוויי־אויערנדיקע פולע קופערנע קוואָרט אין איין האַנט אריין, גיט מיטאַמאָל אַ גאָס אויף דער צווייטער, — שעפּט אָן פון פעסל, טושט די הענט — ווידער מיטאַמאָל אַ פולע קוואָרט וואַסער. און אַזוי דריי מאָל... ביי אונדז טראָגט וואַסער דאָס קראַנקע קליינע אייזיקל, וואָס איז מפרנס מיט וואַסער־טראָגן אַ ווייב מיט אַכט קינדער, און נעמען נעמט מען ביי אונדז נישט פון דער קאַן, נאָר פאַר דער וואָך; דאָס פעסל טאָר נישט זיין ליידיק... מאַכט די מאַמע, וואָס שטייט מיר צוקאָפּנס, שטיל צו זיך, נאָר איך הער:

— פרום אויף אייזיקלס חשבון!

דעם טאַטנס „אַ וועלט זעצט מען נישט איין", און דער מאַמעס „פרום אויף אייזיקלס חשבון" — די צוויי זאַמען, די צוויי קערנדלעך, וואָס מען האָט מיר אין דער יונגער נשמה אריינגעוואָרפן, זענען קיינמאָל נישט פאַרלוירן געגאַנגען. שטענדיק, שטיל און באַהאַלטן, געשפּראָצט און אין אַלע מיינע זאַכן אויסגעשפּראָצט...

דערווייל אָבער עסט מען אָן מיר.

בין איך ווירקלעך אַזוי קראַנק?...

אָבער, איך פאָר נישט קיין שעברשין! קראַנקערהייט אַוודאי נישט! ווי די פּלייצעס ברעכן. אָבער צו וואָס שעברשין? קיין שעברשין פאָרט ר' זלמן דער שענקער. צום ברייי־הויז, הייוון באַשטעלן... דינגט ער ביי

ישראל זשדאנאָווער די פור. איז דאָך אָבער „רע־פוילן״ — מוז מען דאָך פאָרן אָדער מיט דער פּאָסט אָדער מיט א י י ג ע נ ע פערד, אָדער אַפּצאָלן א שטייער פאַר נישט נוצן די פּאָסט... יאָ, „רע־פוילן״ — זיפצט ער, פאַרצייילנדיק — שיקט ער אין מאַגיסטראַט אריין, אויף דער ניי־שטאָט ארויס, און לאָזט זיך ברענגען אַ צייגעניש, אַז עס זענען זיינע אייגענע פערד. אָבער „רע־פוילן״, דער שומר וועט צוליינגן נאָז און אויגן צום חותם מיט דער חתימה און פּרואוון, און אפשר נאָך אַ פרעג טון: אפשר געפעלשט? און ר׳ זלמן שענקער וועט דער מוטערם מילך אַנטרינען, — שיקט ער דעם אייגענעם שליח נאָכאַמאָל אין דער ניי־שטאָט און קויפט אוים אַן ערלויבעניש צו פאָרן אויף אַ געדונגענער פור... און איז זיך מיישב: „רע־פוילן״, און שיקט צום דריטן מאָל אויף דער ניי־שטאָט ארוים און לאָזט זיך ברענגען די פּאָסט...

דאָס פאָרט ע ר קיין שעברשין...
מען טראָמפּייטערט — טראַ — טראַ — טראַ...
און אינמיטן טראָמפּייטערן:
— טפּרו — וו — ו! — — —

---

אָנגעקומען...

דער לאַנגער ייד כאַפּט זיין פּעקל און ווערט נעלם אין דער פאַר־שאָטנטער הילצערנער פּאָדציענע 1), צווישן קליטן, שטעלן און שריי־ענדיקע ווייבער... ר׳ פינחסל, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז נישט אינדער־היים... געקומען פון דאָרף אַ זייגעדיקע טאָכטער, וואָס איז קראַנק געוואָרן אויף דער ברוסט, צו׳ן אַ דאָקטאָר און פאַרנומען זיין אַלקער... איז ער אויף די פאָר טעג אוועק צום איידעם אין דאָרף אריין: קאָצקער האָבן פיינט עצבות, מחלות, געקרעכצערייען...

מיך מין קעסטל נעמט אראָפּ די רביצן. אַ שוואַרצע, האָריקע, הויך־געוואַקסענע יידענע....

אַ מאמר המוסגר: מחויב צו גלייבן זענט איר מיר נ י ש ט. איך מאָל נישט קיין מענטשן, נאָר זייער אָפּבילדונג אין מיר, און די אָפּביל־דונגען זענען זעלטן ענלעך צום מענטש; איך מיין: צום אויסערלעכן פון מענטש. עס בלייבט ביי מיר אַ שוואַרצע פאָטאָגראַפיע פון אַ בלאָנדן מענטש, וואָס האָט מיר ארויסגעזאָגט אַ שוואַרצן געדאַנק, און דווקא אַ

---

1) פאָד־ציען — פּויליש — אונטערן שאָטן.

העלע און גאָלדענע — פון אַ שוואַרצער, וואָס האָט מיר אַ שטראַל אין האַרץ אַריינגעוואָרפן, פון נאָך אַ שוואַרצער אויג... די זעלישע ליניען און פאַרבן פאַרדעקן פאַר מיר די אויסערלעכע ליניען און פאַרבן פון קערפּער.. די רביצן האָט געקענט גאַנץ אַנדערש אויסזען...

נאָר, ווי זי האָט נישט אויסגעזען, זי נעמט מיך אַראָפּ מיטן קעסטל, רייסט אונדז ביידע קוים אַרויס פון צווישן אַ קרענצל ווייבער, וואָס האָט זיך שוין אַרום אונדז פאַרזאַמלט... פון די ווייבער פליען צו מיר ווערטער:

— ר' יודעלעס... ריוועלעס... זון... עלטסטער זון... אהערגעשיקט... מין־הסתם — סחורה! צו ר' פינחסלען — ער וועט אים שוין מאַכן פאַר אַ לייט... אַ שאלה... אַ יונג ביימל...

— אָבער, וואָס פאַר אַן אויגענעס! זעט! זעט! —

לאָז איך די אויגן אַראָפּ. און די רביצן פירט... און זי פירט מיך אַריין אין אַ פאַרשאָטנטער שטוב, — נאָר אַ טיר מיט אַ פענצטער אויף דער טונקעלער פּאָדציעניע אַרויס... אין שטוב, קוים איך דערזע — קוי־מען־אויוון, אַ טיש און אַ לאַנגע באַנק. אַ פּאָר בענקלעך... ביי די ווענט — זעק... גראָע, ווייַנענדיקע ווענט (פּונקט מיין היים, מיין אויסגעמאָל־טע, ליכטיקע...) זעק מיט קאַרטאָפל, פון איינעם אַביסל אויסגעשיט... הויפן ציבעלעס, מייערן... זי ציט מיך ווייטער, אין אַ נאָך פינצטערער שטוב אַריין, וואָס ציט איר ליכטיקע חיונה דורך אַן אָפענער טיר אין ערשטן צימער אַריין, און האָט נאָך אַ פאַרמאַכטע טיר צום אַלקער...

— ר' פינחסלס אַלקער, אַצינד פאַרנומען... מיין טאָכטער נעבעך... מיט גאָט זיין הילף... געזונט אָפּפאָרן די טעג. ר' פינחסל וועט קומען... אין אַלקער וועסטו לערנען מיט אים תורה...

דאָס קול איז אויך שוואַרצלעך און האַריק, און פאַרגעסט נישט צוצוגעבן:

— ליכט, יינגעלע, וועסטו קויפן...

און גיט עפּעס אַ וויסטן שמייכל אין דער פינצטער:

— נישט אמת, יינגעלע, די מאַמע האָט דאָך דיר מיטגעגעבן קליין־געלט...

און דרינגענדיק:

יאָ?

— יאָ, יאָ! זאָגן אָבער קען איך נישט, קלינג איך מיט דער האַנט אין קעשענע.

— א סך, א סך... נו, ייִנגעלע, דערווייל זעי דיך... ביסט דאָך מיד פון וועג. אָט־דאָ, ייִנגעלע! דאָס בענקל שאָקלט זיך נישט...

זי זעצט מיך.

— און דאָ, זעסטו ביי דער וואַנט, צווישן דער שאַנק און דעם פעסל וואַסער (פון אַלקער הערט זיך קרעכצן. זי: באַלד, באַלד, טאָכטערשי, איך לויף שוין אָקעגן דעם דאָקטאָר! —) דאָ וועט זיין דיין געלעגער. איך וועל דיר פיין אויסבעטן. און דערווייל (אַ קרעכץ און — באַלד, באַלד, אותו הרגע... ס'ייִנגל איז דאָך הונגעריק!) אָט זעסט, אַ שיסעלע ציבלקעס, ערשט געמאַכט; געוווּסט, דו קומסט. און רעטעך אַביסעלע, שוויצט פון זאַלץ... עס, עס... איך לויף נאָר אָקעגן דעם דאָקטאָר, ברענג איך דיר אַ גלאָז מילך... אָט אַן אייערקיכל. זאָלסט דיך נישט דאַרפן וואַשן.

זי פאַרשווינדט. דער הונגער טוט זיינס, איך וויל אויך „פאַרעסן" דאָס קרעכצן פון אַלקער... איך עס, און די טרערן (פאַרוואָס?) רינען מיר פון די אויגן איבער די באַקן אין שיסעלע אריין... אָבער — פאַרוואָס האָט מען מיך עס פאַרטריבן פון דער היים? וואָס האָב איך אַזוינס געזינדיקט?

— איך וויל נאָכקלערן, דערמאַנען זיך, פאַרטראַכט זיך און קען זיך נישט דערמאַנען. פאַרטראַכטערהייט אויפגעגעסן דאָס גאַנצע שיסעלע. עס וועקט מיך אַ שרעקלעכער דורשט. געוווּנט שוין אַביסל צו דער פינצטערקייט, דערזע איך אויפן טיש אַ גלאָז מילך. מיין איך, די רביצן איז שוין געווען, געברענגט, און איך האָב נישט געהערט. כאַפּ איך, טרינק אויס, — און, דאָס גלאָז נאָך אין דער האַנט, — די רביצן, מיט אַ גלאָז מילך!

— אַ בראָך איז צו מיר! אַ קלאָג איז צו מיר!

צוויי גלעזער פאַלן: פון מיין האַנט און איר האַנט. צוויי קלינג און געפּלאַצעריי. אַ טויט־שרעק־געשריי פון אַלקער...

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז איך האָב אויסגעטרונקען דאָס גלאָז מילך, וואָס מען האָט אָפּגעצאַפּט פון דער קראַנקער ברוסט, צו ווייזן דעם דאָקטאָר.

די רביצן, ענדלעך, זאָגט:

— אַז מען זאָגט משוגע, גלייב!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייסט שוין שעברשין אויך פון מיין משוגעת, פון מיין פאַרחלומט־קייט, טוען אַלע קאַפּויר. און ווער עס וויל, נעמט אין בית־המדרש אַ שטיקל קרייד, מאַכט אויפן טיש אַ ראָד, אין מיטן ראָד — אַ פּינטעלע. אַרום ראָד שרייבט מען אויף אַלע מעלות־טובות, וואָס אַ מענטש קען

האָבן: אַ גוטער קאָפּ, אַ גוט האַרץ, אַ גוט אויג... און אינמיטן, ביים קליי־
נעם פינטעלע — „משוגע"...

„אַביסל משוגע וואָלט נישט געשאַדט, נאָר, אַז דאָס משוגעת איז
אינדערמיט, און אַלע מעלות אַרום, — איז אַלץ משוגע...

דערווייל איז דאָס ווייבל געזונט געוואָרן, אָפּגעפאָרן געזונטערהייט.
ר' פינחסל — געקומען, דעם אַלקער פאַרנומען..

ליבט, צו באַלייכטן דעם אַלקער נעמט מען ביי מיר; נישט ער, די
רביצן... יעדעס מאָל זאָגט זי: „ר' פינחסל זאָל וויסן, וואָלט ער מיר די
קאָפּקע אָפּגעריסן..." איך באַמערק, אַז עס איז „צום גראָם", און בין איר
מוחל... אָבער לערנען אין אַלקער לערן איך זייער זעלטן. בייטאָג איז ר'
פינחסל דאָס מייסטע פאַרנומען מיט בוררות... פאָרט אַמאָל אויף אַ טאָג
אין אַ בוררות ערגעץ אין אַ דאָרף, צי אין אַ נאָענט שטעטל אַריין. ביינאַכט
האָט ער אין אַלקער היתבודדות, טרעט אויף און אָפּ, אָדער זיצט און שרייבט
„חדושי תורה"... אַ מחבר — ר' פינחסל! אַמאָל, זאָגט מען, וועט די
וועלט אַ גרויס ליכט דערזען, אַ גרויס ליכט מק"ק שעברשין... דאָס ליכט
האָט מען נישט געזען... ר' פינחסל איז געקומען אין זיין צייט צו קבר־
ישראל, — ווו די „חדושי־תורה" זענען אהינגעקומען, — איך האָב מיך
שפּעטער נאָכגעפרעגט, — ווייסט קיינער נישט; אפילו די רביצן נישט...
און איך לערן אָן אים. „דער עיקר — זאָגט ער — איז דאָס לייענען... דאָס
לערנען פאַר זיך. דאָס שאַרפן זיך אַליין דעם מוח... צום רבין דאַרף מען
קומען מיט ספיקות, מיט שאלות... מיט „הדבר הקשה"...

„און דער עיקר לערנען איז פאַר טאָג... מאימתי...

און ער טוט זיך זיינס ביי מיינע ליכט אין אַלקער גאַנצע נעכט, און
מיר שאַפט ער אַ חבר, צו לערנען פאַרטאָג אין בית־המדרש... אהיים דער־
פון שרייב איך נישט. ערשטנס — פויל צום שרייבן בריוו, ביזן היינטיקן
טאָג! צווייטנס — עס שמעקט מיט מסירה! דריטנס, אַז „זיי" האָבן מיך
אוועקגעשקיט, איז נישט זייער דאגה... פאַראַן נאָך אַ פערטנס — און
דאָס איז דער עיקר — איך בין אים דאַנקבאַר פאַרן חבר. דעם עלטערן
חבר האָב איך ליב באַקומען אהבת־נפש. מיט פרייד כאַפּ איך מיך אַראָפּ,
פירן פאַרטאָג פון געלעגער, און לויף צום חבר... און וואַרט אָפּ זיין קומען
מיט יונג הארצקלאַפּעניש! לערנען לערנען מיר „זבחים", און איך קריג
ליב, צוליב אים, די סוגיא... אַ יונגערמאַן, וואָס דערמאָנט מיך מיין פע־
טער לייבוש מיט די בלאָע טאַנצנדיקע, דינע אָדערלעך ביי די שלייפן. יע־
נער האָט אויך ליב צו לערנען פאַרטאָג. איך בין אַמאָל קראַנק געלעגן ביי

דער באַבען אין דער גרויסער שטוב. און יעדן פאַרטאָג זיך איינגעהערט, ווי ער לערנט, שטיל, שטיל־זינגענדיק. דער יונגערמאַן, מיין חבר, לערנט אויך האַרציק. די שטימע — ווייך, סאַמעטן, פאַרגנבעט זיך אַזוי צום האַרץ. און שוואַרצע, שוואַרץ־גלאַנצנדיקע פּיאות געלאָקטע האָט ער. און כאַפּט אַפּט איין עק פּיאה אין מויל אַריין. דורך די רויט־זאַפּטיקע ליפּן, צווישן די מילך־ווייסע ציין. און אויגן אונטערן שטערן, היינט וואָלט איך געזאָגט: „פייכט פאַרבענקטע", דעמאָלט: אַזוינע גוטע, גוטע"... „גוט" און „טרויער" איז דעמאָלט ביי מיר דאָס זעלבע. און באַקן עטוואָס געלבלעכע, פאַר־שאָטנטע, נאָר מיט אָפּגלאַנצן פון די „גוטע" אויגן... איינמאָל, לויפנדיק אַזוי פאַרטאָג אין בית־המדרש אַריין, האָב איך דערזען אַ „רוח". ער האָט זיך געוויגט אין דער לופט, אַראָפּהענגענדיק פון אַ פענצטער אין אַן אַלט הויז... „נישטאָ קיין רוח", ווייס איך! דאָס האַרץ אָבער קלאַפּט, דאָס בלוט פּולסירט. אָבער — איך זע דאָך פּאַרט... דאָס האַלט מיך נישט אָפּ. איך לויף פאַרביי, נישט צום מקום־מיקדש, נישט צו „זבחים", — איך ווייס יעצט באַשטימט — צו מיין „חבר"... זיינע אויגן רופן מיך... שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן: עמעץ האָט אַרויסגעהאָנגען אַ העמד צו טריקענען... אָבער מיין שרעק, און דער לוין פאַר דער שרעק — זיין צערטלעכקייט!...

אין עטלעכע יאָר אַרום איז דער יונגערמאַן געקומען קיין זאַמאָשטש, זוכן פּרנסה. ז י י ן פאָטער איז שטענדיק געווען אַן אָרעמאַן און געטון מיט אים אַ געלט־שידוך, מיט אַ רייכן אָרענדאַר פון אַ מיל. דער פּריץ האָט זיך געענדערט, אָנגעהויבן צו פאַרלאַנגען הוספות, דאָס געשעפט איז ערגער און ערגער געוואָרן, דער מילנער — בדיל־הדל און מיין יונגערמאַן איז געקומען זען זיך עפּעס אַ געשעפט, מפרנס צו זיין — זיך, ז יי ן ווייב און קינד, און דעם אַלטן שווער מיטן הויזגעזינד. אַן אַנדערער מענטש. דאָס פּנים האַרט־ביינערניק, אין די אויגן — דאגת־פּרנסה, שרעקיקע דאגות־פּרנסה... איך האָב מיט אים מיטלייד און דאָך מייד איך אים אויס. איך האָב אין האַרץ אַ שיין בילד פון אַ געליבטן מענטש; ביי יעדן טרעפן זיך מיט אים ווערט דאָס בילד טונקעלער, פאַרשאָטנטער, און איך וויל עס היטן ווי אַן אוצר... מייד איך אים אויס...

שטיי איך אויף, ווי געזאָגט, פיר פאַרטאָג, און ביינאַכט שלאָף איך זייער שלעכט. דאָס פּעסל וואַסער קילט מיר דעם קאָפּ; ווייל איך איבער־דרייען דאָס געלעגער; מיין שוואַרצע רביצן פּאַטשט מיט די הענט:

— אַזאַ משוגעת, מיט די פיס צו דער טיר וויל ער ליגן...

שלאָף איך און שלאָף נישט, און הער אַלץ, וואָס אַרום טוט זיך. הער־

איך, ווי ר׳ פינחסל גייט אויף און אָפּ אין זיין אַלקער, אָדער סקריפּעט מיט דער גענדזענער פעדער איבערן פּאַפּיר, אָדער שטעלט זיך אַרויף אויף א בענקל און זוכט א ספר אין הענגנדיקן וואַנט-שענקל... אביסל „אָנגע-רירט״ בין איך שוין, קלער איך, וואָס זוכט ער: א „קולא״ צי א „חומרא״?

— געשריבן אָבער האָט ער פּשטלעך... געוואָלט אַרויסגעבן א ספר מיט פּשטלעך פאַר בר-מיצווהס און חתנים... ווי געזאָגט, פאַרלוירן געגאַנגען!

די רביצן קלאָגט זיך אַמאָל:

— ער זאָל מיר עס אַמאָל צוהעלפן צו דער אַרבעט...

און ער ענטפערט אין דער דריטער פּערזאָן:

— זאָג איך, אַז איך וועל מיין ספר ענדיקן, וועל איך איר קויפן פּערל...

די שוואַרצע האָריקע רביצן, מיטן וואָרצל (וואָס איך דערזע ערשט) אויפן שטערן, רייטלט זיך פאַר נחת. די אייגעלעך גיבן א פינקל, פּערל האָט א יידענע ליב, תורה — אויך! און גיט זיך, זיך נישט אויסצוגעבן, א ווענד אָפּ צו דער וואַנט... מיין מאַמעס באַוועגונג, נאָר אַזוי אומגעלומפּערט און (וואָס נאָך מיאוסער איז) א כאַפּ דעם פאַרטעך צו דער נאָז.

און אָפּט באַקום איך צו הערן, ווי די רביצן רעכנט זיך, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין מיט שכינות, מיט וועלכע זי האָט געקויפט און פאַר-קויפט בשותפות א מציאה...

הייבן הייבט זיך עס אָן שטיל, זייער שטיל... גלייך שטילע פייער-לעך צישען, שלענגלעך וואַרפן זיך איבער צישענדיק (דעמאָלטדיקער איינ-דרוק; ווו איך האָב דעם אויסדרוק גענומען, ווייס איך נישט!) און אַלע מאָל: טסס... דאָס ייִנגל שלאָפט. אָדער: „וועקט נישט דאָס משוגעתל״, און „ר׳ פינחסל שרייבט תורה!״ פּלוצלינג — א הויך וואָרט, באַלד א גראָבס, און נאָך, און נאָך...

— „גנבטע, גזלנטע״... א קללה א שאַרפע... און שטענדיק מיינט מען „מיין״ רביצן... און: שאַ, שאַ!

זי גיט נאָך! איר געלט, זייער נשמה! לאָ׳מען נאָר איר פינחסלען נישט וועקן... און דעם „תכשיט״, וואָס קען אהיימשרייבן א בריוו...

און עס ווערט רואיקער... און, נאָך די חשבונות — גלאַט א גערייד... מען גענעצט, און עס פעדעמט זיך איין א שמועס. דאָס מערסט רעדט די רביצן, וואָס זיצט ביים קוימען-אויוון, נישט ווייט פון דער טיר און מיין געלעגער. און רעדן רעדט זי פון איר קינפטיקער שנור פּערל און שפּעטערן חלק לעולם-הבא — פון איר ר׳ פינחסלען, און — גאַנץ אָפט פון מיר... דעמאָלט ווער איך אינגאַנצן וואַך. עס אינטערעסירט מיך. איך

ווער פון איר זייער פיל געוואָר און דערמאַנט. איך טו פיל זאַכן אומ־באַוווסט און פאַרגעסן פאַרגעס איך נאָך מער.

זי רעדט, שטריקנדיק אַ זאָק, אָדער צערנדיק אַן אַלט בגד. אַנדערע טוען דאָס זעלבע; מען גייט נישט פון שטוב אַרויס, אָן אַן אַרבעט אין בוזעם. און אַלע אינטערעסירן זיך מיט מיר, מיטן „תכשיט", מיטן „משוגעת", מיט „די גרויסע, ברענענדיקע אויגן". „ווי ברענענדיקע הבדלות", האָט איינע פאַרגלייכט; איך האָב עס גענומען אין „מאַניש" אַריין. און די רביצן רעכנט אויס מיינע שיגעונות. פאַרציילט, ווי איך רייס אַלץ פון מיר אַראָפּ, ווי איך שלייף אָפּ די אָפּצאַסן פון די שטיוול. „אַפילו דאָס היטל צערייסט ער"...

— אַ וווּנדער! אַז אַ יונג לויפט אַרום גאַנצע טעג... ר' פּינחסל איז דאָך שטענדיק אַ פאַרטראַכטער, אַזאַ למדן! און איידער ער קוקט זיך אום, והילד איננו! (שקר, ער קוקט זיך גאָרנישט אום!) זוכט מען (אויך זעלטן אמת). וווּ געפינט מען אים? הינטער דער שטאָט. וווּ איז ער דער בחור? ביים וואַסער, אויף דער לאַנקע אויסגעצויגן. קוקט אין הימל אַריין אָדער מיטן פּנים צום גראָז... אָדער רוקט זיך ביז צום ראָד פון דער וואַ־סערמיל (מיין יונגענמאַנס שווערס אַרענדע). און „אַז ער גיט אַ קאָלער זיך ווייטער? און אַז אַ קו, וואָס פּאַשעט זיך, וועט אים געבן אַ כאַפּ אויף די הערנער? — ווער וועט זיין שולדיק?"

און נאָך, און נאָך. אַ מאַסע קליניקייטן: דורכגעלאָפן די פּאַרציענע און, מעשה־שטן, פאַרטשעפּעט זיך אָן זיין קנאָפּ — מנחם־מענדלס בת־יחידהס צאָפּ... ווערט אַ געשריי: מזל־טוב! מזל־טוב, חתן־כלה! די ווייַ־בערישע צונג האָט דאָך קיין ביינער נישט! גייט דער יונג, שטרעקט אויס די הענט צום מיידלס קאָפּ — האַלט זיך אים גלייך פאַרן פּנים און זאָגט: אדרבא, אַ שיין מיידל! געהערט אַזוינס!...

— און מיינט איר — גייט מען איבער, נישט אָן גדלות, צו מיין אָפּשטאַמונג, — מיינט איר „אבי־וועד?" — פון אַ שטיין? אין גאַס געפונען? פון פאָטערס — ר' יודלס צד — אויסגעוווּקט אין תורה, אין גדלות, אין עשירות, ביז צום רבין ר' העשל!...

אַ שפּרונג, ווייל פון דעם צד נישט „באַהאַוונט". פאַר דאָס אויס־פּירלעכער פון דער מאַמעס צד, — זאַמאָשטש! —

און איך ווער געוואָר (אויב אמת), אַז מיין עלטערזיידן פון דער מאַמעס צד האָט מען גערופן „דער סטאַראָסטער". „ר' לייבוש סטאַראָס־טער"; איך הייס נאָך אים — דער משוגענער לייבוש! (איך

פאל דאך ביי מיר נישט אראפ!) און פארוואס האט מען אים גערופן סטאַראַסטע? ווייל ער האט זיך געפירט ווי א סטאַראַסטאַ, ווי א שררה! גע־האט זיך זיין באַזונדערע שטוב, נ י ש ט קיין אַלקער! רויט־געפאַרב־טע טיש און בענקלעך, געטראָגן זיידענע זאָקן, גערעדט דייטש ווי א וואַסער, און אז עס איז געקומען דער שררה זאַמאָיסקי, דער אָרדינאַט, וואָס האט זאַמאָשטש געבויט, פלעגט ער אים רופן און רעדן מיט אים פה־אל־פה. און נישט: „סלוכיי, זשידקו!" נאָר מיט גרויס דרך־ארץ...

און די עלטערבאָבע האט א געוועלב געהאַט, א גרויס געשעפט פון קאָלאָניאַל־סחורה, טאַקע מכל־טוב און — מעבר־לים... סחורה פון לייפסק; היינט האט דאָס געשעפט בירושה מיין פעטער אינעם הארטן קאַפּעלוש, ווי דערמאָנט — דער שפּעטערער זאַמלען פון מיינע היימיש־געבאַקענע שירים. און אין דעם געוועלב — הערט, וואָס א יידענע א צדיקת קען! — זענען געווען אָפּגעטיילט צוויי שופלאָדן: איינס מיט ראָזשינקעס, דאָס צווייטע מיט מאַנדלען, פאר אָרעמעלייט. דער גאַנצער פידיון — אויף צדקה! און קומט אריין אן אייגן קינד און וויל א ראָזשינקע, קריגט עס איבער די הענטלעך; מוז עס אריינוואַרפן אין באַזונדערן שופלעדל פאר אָרעמעלייט א גראָשן... א פּרוטה... (דעמאָלט נאָך פּרוטות געגאַנגען).

און ווערט שטיל, און איך דרימל עטוואָס פּעסטער איין, בויט זיך אויף פאר מיר „מיין" און זאַמאָיסקים זאַמאָשטש — דאָס קליינע פּאַריז. און, ווי דערמאָנט, אויסגעמישט מיטן עלטערן זאַמאָשטש, פון וועלכן איך האָב קינדווייז געהערט.

און איך זע זאַמאָשטש נאָך אַלס פעסטונג אין איר מאַכט, פּראַכט און אַרומגעוואָרפענער שרעק... אַרום — נישט פּאַרלאָזטע, נישט אָפּגע־שיטע, נישט אָפּגעשטאָכענע וואַלן; צווישן וואַלן און וואַלן — פּאַסן מיט וואַסער; טיף, קלאָר וואַסער... א זעלנער, פון א דאָרף אין טיף רוסלאַנד, האט זיך אַמאָל אַהיים פאַרבענקט, אַנטלאָפן פון קאַזאַרמע, געוואָלט אַריבערשווימען דאָס וואַסער, צו שווערע שטיוול געהאַט, און — דער־טרונקען געוואָרן. אַרום, אויף די וואַלן — האַרמאַטן, קאַרטעטשן, דריי און פיר עקן מיט קוילן, — מען טאָר אויף זיי נישט ווייזן מיט א פינ־גער! עס גייט אויף און אָפּ אויף דער וואַך א באַוואָפנטער זעלנער, און גיט מען א ווייז מיט א פינגער — „פיף־פּאַף!", געשאָסן, און לית־דין ולית־דיין! ס'קומט אַזוי!

די בראָמען זענען נאָך בראָמען. אינדערפרי בלאָזט א טראָמפּייט, עפנט מען. פאַרנאַכט שפּילט מען „זאָרים" — פאַרמאַכט מען... די לובלי־

נער בראָם איז ווי־זאָ־ווי צו די בית־המדרש־פענצטער... צווישן דער וואָך און דער בראָם איז פאַראַן אַ זעלנער אַ קאַנטאָניסט... אַ גאַנצן טאָג ליגט ער אינדרויסן, מיט די אויגן פאַרקוקט און די אויערן אויסגעשפּיצט צו די בית־המדרש־פענצטער צו... נאָך זאָריס, אַז די וואָך גייט אויף און אָפּ, פאַרגנבעט זיך דער קאַנטאַניסט אין בית־המדרש אריין און זעצט זיך לערנען.

מען האָט אים אַמאָל געכאַפּט, אויפן פלאַץ, צווישן וואָך און בית־המדרש, „סקוואַז סטראָי" געטריבן... בלוט האָט געשפריצט, ער האָט קיין קרעכץ נישט געטון... מיטן איינגעשפּאַרטן שווייגן דעם אָפיציר, וואָס איז דערביי געשטאַנען, אין צאָרן אריינגעבראַכט: וואָט זשיד! אַ קאָמאַנדיר געטון: זשיוועי, רעביאַטאַ! האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ שמייסעניש... ווי אין די „דריי מתנות"... אין בית־המדרש האָט מען געחלשט... די קלאָג אין עזרת־נשים, וווּ ווייבער זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן, איז אין־לשער — „כל־נידרי" איז גאָרנישט!

אכציק ריטער האָט ער באַקומען און פאַרשווונדן... ערגעץ פאַרשיקט געוואָרן...

און איבער די „וואַסערן" פון די פאָסן, הינטער אַלע דריי בראָמען, — דריי אייזערנע ענגל־בריקן אויף קייטן... פאַרן עפענען די בראָם לאָזט מען זיי אַראָפּ, פאַרן פאַרמאַכן ווערן זיי אויפגעהויבן...

פלוצלינג ענדערט זיך דאָס בילד, און איך זע „שעלמעווען" אַ פאַרזינדיקטן אינמיטן מאַרק... איך בין נאָך אַ קינד, גיי אַרוים פון דרדקי־חדר און קען אַהיים נישט קומען. „מען וועט שעלמעווען"...

אינמיטן מאַרק שטייט אַ טיש, אויפן טיש ברענט, אין עפּעס אַ כלי, אַ פייערל. אויפן טיש שטייט דער האַלב־נאַקעטער פאַרזינדיקטער... ביי'ן אים — דער היצעל (הונט־שלעגער, תלין). ער האַלט מיט דער לינקער צו דעם זינדיקן און אין דער רעכטער — אַ הילצערנע שטול פון אַ חתימה, וואָס גליט אין פייער... עפּעס אַ מיאוס שרעקלעך וואָרט שטייט אויף דער חתימה. גנב, צי רוצח... איך געדענק נישט... אַרום טיש — דער גאַרניזאָן מיט דער מוזיק, אַרום מיליטער מיט דער מוזיק — עולם... שטאָטלייט. „מיעשטשאַנעם" פון די פאָרשטעט — קינד און קייט, אפילו פויערן מיט פויערטעס, וואָס זענען צופעליק פון דאָרף געקומען. דער מאַרק — געפּראָפּט. פול קעפּ — די פענצטער, פול דעם אַפּטייקערס באַלקאָן... קליי־

נע מענטשעלעך — אויף די דעכער, ארום די קוימענס 1) „דווידל גנב" קריכט ארויף אויף א בלעכענער רינע... מען באמערקט עס:

— די רינע וועט זיך אפרייסן!

שפרינגט ער אראפ ווי א קאץ...

פלוצלינג — א שטילקייט פון פאר שופר בלאזן. דער היצעל כאפט ארוים די חתימה, די מוזיק גיט א שמעטער, די חתימה ווערט צוגעלייגט צום זינדיקנס שטערן, דערנאך צום נאקעטן עלנבויגן...

ווערט מיר פלוצלינג קאלט, כ'צי ארויף די קאלדרע, איך ציטער איינגאנצן. עפעס א האנט (א הארטע, דער רביצנס!) טאפט מיר דעם שטערן...

— פינחסל, פינחסל... היץ האט ער!

———————————————

געזונט געווארן, צום זמן איז קיין סך נישט געבליבן, שיקט מען מיך אפ, ר' פינחסל דארף סיי־ווי־סיי פארן כשרן מילן אויף פסח. און אזא תלמיד דארף ער נישט. פון מיין קרענק אבער פארציילט מען נישט, און מען שיקט מיך אפ מיט א גאנץ פעקל מסירות: „עס איז פון מיר נישט אויסצוהאלטן. אמת משוגע". פאקטיש, וואס מען האט געמסרט, גע־דענק איך נישט. עס האט מיך ב א ל ד נישט אינטערעסירט, אבער ווארט ביי ווארט פאלש. מיך צו פארטיידיקן האב איך קיין צונג נישט אין מויל. דער טאטע שרייט אביסל, וועט ער זיך אויסשרייען. די מאמע וויל אביסל וויינען, ווארפט אבער אויף מיר א בליק, זעט מיין רואיקייט און ציט צוריק די טרערן; דאכט זיך, אומבאוווסט איבערצייגט, אז — נישט קשה...

אין בית־המדרש רעדט מען אביסל. דערנאך אינטערעסירט מען זיך מער צו וויסן, וואס און ווער ר' פינחסל איז... איך ווייס נישט, וואס צו זאגן. כמעט אים נישט געזען, אדער פארגעסן.

— וואס האט ער מיט דיר געלערנט?

דאכט זיך, גארנישט...

און עס גלוסט זיך נישט צו דערמאנען. גוט, אז אויסגעלייזט, פריי געווארן...

אבער נישט אויף לאנג. „וועסט לערנען אין דער היים" — (שלעכט!) „א פאר שעה אין טאג" (א!) ביי ר' אברהם־יהושע... דו און... מען רופט מיר אן א חבר, מיט וועלכן איך האב ווירקלעך א קורצע צייט געלערנט,

———

1) אויך „דריי מתנות".

און קען מיך יעצט בשום־אופן נישט דערמאנען, נישט מיין חברס נאָמען, נישט זיין געשטאַלט, און נישט וואָס מיר האָבן צוזאַמען געלערנט. ביכלל פליען מיר אין קאָפּ אַרום גאַנצע סוגיות, גמרא־שטיקער, אָבער ביי וועמען געלערנט און ווען? געדענק איך נישט.

ר' אברהם־יהושע איז פריער דיין געווען. פאַרוואָס איז ער דיין געוואָרן? אַז איך פרעג, פאַרשווייגט מען. האָט אַפילו קיין גליק נישט צו בוררות. מען נעמט אים נישט גערן. א „דרייקאָפּ!" זאָגט מען. א למדן איז ער. פון די גריבלער, און האַלט פון אייגענעם קאָפּ עולם ומלואו... פון אויבן־אויף — א גרויסער ירא־שמים. נאָר עפּעס גלייבט זיך נישט... א קורצזיכטיקער, לאַנגקעפּיקער, פּאַרטאַביקטער ייד אין אַן אַלט ספּאָדעקל מיט לעצלעך. ביי אונדז אין שטוב הענגען צוויי פּאָרטרעטן, פון טאַטן צופעליק ערגעץ אויף א ליציטאַציע געקויפט, נאַפּאָלעאָן דער דריטער און זיין ווייב — די יפהפיה, די קיסרטע עוגעניע. הענגען מיר איבער די יפהפיה אויפן ירא־שמימס זייט. וואַרפט ער א בליק, ווענדט אים ראש אָפּ און קוקט שוין צו דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, ווו מיר האָבן גע־טוישט און אויפגעהאָנגען נאַפּאָלעאָנען. צומאָרגנס — הענגט עוגעניע צוריק אויף איר אָרט... ער בריט זיך ווידער אָפּ, קוקט שוין נישט אויף די ווענט...

קומט אָבער צו „קענטעניש", קריכט שוין זיין גאווה אַרויס פון דער שייד אינגאַנצן.

שפּראַכן? הבלים! ווען ער זאָל וועלן קענען א שפּראַך, נעמט ער א ווערטערבוך און לערנט עס אויס, אין א חודש צייט, אויסנווייניק, קען ער די שפּראַך...

— און אייערע חכמות!

— רבי, ווי אַזוי, למשל, קען מען וויסן, ווי ווייט עס איז פון אונדז די זון?

— חוזק!

„מען נעמט א ליכט, מען מעסט אויס די הויך מיט דער ברייט — דעם גאַנצן פאַרנעם פון פלעמל. דערנאָך נעמט מען און מען רוקט פאַ־מעלעך פון זיך אָפּ דאָס ליכט, למשל: אויף ד' אמות, און מען מעסט איבער... זעט מען, אַז דאָס פלעמל איז, אויף ד' אמות, אויף אַזויפיל און אַזויפיל קלענער. טיילט מען דעם מהלך צו דער זון אויף ד' אמות, א פּשוטער חילוק, און מען טאָפּלט מיט דער צאָל פון קלענער ווערן... א פּשוטער כפל"...

פלאצן מיר ארוים מיט א געלעכטער!

— און ווי מעסט מען דעם מהלך פון דער זון?

אויך פשוט, און נעמט א שמעק טאבאק: א פשוטער חשבון, נאָר פארקערט... אז מען ווייסט, ווי גרוים די זון איז און ווי קליין זי זעט אוים, דאָס מעסט מען שוין מיטן אויג — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס הילכט א ניי געלעכטער. באליידיקט, פארשווייגט ער און נעמט זיך צום לערנען.

דער וויכוח שמעקט, ווי איר האָט געוויס באמערקט, מיט „בערנ־שטיין“...

ווי קומען מיר צו בערנשטיין?

„הנצנים נראו בארץ!“ — עס שמעקט שוין אין „קליין פאריז“ מיט השכלה...

דערפון אין די ווייטערע פרקים!

---

## השכלה. אַ בילבול. אַברהם מאַנים. צוריק השכלה

„הנצנים נראו בארץ" — עס הייבט אָן שפּראָצן אין פּוילן־לאַנד.

און דאַרפן זיך באַווייזן נייע שפּראָצונגען, איז (נאַטירלעך, אויסער וואַרשע) זאַמאָשטש די שטאָט מיט פּולן רעכט אויף ביכּורים!

דער ג ע ב ר ו י ך וועט זיין!

אַפילו ראש־חודש־רעטעכלעך באַווייזן זיך ביי אונדז (אַזוי רימט מען זיך) פריער ווי אומעטום, אַזוי שפּעטער אַלע פּרוכטן. מעגלעך, ווי עס פעלט מיר יעצט איין, אַז דאַרום רופט מען אונדז, ווי שוין דערמאַנט: „זאַמאָשטשער פרעסער!"

---

די השכלה, אַז זי וועט זיך באַווייזן, וועט ביי אונדז קיין אַסימילאַ־טאָרישע פאַרבן נישט טראָגן. עס קען ביי אונדז טאָגן, עס קען זיין, אַז גאַלדפאַדן האָט רעכט, קלאָפּנדיק אין די לעדן: עס איז שוין לאַנג טאָג! מען דאַרף, עס איז שוין צייט אַרויסצוגיין אין גאַס. אָבער אין גאַס וואַרטן אויף אונדז די אומות־העולם נ י ש ט, פון געאָרעמט שפּאַצירן און גע־מיינזאַמע כאָראַוואָדען איז דערווייל ביי אונדז נישט וואָס צו רעדן...

קליין פאַריז איז אַ באַזונדער, שאַרף־אָפּגעגרענעצט וועלטל.

עס פעלט גאָרנישט איין, זיך מיט עמעצן צו מישן, און עס איז נישטאָ מיט וועמען!

אַ באַזונדער יידיש־באַלעבאַטיש קעניגרייך. אַ פּירעקיקער מאַרק (הינטערגאַסן קומען צו שפּעטער) מיט אַ שתּי־וערב פון צוויי ברוקירטע גאַסן. שטעלט איר אייך, למשל, אין מיט שטאָט, אויפן פּונקט, ווו די ברוקירטע גאַסן לויפן זיך צוזאַמען, מיטן געזיכט צום מאַגיסטראַט מיטן זייגער־טורעם, — האָט איר אַרום זיך די גאַנצע, שאַרף־אָפּגעגרענעצטע, רואיק־באַלעבאַטישע מלוכה.

האָט איר פאַר זיך — אַ שמאָל געסל צום טאַרג; פון טאַרג — אויך אַ שמאָלס, צו דער לובלינער בראַם.

רעכטס, עטוואָס הינטער זיך — די לעמבערגער בראַם... אַמאָל — ג אָ נ צ ט געוועז לעמבערג. היינט דאַרף מען אָן אויסלענדישן פּאַס, אַהין

צו קומען. מיר זענען יוצא מיט טאַמאַשאָוו, פון פאַר דער גרענעץ, אין דער רעזידענץ פון „שמע־ישראל״.

צווישןביידע בראָמען, אין און איבערן וואַל — קאַזאַרמען. קאַשאַרן גרויסע, פעסטע, מיט רויטע ציגל באַזעצטע, געדעקטע מיט אייזן.

לינקס, פירט די ברוקאָוואַנע גאַס צום שלאָס. א גערטל, פון דער שטאָט־זייט — אָפן, הינטן — דרייקאַנטיק ארומגעמויערט מיט הייזער, ווי די אָפיצירן וווינען. צוויי דורכגענג, נישט זייער צוגענגלעכע, צווישן די הייזער, ביי די ווינקל, וואָס פירן צו אַ פּאָסע אראָפּ, צום צעך־הויז, צום פּלאַץ פון קוילן און הארמאַטן, און דאָס אַלץ לויפט צו צום קאַסעמאַט ביי דער שעברשינער בראָם, וואָס איר האָט הינטער זיך, לינקס, — אויף דער זעלבער, האַלב־רונדער ליניע, — דאָס שמאָלע וועגל, צום סמאַטרי־טעלס הויז, צום טייך; דער אָפיצירן־קלוב — די בלאַגאָראָדנאַיע סאָבראַ־ניע. — פאַרן קלוב — די רייטשול, און ווייטער, און ווייטער, ביז דער לעמבערגער בראָם ווידער — וואַלן, קאַזיאָנע געביידן א. ד. ג.

אַרום געקרייד...

ווען האָבן מיר אין שטאָט פון פּאַליאַקן?

דעם אַפּטייקער, וואָס פאַרקויפט מיט אַ שטיל־שטאָלצער איינגע־האַלטנקייט פון אָפּגעקומענעם שררה — מעדיקאַמענטן (דאָס מערסט גייט „ווינער־טרענקל״ און ביטער־וואַסער) און זיצט זיך, אויב ער האָט צייט, אויפן גאַנעקל אין מארק אריין, און בלעטערט אַ בוך מיט בילדער פון אַלט־פּוילישע מלכים. זענען די שויבן־טירן אין שטוב אריין אָפן, הערט זיך פון דאָרט די פּיאַנע. דאָס ווייב און צוויי טעכטער שפּילן. זע־נען דאָס ווייב מיט ביידע טעכטער העסלעך, ווי דריי אויסגעצויגענע שוואַר־צע נעכט, און שפּילן נישט שיין. — דער זון זיינער, וואָס וועט אים אַמאָל פאַרטרעטן, שטודירט נאָך ערגעץ.

דעם קוימענקערער־מייסטער, וואָס וווינט אין הייזל מיטן גרויסן הויף לעבן דער רייטשול; פאַרברענגט די ווינטער־אָוונטן שפּילנדיק מיטן ווייב (קיין קינדער נישטאָ, ווייניקסטנס — אויפן אָרט) אין טערטל־מערטל. זעצט און פלאַנצט פרילינגס־צייט זיין גערטל אין הויף, און באַ־ווייזט ער זיך זומער אַמאָל אין מארק, אויף דער פּאָדציענע, בליען אים די איינגעלעך, רייטלען זיך די בעקעלעך, און מאַכן מאַכט ער טריטלעך, ווי אויף ריסאָרן; ווייכע, האַלב־רונד געהויבענע, — ווייכט מען אים; האָט אַ שוואַכקייט — זיך צו קושן! נישט זיין שולד; נאָר זיין „באַהאַלטן״

ווייבס, וואָס קיינער זעט פאַר די אויגן נישט! אזא ווישניאַק שטעלט זי־
אים. „א—כ—פּ—ה מעט"; רעדט אַ פּאָר ווערטער יידיש!

דעם דאָקטאָר סקרשינסקי, דעם גוט־האַרציקן, נאָר לעבערלעך־צאָר־ניק־שוימענדיקן אַלטן „אינטעליגענט" — אויך — אַ ווייב מיט דריי טעכטער, אויך — שוואַרצע נעכט. און ער אַליין — אויסגעוועבט. נאָכן עקזאַמען דאָס בוך פאַרמאַכט און מער נישט געעפנט. פאַרזאָרגט זיין פּאַך, געדענקט אויסנווייניק, קומט אין שפּיטאָל אריין, גייט דורך צווישן די צוויי רייען בעטן, וואַרפט אַ בליק, הייסט ווייזן און באַקוקט די צונג, — רעכטס, צוריקצוווועגס — לינקס, און לאָזט זיך אין קאַנצליי אריין. דער פעלדשער נאָך, קומט צום טיש, פאַרשרייבט מיט אימפּעט עטלעכע דרייסיק רעצעפּטן מיטאַמאָל און — „מאַש, פּשאַקרעוו"; גיט איבער דעם פעלדשער...

וואָס עס איז געשען אין דער מעדיצין נ אָ ך זיין עקזאַמען, — נישט זיין זאַך. שפּעטער, אַז מיין רייכע קאַלטע מומע, מיט די בריליאַנטן אין די אויערן, מיטן קעלנערל, אויסגעגנייט מיט פּערל, י. מ...'ם קליין שמייכלדיק ווייבל, וועט קראַנק ווערן, און מען וועט אַראָפּברענגען אויף אַ קאָנסיליום אַ באַרימטהייט פון וואַרשע, און די באַרימטהייט וועט אויס־הערן דאָס האַרץ, — וועט זיך סקרשינסקי נישט איינהאַלטן, כאַפּן די פלאַכע האַנט פאַרן מויל און אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער:

— קאָלעגאַ, דו גלייבסט אויך אין די שוואַרצע קונצן?

וועמען נאָך?

איך געדענק נישט מער. אַ שבת־גוי? דאַכט זיך, גאָר אַ שבת־גויע...

עפּעס אַ „לאַפּיי" — אַזוי רופט מען אַן אַלטע, נישט־גאַנץ־ביים־שכלדיקע, גראָע, אַזויגערופענע „לאַפּיי", וואָס גייט איבער דער שטאָט נישט אויפן גאַנצן געשטעל פון פוס, נאָר אויף די שפּיץ פינגער, מיט די פיס־באַלן קאַפּויער, מיטן גראָען קאָפּ, וואַסערדיקע אויגן און האַלב־אָפענעם מויל, מיט צוויי קרומע ציין, און מיטן קאָפּ אַרויף, גלייך — צום הימל מיט אַ טעמפּער טענה: צו וואָס האָסטו מיך באַשאַפן? צו וואָשן פּאָדלאָגעס? — בין איך אָבער נישט זיכער, צי איז לאַפּיי נישט קיין יידיש קינד...

וואָס נאָך? אויף דער לאַנגער פּאָדציענע זיצן אַלטע גויעס, ביי־שטעלן פון דינע, שוואַרצע קעלבאַסעס און חזיר־פעטס... אין דער טיף פון דער לינקער פּאָדציענע צום מאַגיסטראַט — אַ קריסטלעך הויז פאַר אַלטע; שיטן זיך אַמאָל פון דאָרט אַרויס אַלטע גויעס (מענער זעט מען

נישט), געהויקערטע, בלינדלעכע, געבויגענע, שווארץ געקליידטע, מיט שווארצע ציפּקעס אויף די קעפּ, שווארצע קרייצן אויף דער ברוסט, שוואר־צע „פּאטשאַרקעס" אויף שווארצע שנירלעך — אויפן האלדז. און עס גייט, און שטאַלפּערט, און ברומט עפּעס בייזלעך, און מורמלט עפּעס — צום קלויסטער צו און צוריק...

אן אַפּטער גאַסט אין שטאָט איז: „דיעדע". א מולער פון פאָר־שטאָט. א הויכער, שטענדיק שלעכט געגאָלט, א האָריק געל פּנים, ווי אַן ערשט אָפּגעשניטן פעלד, — גייט איבער די פּאַדציענעס, מיט די פאַר־נעפּלטע אויגן, עפּעס אין דער לופט זוכנדיק, גלייך, פאַר זיך, און קרועה־בלועה, אָפּגעריסענע לייוונט... שטאָלפּערט מיט די לאַנגע קרומע פיס, אי־בער וואָס עס ליגט אויף דער פּאָדלאָגע, פּאַרטשעפּעט מיט די אומגעלומ־פּערטע הענט בייגל און אויבס אויף די שטעלן, און שעלט מיט שוים אי־בערן מויל, און קיינער הערט נישט ווּעמען. מען זאָגט: ווייב און קינד, וואָס האָבן אים זיין געלט, וואָס ער האָט מיט מולעריי פאַרדינט, אַז ער איז שיכור געוואָרן, צוגענומען; מיטן הויז, מיט א שטיק פעלד, און אים אליין געלאָזט הפקר...

רעכטע פּריצים האָב'מיר נישט. איין אָרדינאַט זאַמאָיסקי, ווייזט ער זיך נישט... קומט, זאָגט מען, אַמאָל אויף „קבר־אָבות" אין ווייסן קלויסטער אריין, ווו זיי ליגן אין אייזערנע, שטאָלערנע, בראָנדז־ און זיל־בערנע טרומנעס אין די קעלערס, און הענגען אין דער הייך אין קלויסטער אלס פּאָרטרעטן אין דעליעס, מיט א מין שטריימלעך אויף די קעפּ און געלע שטיוול אויף די פיס. אָפט קומען זיינע פּאַסעסאָרן. אַמאָל, זאָגט מען, זענען עס יידן געווען, איינציקוויז אַרויסגעשטופּט, איין י. מ. ביי'ן א פּאַסעסיע געבליבן. קומען זיי אַמאָל אויף רייט־ און פעלד־וועגעלעך, קויפן עפּעס איין, מענער — אין די אייזן־געשעפטן, די פרויען — אין קאָלאָניאַל־האנדלען, אַמאָל אויך אין איינציקן מאָדע־מאגאזין, וואָס עס האלט א יידישע אלמנה מיט צוויי דיקע איבערגעוואַקסענע טעכטער (אויף וועלכע מען רעדט; אָפּיצירן קומען אריין) און — עסן אַמאָל א מיטיק אין ק—נ'ס וויינהאנדל אויף דער „ברוקאָוואַנע" גאַס.

בלייבט דאָס פויערן־פאָלק ארום... וואָס קומט זונטיק אויפן מארק, זונטיק און יעדן חגא נאָך אין קלויסטער אריין. — א שטיל אונטערטעניק פאָלק... ערשט פון דער „פּאַנשטשינאַ" באַפרייט; די אַלטע בענקען נאָך נאָך איר, ווי מיר אַמאָל, נאָך מיצריים, צום פליישטאָפּ, די יונגע — ווייסן נאָך נישט, מיט דער פרייהייט וואָס צו טון, לעבן נאָך אונטער דער

השפעה פון די אַלטע, פון וועלכע מען קריגט נאָך פּעטש, אויב מען גריסט נישט דעם פּריץ מיטן קאָפּ צו דער ערד, אָן אַ היטל, צו די קניען צופאַלנ־דיק... אין שטאָט זענען זיי עפּעס אָפּהענטיק, אומרואיק־שרעקיק, קאָמיש־שטאָלפּערנדיק אויף טרעפּ. געפערלעך ווערן די יונגעלייט נאָר דאַן, ווען זיי קומען צו דער סובּרעוויזיע" — בּין המצרים: צוגענומען, פון דאָרף־רעזשים באַפרייט, אין מיליטערישע נאָך נישט אריין, — מאַכט מען „סוקצעסן", אַ רים אַ ייד ביי'ן אַ פּיאה, אַ כאַפּ אַ בייגל ביי'ן אַ זי־צערן; אויסגעהאַקט אַ שויב אין שענק... און ווידער שטיל און מיט דרך־ארץ פאַרן ייד, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געשטאַנען צווישן אים און דעם פּריץ. אין דאָרף איז מען מיט מאַשקען „כל־ולך". אָן אים גייט מען צו קיין רופא נישט, ראָט מען זיך מיט קיין אַדוואָקאַט נישט, — און ער איז אָפט אויך דער בורר אין דאָרף...

מיטן „חם" זיך אַסימילירן?

בלייבט דאָס מיליטער אין שטאָט.

דעם סאָלדאַט לאָזט מען אפילו נישט איבער דער בּאַדציענע. „אַ מזיק, לקחנט מיט די אויגן"... די אונטעראָפיצירן, די פעלדפעבלס, שוין לייטישער, זעצן ביי מענדל שענקער אין באַזונדערן אַלקער און לאָזן זיך שמעקן די יידישע פּופּיקלעך מיט די העלדזלעך, וואָס ווערן דאָרט גע־בּראָטן. פאַרטרינקען זיי מיט י"ש און — רעדן אָן די טאָכטער צו שמד... קוים באַפרייט זי...

קיין „געזעלשאַפט" איז דאָס מיליטער נישט...

בלייבן די אָפיצירן...

מיט זיי האָט מען שוין מגע־ומשא... זיי טרינקען ווײַן ביי ק—נען אין וויין־הויז, צעברעכן נאָכן טרינקען די גלעזער, קריצן אויס זייערע נע־מען מיט די דימענטענע פינגערלעך אויפן גרויסן שפּיגל אין דער מאַכאָ־נענער רעם; אויף די שויבן פון פּענצטער... זיי באָרגן ק—נס קליינער, בלאָנדער, שטילער טאָכטער רוסישע ביכלעך... זיי „ביוועז" זייער אָפט, נאָכפּרענגנדיק אויף די ווייבער אָדער „גלאַט אַזוי" אין דערמאָנטן מאָדע־מאַגאַזיען פון דער אַלמנה מיט די צוויי בוגרתן און (וואָס איך האָב נאָך נישט דערמאָנט) דעם זון — יונהטשע...

אויף די טעכטער, ווי געזאָגט, רעדט מען... זיי זענען אויך דער יצר־הרע פון נישט איין ישיבה־בחור: „ווען אַ גרויסער, קנאַקנדיקער פראָסט, זוען מען פאָרט מיט איינע פון זיי, אַלציינס וועלכע, אַליין אין אַ בויד... אַקלט, זי מוז זיך צורוקן... נענטער, נענטער..." און יונהטשע — מוקצה

מחמת מיאוס... אַ דיקער, אָן אָראָפּגעזעצטער, אַ רויט פּרצוף, אַ געגאָלטע מאָרדע, האַלט אין איין אויסקראַצן זיך מיט די נעגל די וויינפּערלעך פון דער געגאָלטער מאָרדע... „שילאַטן־שמש" ביי די אָפיצירן, טראָגט בריוולעך און חברט זיך מיט די דינסט־מיידן...

— פוי! און שטילערהייט — אביסל מקנא...

סיי־ווי־סיי — אַ פרעמדע וועלט. און דאָך, עס הייבט זיך אָן שפּינען אַ שטיקל באַציונג... נישט, חס־ושלום, קעגן פּאָליאַקן... פּאָליאַקן זענען מיר הייסע! ווי לאַנג איז, ווי מיר האָבן תהילים געזאָגט פאַרן ניצחון פון דער צווייטער מרידה?!

קיין פּויליש חייל, קיין באַוואָפנטן פּאָליאַק האָבן מיר פאַר די אויגן נישט געזען. פון לעמבערג איז אַ געהיימע דעפּעשע געקומען (דער פּאָסטקאסטן איז אַ לאָך אין מויער פון אַ פּאָדציענע־אַרקאַדע), אַז זאַמאָשטש איז גענומען; עס איז אַפילו נישט באַלעגערט געווען. אַפילן פון זייגערגאַנעקל האָט מען אַרום און קיין באַוואָפנטן פּאָלק נישט געזען... זענען מיר, יינגלעך, חדר־ און בית־המדרש־יינגלעך, פּויליש חייל געווען! און אינגאַנצן איינאיינציקן שונא געהאַט; אַ בחור, ערשט פון ביאַליסטאָק צו'ן אַ פעטער געקומען; אַ בלינדער אויף איין אויג. האָבן מיר אים טאַקע שיר־נישט אויסגעקראַצט דאָס צווייטע, און אַזוי איין מאָל, די ביינער געבראָכן, אַז ער איז חדשים לאַנג געלעגן און קוים זיך אויסגעלעקט... און ווער איז דער פּוילישער נאַטשעלניק פּאָוויאַטו? ווער שיקט אַרויס אין וואַלד אַריין ברויט מיט קליידער צוזאַמענגעקליבענע, און אַמאָל אויך אַביסל אַמוניציע, פון צעך־הויך געגנבעטע? י. מ'ס אַ (פאַרלאָרענער) זון... וואָס האָבן אים טאַקע, דעם פאָטער, אַז מען האָט אים, צוריקפאָרנדיק פון וואַרשע, אין וואַלד געכאַפּט, אין קעשענע אַ רוסישן פּאַס געפונען, און אין די שטיוול — אַ קאָנטראַקט צווישטעלן היי און האָבער פאַר קאָזאַקן — פון דער תליה אַראָפּגענומען! גראָד אָנגעקומען...

און פונדעסטוועגן — פּאָדריאַדן! מען טרעפט זיך מיט אָפיצירן אין רייטשול... יידישע טעכטער זענען חנעוודיק... אַ ביכל אַ רוסישס באָרגט מען... אַפילו מיך הייבט מען אָן צו לערנען רוסיש... נאָך „פּקד־פּקדתי", נאָך „אָלענדאָרף" אויף דייטש, מוז איך אַנטלויפן פון גרעטשס גראַמאַטיק, און פון לערערס (אַ „שרייבער" אין פּאָלק) מויל, פון וועלכן עס יאָגט „סיבוכאַ"...

עס שפּינט זיך עפּעס, און פּלוצלינג — דאָס שפּינוועבס רייסט זיך אָבער איבער!

געקומען אַ בילבול!

---

צווישן אונדז און די אָפיצירן שטעלט זיך אַ וואַנט און זי וואַקסט...

אין גערטל פאַרן שלאָס, ווו די אָפיצירן וווינען, שטייט, צווישן די קליינע גרינע ביימלעך, די קאַסע פון פּאָלק. באַוואַכט, פאַרשטייט זיך, פון אַ זעלנער, אין שווערד און ביקס באַוואָפנט. קומט ווער אין זיינע ד׳ אמות — שיסט ער!

און איינמאָל, פאַרטאָג, מען קומט אים אָפּוועקסלען, מיין סאָלדאַט מיטן געווער, מיטן גאַנצן געווער, ליגט אין אַ זאַק געבונדן. די קאַסע — אויפגעבראָכן, דאָס אייזערנע קעסטל מיטן געלט — פאַרשווונדן!

דאָס אייזערנע קעסטל געפינט דעם זעלבן טאָג אַ פּויער הינטער דער שטאָט, אויפגעשלאָגן און אין גראָז אריינגעוואָרפן.

ווייס די גאַנצע שטאָט, וואָס דאָס אַלץ באַטייט:

דער פּאָלקאָווניק — אַן אַלטער מאַן, לאַנגע שפּיציקע וואָנסעס, אַ געגאָלטער אַלטער קאָפּ, טריפנדיקע אייגעלעך, אַ נאָכגעשלעפּטער פוס, — דער פּאָלקאָווניק האָט אַ יונג ווייב; מילך און בלוט און אַ „וואָהלע" — רייט אויף פערד, טרינקט שאַמפּאַניער, קלייבט זיך אין לובלין און אין וואַרשע, ווערט פאַרשווונדן אויף גאַנצע מעת־לעתן אין וועלדער אויף פּיק־ניקס... און דריי יונגע אָפיצירן, וואָס דרייען זיך ארום איר — מאַכן חובות... שטעלן אויס וועקסעלעך... צום טערמין טוישט מען די וועקסע־לעך... און אַזוי לאַנג ווערט געטוישט, ביז מען מוז אַמאָל צאָלן...

פאַר זיי האָט זיך דער טשאַסאָוואָי, אַ פרישער סאָלדאַט פון קאָס־טראָמאַ, אַ פּויערן־יונג — געקאָנט דערשרעקן...

די שטאָט ווייסט, אָבער ניט דער שלאָס! ביפרט, אַז איינער פון די דריי לעב־יונגען איז דער אודיטאָר אין פּאָלק...

דעם קאַסטראָמער גיבור וואַרפט מען קודם־כל אין קאַסעמאַט אריין... איבערן וועג פאַלן אויפן האַלב־דערשטיקטן, פאַר שרעק האַלב־טויטן סאָל־דאַט קלעפּ ווי האָגל, מיט די שווערדן, מיט די קאָלבעס — פאַרשוועכט דעם כבוד פון גאַנצן פּאָלק! פון דער גאַנצער ארמיי! דער שלאָס קלערט אַליין: וואָס טוט מען? איז דער סאָלדאַט שוין צוויי טעג אויף ברויט און וואַסער, גאָר אָן ברויט און וואַסער... און ערשט צום דריטן טאָג באַווייזט זיך אונדזער אודיטאָר אין דער באַגלייטונג פון סאָלדאַטן מיט ריטער... מען שמייסט, און דער אודיטאָר פרעגט און פאַרשרייבט...

דער סאָלדאַט זאָגט: יידישע גנבים... געקומען פלוצלינג... באַרווי־

סע... דעם זאַק פון הינטן פאַרוואָרפן... ער האָט זיי קיינמאָל פריער נישט געזען... נאָר יידן... באָרד און פּיאות... און — —

פאַרגייט אין בלוט...

אַלצײנס, — אונטערשרייבן סיי־ווי־סיי נישט געקאָנט. דער אודי־טאָר שרייבט אונטער און שיקט צום פּאָלקאָווניק דעם פּראָטאָקאָל... כתוב וחתום...

שיקט דער פּאָלקאָווניק נאָך די סאָלדאַטן, וואָס זענען דערביי געווען.

—איר האָט געהערט?

— טאַק טאָטשנאָ!

— וואָס?

— ער האָט געשריבן...

— וואָס האָט ער געשריבן?...

— ניע מאָגים זנאַט! (מיר קענען נישט וויסן).

— נישט גוט געהערט?

— טאַק טאָטשנאָ (ריכטיק).

— און דער אודיטאָר האָט געהערט?

— ער איז עפּעס אַנדערש, אוטשאָני!

און שוין בייזלעך:

— ער האָט געהערט?

— מין־הסתם...

— זאָג בפירוש? שאַרף!!

— טאַק טאָטשנאָ!

— שווערן דערויף?!

— אַז מען וועט הייסן...

— ערלעך שווערן?

— טאַק טאָטשנאָ...

בלייבט — „יידישע גנבים"...

גייט באַלד אַ פּאַפּיר צום מאַגיסטראַט: היות די קאַסע, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן באַגנבעט יידישע גנבים, זאָל דאָס מאַגיסטראַט תיכף־ומיד צושטעלן די אַדרעסן פון אַלע יידישע גנבים אין שטאָט...

ענטפערט דער מאַגיסטראַט: נישטאָ! געווען אַ ייִנגל דווידל, נעלם גע־וואָרן. נאָך אַ ייִנגל, באַגנבעט אַ געוועלב מיט באַקאַליען, — זיצט ער תפוס אין שעברשין... אויסער אויף דער נײשטאָט...

— זאָל זיין — נײשטאָט.

מאכט מען א רשימה... שיקט מען נאָך די פאַרצייכנטע. ברענגט מען זיי פון דער ניישטאָט אין קייטן, און מען וואַרפט זיי אַריין אין פינצטער־נאַסן קאַזעמאַט אין וואַל...

קומען באַלד ווייבער און קינדער אין שטאָט אַריין מיט א געוויין... באַרואיקט מען זיי, דער אמת וועט אַרויס, ווי בוימל אויפן וואַסער. נישט אמאָליקע צייטן!

„זיי זענען דאָך אָבער די נאַכט גאָר אין דער היים נישט געווען"...

„מיינער האָט געהאַט א גניבה אין"... און פאַרשלינגט דעם נאָמען פון אָרט.

„מיינער איז געווען אין שליחות אין דאָרף ביים פּריץ"...

איז דאָך גוט, וועלן זיי דאָס זאָגן, עדות שטעלן... און ווירקלעך, גנבים זענען זיי דאָך, וועלן זיי זיצן אַביסל... גייט אָבער אַזוי אַוועק א וואָך, נאָך א וואָך, און עס לאָזט זיך פּלוצלינג אַרויס א קול:

— מודה געווען!

נישט מעגלעך... קומט אָבער צו די אויערן: געפּייניקט!

אויף הייסע, אייזערנע פּליטעס באָרוועס געלאָזט... אונטער די נעגל געברענט... נעגל פון די פיס מיט צווענגלעך געריסן... האָר פון די ברעמען געצופּט...

ווייטער א יללה פון ווייבער און קינדער...

שווייגט מען שוין נישט. שרייבט מען פּראָשעניעס. ווער שרייבט? אונדזער אַדוואָקאַט פ. נ...

שרייבט ער פּויליש, שיקט מען צוריק... שרייבט ער רוסיש, קען ער ווירקלעך קיין רוסיש נישט, שיקט מען ווייטער צוריק: פּאָ ניעגראַמאָטנאָסטי...

רופט מען מיין לערער... ער וויל נישט, ער טאָר נישט... גיסט מען אים אַריין איין כוסע, א צווייטע, א דריטע א געמישטע, א פערטע — א געמישטע מיט עפּעס צוגעמישט. מיין לערער צעוויינט זיך אויף א קול. כאַפּט זיך קושן. ער וועט שרייבן, ער האָט אונדז ליב דאָס לעבן, „גאַטאָוו" פאַר א ייד צו גיין אויף סיביר; און ער שרייבט...

דעם צווייטן טאָג — דער שרייבער נעלם געוואָרן... מען האָט אים מער נישט געזען. אָבער די פּראָשעניע האָט געפּועלט. געקומען א פּריקאַז פון העכער: נאָכאַמאָל איבערפרעגן די תּפוסים, איבערפרעגן אין מאַגיסטראַט, און דערביי זאָל זיין דער רב פון שטאָט...

זענען זיי זיך מודה, אין קעגנוואַרט פון רב, ר' משה וואַהל: זיי

האָבן דעם זאַק פאַרוואָרפן, די קאַסע באַרויבט... דאָס קעסטל אויפגע־האַקט, אונטערגעוואָרפן...

ר' משה וואהל פרעגט:

— און ווו האָט איר אַהינגעטון דאָס געלט?

מאַכט אים דער אוידיטאָר אויפמערקזאַם, אַז לויטן פּריקאַז דאַרף אַלץ געשען: „וו יעוואָ, ראַווינאַ, פּריסוטסטוויע", אָבער קיין דיעה האָט ער נישט. איבערפרעגן טאָר ער נישט. און לעזט איבער דעם פּראָטאָקאָל און פרעגט: ווערנאָ?

די תפוסים ענטפערן: ווערנאָ...

און ר' משה וואהל מוז אונטערחתמנען...

און ער קומט אַראָפּ פון מאַגיסטראַט, און מען פרעגט אים:

— וואָס הערט זיך? ווי זעען זיי אויס?

צעוויינט ער זיך, ווי אַ קליין קינד...

מוז מען שוין עפּעס טון, זיך נעמען צו דער זאַך. מען מוז דאָך דער־גיין, מיט וואָס מען האָט אויף זיי אַזאַ שרעק געוואָרפן... לאָז נאָר קומען י. מ. פון וואַרשע, ער וועט געוואָר ווערן... אָבער אַסיפות מאַכט מען, קלערן קלערט מען, טון עפּעס מוז מען...

פּלוצלינג אַ נייע מעשה:

אַ קול לאָזט זיך ארויס אין שטאָט, מען ווייסט נישט פון וואַנען, נאָר אויף זיכער — איינער פון די יידן איז געשטאָרבן אין קאַסעמאַט!

מען דערמאָנט זיך אָן טשאַסאָוואָאיס טויט; מין־הסתם אויך דער־שמיסן. און מען ווייסט שוין אויף קלאָר, אַז יציאת־נשמה איז געווען נאָך פאַר עטלעכע טעג... זיי ווילן אים נישט ארויסגעבן, אויס מורא, מען זאָל נישט זען, וואָס מען האָט אים געטון. זיי ווילן, ער זאָל פאַרפוילט ווערן... און אפשר וועלן זיי אים ערגעץ אין אַ הייל אריינוואַרפן, צי אין וואַסער, — דער ייד וועט גאָר צו קבר־ישראל נישט קומען! און מען ווייסט שוין, ווער עס איז דער קרבן: משה! און אין אַלע גאַסן שטייט איין קול: משה! משה! און נישט אָפּגערעדט, מיטאַמאָל אַלט און יונג, קינד און קייט, מע־נער און ווייבער, — אַ לאָז זיך געטון צו די קאַסעמאַטן! און איין געשריי, איין יללה:

— גיט אונדז אָפּ דעם בר־מינן!..

שטייט איין אָפיציר ביים קאַסעמאַט; שרייט ער:

— משה לעבט...

און רופט אין קאַסעמאַט אריין: זאָל ער זיך באַווייזן! און אין

שמאָלן קאַסעמאַט־פענצטערל אין דער הייך באַווייזט זיך משהס קאָפּ, אַ לעבעדיקער —

מען גלייבט זיך קוים, שרייט מען צו אים אַרויף:

— מאַך מיטן מויל, מאַך מיט די אויגן!

ער טוט עס. איז נאָך ווייניק:

— שריי אַרויס אַ וואָרט!

ער מאַכט מיט די ליפּן, הערן הערט מען נישט... קיין כוח נישט צו רעדן... אָבער אַבי ער לעבט, מען גייט אַהיים מיט אַ פרייד: ער לעבט, ער לעבט...

און דעם זעלבן טאָג גייט אַ דאָקלאַד קיין לובלין:

— יידן אַ בונט געמאַכט, באַפאַלן דאָס קאַסעמאַט, געוואָלט אויפרייסן... געמוזט זיי ווייזן די גנבים... געוואָלט זיי מיט געוואַלט באַפרייען... אַ מערכה דער און דער אָפיציר... קריגט דער אָפיציר אַ דאַנק, ווערט פאַרגעשטעלט אויף אַן אָרדער: „זאַ כראַבראָסט", און אין שטאָט ווערט איינגעפירט קריגס־צושטאַנד. נישט מאַכן קיין רעדלעך. מער ווי צוויי צוזאַמען נישט גיין... נאָך אונטערגאַנג פון דער זון — די לעדן פאַרמאַכן, אין גאַס זיך נישט ווייזן... קיין אסיפות נישט מאַכן, נישט אין בתי־מדרשים, נישט אין הייזער... און קאָזאַקן אויף פערד רייטן אַרום אַלס פּאַטרולן מיט נאַגייקעס... ביינאַכט — טאָפּלטע פּאַטרולן... באַווייזט זיך ווער — מיט נאַגייקעס אין קאַסעמאַט אַריין... פיל ווערן אינמיטן גאַס באַפאַלן אויך בייטאָג און באַזוכט. געפינט מען עפּעס אַ צייכן וועגן עינין — מיט נאַגייקעס, אין קאַסעמאַט אַריין... אַ שרעק באַפאַלט...

לויפט מען אין בית־המדרש אַריין תהילים זאָגן, — מען צעטרייבט מיט נאַגייקעס... ווייבער לויפן איינרייסן די שיל — קאָזאַקן רייטן אַן, רייטן אַרויף מיט די פערד... מען רייסט אַראָפּ די קאַפּקעס, די שאַלן, און ווערן נעלם... פון דער נייעשטאָט לויפט מען אויפן בית־עולם אַרויף, זאָלן זיך די טויטע מיען... אַרויסגעלאָפן שטילערהייט, ביינאַכט, אין אַ פינצטערער נאַכט, צוגעפאַלן צו דער ערד, מיט די מיילער צו די מציבות, פאַרשטיקטע יללות... „בית־פּרעה" — דער שלאָס דערהערט, אַרומגערינגלט דאָס בית־עלמין, איינציקווייז אַרויסגעלאָזט פון טויער.

זיי האָבן מורא פאַר טויטע!

אַן אויסגעשטאָרבענע שטאָט... און י. מ., די איינציקע, די לעצטע האָפענונג, קומט אַלץ נישט... טייל זאָגן: קראַנק, אַנדערע: מורא צו קומען...

היוצא מזה: אל תבטחו בנדיבים...
און אין דער טויטער שטילקייט דערהערט זיך:
— א פעלד־געריכט געקומען...
א פאר טאג שפעטער:
— ווידער מודה געווען...
— געפסקעט — תליה!
אוועקגעשיקט דעם פסק צום באשטעטיקן...
דערמאנט מען זיך:
פאראן דאך ערגעץ יידן, וואס האבן א דיעה, וואס קענען, וואס מוזן העלפן!
אבער ווי קומט מען צו זיי? די בראמען — טאפלט באוואכט, קיין פעסער גיט מען נישט; קיין אויסלענדישע וועט מען געוויס נישט געבן... קיין דעפעשן וועט מען נישט אנעמען, און ווער עס וועט גיין מיט א דעפעש, וועט אריינפאלן אין קאסעמאט...
זאל זיך עמעץ מוסר־נפש זיין, אריבערכאפן די גרענעץ אין טאמאשאוו, דריי מייל אינגאנצן, פון דארט קיין לעמבערג, פאראן דארט א פרעדיקער לעווינשטיין, פון דארט טעלעגראפירן צו משה מאנטעפיארע קיין לאנדאן, צו קרעמיע קיין פאריז...
— ווער וויל זיך קויפן עולם־הבא, זוכה זיין אין אייביקן לעבן?
געפינען זיך איינער...
אברהם מאנים — זיין נאמען; נאכן ווייב: אברהם מאנים דער ראניאכעס; זיין ווייב הייסט ראניע...
ווער איז ער?
א באלעבאס? א דאזאר? א מיתעסק בצרכי־ציבור? א מושלם? א משכיל?
גארנישט פון דעם אלעם...
אן אלטער ייד, קרוב לשמונים, קלויבט זיך שוין לאנג צו פארן שטארבן קיין ארץ־ישראל, נאר זוגתו ראניע תחי' וויל נישט. זי וויל נישט און קען נישט איבערלאזן דאס זאמאשטשער בית־עולם, וווּ זי האט איר גאנצע מישפחה... אין בית־המיקדש וואלט זי אן די מתים א יתומה געווען... און אן ראניען וועט אברהם מאנים נישט פארן... ווי פארט עס א ייד אן א ווייב?
און שפעטער מיט א צוויי יאר, אז ער האט זי איבערגעדייבערט, און זי פארט מיט אים, איז זי אים פון צפת, וווּ זי האט אים איבערגעגעבן

אין זיכערע הענט אריין, אונטער די הענט אוועקגעקומען, אהיים, צו׳ן איר בית־עלמין אנטלאפן... אבי אברהם מאנים איז בשלום אריבער דעם ים!... און צוגעפאלן איז זי צום בית־עלמין מיט א פרייד און א געוויין, די ערד געקושט און געקושט, קוים מען האט זי אפגעריסן...

ווי וועט דארט לעבן אן איר אברהם מאנים? צוגעבונדן איז ער צו׳ן איר געווען... א בעל־תוקע איז ער געווען, איינמאל נאך שחרית אהיימ־געגאנגען זיך איבערדרימלען, און געברענגט, א פארחושטער ייד, אויפן ארט פון קיטל — ראנים א ווייס העמד...

— נישט קשה, זאגט ער, אן אישה־צנועה ראניע, א צדיקית, מען מעג אין איר העמד בלאזן...

וואס נאך איז ער געווען?

א חסיד, — א בטלן, פריער א באהאלטענער; שוחט געווען: אויף דער עלטער, אז די אויגן זענען אים אביסל שוואך געווארן, זיך פון שחיטות אפגעזאגט, און ערשט דעמאלט מודה געווען: ער איז א בעלדזער חסיד. קיין מושלם אלזא נישט; אפילו א שטיקל עם־הארץ אין תנ״ך... זאגט אמאל, אין בעלדזערס נאמען, א נוטריקין אויף יעקב־אבינום לייטער, און ווייסט נישט, אז „סלם״ אין תנ״ך איז אן א וי״ו...

ביי די זייטן האב׳מיר זיך דעמאלט געהאלטן!

און ער, דער אלטער בטלן, וועט פארן...

און ער איז געפארן...

די „אויסארבייטונג״ וועגן עינין, וואס מען האט אים איבערגעגעבן פארן פרעדיקער לעווינשטיין, און אין וועלכער איך האב אויך א חלק גע־האט, האט מען אים אין העמד פארנייט... דורך בשלום די בראם... אריבער בשלום, אן א פאס, די גרענעץ —

אין דריי טאג ארום:

בטל דאס מישפט!

די אפיצירן האט מען שפעטער געזען אין ווארשע, אן עפאלעטן, אפילו אן שטיוול... אפגעריסענע...

— א, א זאמאשטשער? שענק א פאר גראשן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און מען פארגעסט די צרות... אברהם מאנים באגלייט מען קיין ארץ־ישראל מיט גרויס פאראד און — מיט דער צייט הייבט זיך אן צו בלעזלען אויפסניי... השכלה!

צו „בלעזלען״, ווייל ביי אונדז אין קליין פאריז וועט דער פראצעס

נישט זיין געפערלעך, גאָר אָן א הויכע טעמפּעראַטור. און אז איך און מיין חבר יחזקאל וועלן זיך מיטאמאָל, אין א שיינעם העלן פרייטיקדיקן טאָג, באווייזן זיך פּלוצלינג אין גאס, אויף די פּאָדציעניעס, אָנגעטון „דייטש", אין מארינארקעס, — און אז מיין חבר יצחקל וועט אריין אינעם נײַ־געעפנטן פּראָגימנאזיום, וועט צו קיין עקסצעסן קעגן השכלה נישט קומען...

דער השכלה־פּראָצעס וועט דורכגיין, ווי ווייט מעגלעך, שטיל, די געבורט אָן גרויסע ווייען, — די הימלישע טאָכטער1) וועט נישט אָפּגענומען ווערן מיט צוואנגען, — דאָס קעפּל איז גאָרנישט אזוי גרויס, און קיין ערשטלינג וועט עס נישט זיין...

— דערפון אָבער שפּעטער.

---

1) געמיינט: „די השכלה בת השמים" — ווי מען האָט דעמאָלט באַטיטלט די השכלה (רעד.)

## השכלה, ר׳ משה וואהל, דריי-שוועסטער-ליבע

צו קיין עקסצעסן וועט נישט קומען.

זאמאָשטש — א ליטישע שטאָט!

פון אייביק אויף אן „עיר מלאה חכמים וסופרים״, — געווען א שטאָט פון תורה, „און ווו תורה — דאָ חכמה —״

א קונץ היינט צו זיין אן עילוי?

שפּעטער, אלס „מאָניש״ פאַרזעץ איך בעסער אין יענע צייטן אריין... ווען —

געלעבט האָבן די אלטע באלעבאטים,
מעשענע ברילן, זילבערנע בתים,
גאָלדנע עטרות, אייזערנע מוחות...
אנדערע יאָרן, אנדערע כוחות...

דאָס בית-המדרש איז „פול מיט קאַרפּן-קעפּ״, און עס איז ענג: „מען לערנט נאָך אין פּאָליש, מען לערנט נאָך אויף די טרעפּ״... און ווי געזאָגט: „ווו תורה — דאָ חכמה״. איז שטענדיק אזוי געווען. אזוי דערציילט מען; נישט מ י ר; איך הער א ו נ ט ע ר. „ווו מען זייט מיך נישט״, — אויב עס ווערט נאָר עפּעס פאַרציילט, „וואַקס איך אויף״, און „זיץ, ווי א גולם״ מיט אן אָפן מויל. עלטערע וווּנדערן זיך: „אן עילויישער קאָפּ״; חברים: א יונג, ווי א „קוועקזילבער״ און ליגט אוועק פאַר מעשה-לעך; א בלאַט גמרא — גליטש אין טייך! איך אליין פאַרשטיי עס אויך נישט, נאָר עס ציט מיך. איך וואָלט פאַר א מעשהלע אפילו חתן-כלה-שפּיל אין חורבה אוועקגעלייגט, — האָט עס אָבער אליין אויפגעהערט... מיידלעך ווערן פריער רייף; כלה-מיידלעך! מיט מיין כלה פון חורבה ווין איך אויף איין און די זעלבע טרעפּ און טרעף זי נישט...

אינסטינקטיוו האָב איך ליב מעשהלעך.

דאַוועגען אין בית-המדרש צוויי גראָע טויבן, צווילינג-ברידער, זיך ענלעכע, ווי צוויי טראָפּן וואסער. מען פאַרשטייט נישט, ווי די ווייבער אונטערשיידן זיי, ווי דיר קינדער דערקענען.... „מעגלעך — שמייכלט מען, עס טרעפן זיך טעותים!״ האלטן זיי זיך שטענדיק צוזאמען, האָבן בשות-

פּות אַן איינפאַר־הויז אויף דער ברוקאָוואַנער גאַס, און זיצן אין בית־המדרש שטאָט ביי שטאָט, מיטן רוקן צום שולחן, מיטן פּנים צום אָרון־קודש. און טרעטן זיך נישט אָפּ, און וווּרקען, אויב זיי בלייבן עטוואָס לענ־גער נאָכן דאַווענען, ווי די טויבן, ווענן אַלטע צייטן; און איך בין שוין ביים שולחן, האַלט שוין די אויערן צווישן די גראָע קעפּ.

„א שפּאַס אמאַליק זאַמאָשטש”, דער „גאון” — דער „אייזערנער קאָפּ!”

דאָס מיינט מען אַן אַמאָליקן רב אין זאַמאָשטש. און „כי־כי־כי!” — איין שבּראָך און איין געלעכטערל. און צוויי פלאַכע הענט — א כאַפּ זיך פאַר די ליפּן, מינהג פראַנצויז; דר. סקשינסקי טוט אויך אַזוי: א מענטש זאָל נישט שפּריצן מיטן מויל. און פאַרציילן פאַרציילן זיי זיך אַן אנעקדאָט, ווער ווייסט, צום ווויפלטן מאָל, — פון „גאון”:

מאַכט זיך א מעשה: א זומער־טאָג, אָפן די טיר. קומט א דינסט־מיידל מיט א שאלה, מיט א וואָרעם נענדזל אויף א טעלער... פריש גע־בראָטן, צעשניטן און עפּעס געפונען... גייט דאָס מיידל באָרוועס, הערט ער נישט איר קומען; זיצט איבער א ספר!.. קומט זי צו צום טיש, שטעלט פאַר אים די „שאלה”, ער זעט נישט, אין ספר פאַרקוקט. רוקט זי זיך אָפּ צוריק צו דער טיר און שטעלט זיך וואַרטן, זי וועט דאָך אים נישט מבטל זיין... האָט ער, דער גאון, א חוש־הריח, דערפילט ער און דערזעט... מיינט ער, ער זיצט און עסט... קוקט זיך צו — א גענדזל. „איי, א רביצן!” — ווי זי „קעכילט אים!” לערנט ער ווייטער מיט די אויגן, און די הענט כאַפּן און וואַרפן שטיקער „שאלה”, צווישן באָרד און וואָנסעס, אין מויל אריין... די מויד — פאַרשטיינערט פאַר שרעק. און איידער זי קומט צו זיך, איי־דער זי גיט א געשריי צו דער רביצן אין קיך אריין, און איידער די רביצן קומט, — אוים גענדזל!

מאַכט ער —

— שאַ, שאַ, רביצן! אַז איך האָב געגעסן, איז כשר!

פינטלט די רביצן מיט די אויגן, און ער:

— זאָג איר, זיי מוחל, — די כלים כשר!

און דער אייגענער גאון איז א בקי בשבע חכמות. פירט, פאַרציילן זיי, וויכוחים מיטן קאַנאָניק, און ד ע ר גייט שטענדיק אַוועק אָבל וחפוי ראש, „ווי א קוימענקערער!”

און א שיל־שמש געווען — —

— אַן אביון...

— א מטופל!

— מען האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז ער איז אַזאַ מזיק...

און דער ייד האָט געפונען „א נייעם אופן צו חשבונען", מען זאָל אויסרעכענען „אויף הונדערטער יאָרן להבא" אַלע ליקוי־חמות און אַלע ליקוי־לבנות. נאָך דער פּטירה געפינט מען די קאָרעספּאָנדענציע, וואָס ער האָט געפירט דעריבער מיט דער פּאַריזער אַקאַדעמיע. ווי ווייט עס איז אמת, און ווו די כתבים זענען אהינגעקומען, ווייסט מען נישט. צו חצות — זאָגט מען — פלעגט ע ר, דער שמש, און ר' ישראל זאַמאָשטש, דער בעל־מחבר פון „הטבע" (אויב איך האָב קיין טעות נישט) צוזאַמענקומען זיך ביים „אייזערנעם קאָפּ", און נאָך חצות, פאַר עלות־השחר, זיך מיתווכח זיין אין חכמה... פון ישראל זאַמאָשטש (ווען די מעשה זאָל אפילו אמת זיין) רעדט מען ווייניק. דעם דעסויערם רבי; גלייכער מען שווייגט. נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס.

און ג ב י ר י ם געווען...

— בּאָסעסאָרן, גרויסע גיטער געהאַלטן.

— רע־פּוילין, אַרויסגעטריבן.

— נאָך פּראָצעסן געמאַכט. תקיפים אין סאַנד, דער עקאָנאָם זאָגט, וואָס דער פּריז הייסט, און מען ליציטירט נאָך אַזאַ ייד, וואָס גייט אַליין נישט אַוועק פאַרן טערמין, למשל —

— ר' יאָסל!

— ניפטר געוואָרן אין שטאָט, — אַן אביון...

— א יתומה געלאָזט — א בוגרת...

פון דעם ווייס איך אויך עפּעס. די יתומה קען איך. א הויכע, א מאָגערע, מיט שלעפּנדיקע פיס, וואַסערדיקע אויגן און האָר — ווייסע, ווי פלאַקס; דאָרפישע האָר. אָבער מען לויבט זייער איר פּויליש רעדן. און — די פּאָר פּאָרטרעטן, וואָס הענגען ביי אונדז אויף די ווענט: נאַפּאָלעאָן דער דריטער און זיין קייסערטע עוגעניע, מיט וועלכער איך האָב מיין לעצטן רבין געפּייניקט, — די רויטע גרויסע, הויכע און ברייטע שאַפע („א שאַפע ווי א הויז"), אין וועלכער, זיך באַהאַלטנדיק פאַרן דר. סקשינסקים נקמה, איך האָב איבערגעפירט א פולן טאָפּ מיט אייער, און די צוויי לאַנגע, שוואַרצע שטאַנגען, מיט די מעשענע גאַלקעס צו פאַרהאַנגען, וואָס די מאַמע לאָזט נישט קויפן („משוגע מיינע שונאים!") און וואַלגערן זיך דעריבער אַרום אויפן בוידעם, — די אַלע דריי מציאות (די ליב־

שאַפט צו מציאות, וואָס איך האָב געירשנט!) האָט דער טאַטע אויף דער ליציטאַציע ביי דעם יאָסל אין דאָרף געקויפט. —

— „רע־פּוילין"... איינציקווייז אין שטאָט אריין געטריבן.

— ווער איז געבליבן? איין י. מ...

— איז ער דאָך י. מ.!

אָבער די פּאָסעסאָרן זענען געוועזן „אויסגעמישט" מיט פּריצים, גע־פּירט זיך פּריציש, געקומען און געבערענגט אין שטאָט אריין פּריצישע מינהגים, ווי די „לייפּסקער סוחרים" פון לייפּציק — אַביסעלע דייטש!

— (די דייטשקע, וואָס איז אַ גילגול געוואָרן!)

— אַ מהלך קיין לייפּסק!

— גזלנים אויפן וועג!

— מען פלעגט דאָך פאַרן פּאָרן שרייבן צוואות, איבער־לאָזן גיטין על־תנאי...

— נישט אונדזערע צייטן!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער געהערט האָט מען, פאַרציילט האָט מען!

און „אונדזערע צייטן" זענען אויך נישט אַזוי שלעכט. ערשט נאָך אייכנבוים, צעדערבוים און אַנדערע. עס קומט קיין זאַמאָשטש צו י. מ. אין הויז אריין — יעקב רייפמאַן, דער גרויסער „אפיקורס" און „חוקר קדמו־ניות"... מיין פעטער, וואָס וועט זאַמלען מיינע כתבים — מיינע חטאת־נעורים, טראָגט זיך דייטשמעריש, נישט גאָר קורץ, אָבער נישט איבער די קניען (צוויי מאָסן געוועזן: ביז צו די קניען — דייטשמעריש. גאָר קורץ, אַז מען זעצט זיך און די מאַרינקע רירט קוים אָן מיט די זוימען דאָס גע־זעס — עכט דייטש). פאָרן דורך בראָדער זינגער, קומען זיי צו אים, זינ־גען... ביי אים איז דאָ אַ סך קליינע ספרימלעך אין אַ „גלעזערנער" שאַנק. צווישן אַנדערע: ד"ר עטינגערס „סערקעלע", זיין „קוגל", וואָס ער האָט איבערגעמאַכט פון שילערס „גלאָקע", און די משלים... און דעם אַלטן ר' זלמנס הויז? ער אַליין — אַ פאַרצייטישער פּלישיקער ייד. אין אַ ברייטן טיזליק אין דער האַנט — אַ שטאָק מיט אַ זילבערנער גאַלקע, גייט (צוזאַ־מענמאַכנדיק נדבות) מיטן שטאָק פאָרויס, דער שמש טראָגט נאָך די זיל־בערנע פּושקע... זיין ווייב (איר נאָמען האָב איך פאַרגעסן), אַ יידענע מיט „אַ דרייגאָרנדיקן גוידער", נישט קיין געלעכערטע אויערן; די „גע־הענגען" — לאַנגע בריליאַנטענע אויערינג — באַמבלען זיך אויף זיידענע פעדעם פון שטערנטיכל אַראָפּ, און אין זייער הויז: אַ גערטל אינמיטן הויף,

א הילצערנער גאַנעק, וואָס לויפט אַרום שטאָק, פאַרהאַנגען אין די פענצ־טער. און הינטער די פאַרהאַנגען (איז לינדער דאָס וועטער — אויפן גאַ־נעק, זומער־צייט — איז אין גערטל, אויף א באַנק אַרום דעם איינציקן בוים אינדערמיט, אין מיטן קראַנץ פון אַלערליי בלומען אַרום), זיצט א טאָכטער אַן אַלמנה, צוויי מיידלעך (א העלס און א שוואַרצס) און לערנען פראַנצויזיש פון אַלענדאָרף און לעזן דייטש „ווי א וואַסער", עפּעס א גרוי־סע ביבליאָטעק דאָרט פאַראַן, שפּעטער האָב איך פון איר אַרויסבאַקומען א פיזיק.

און א... ל... טראָגט זיך שוין אַליין דייטש, עכט דייטש, וווינט אין עק שטאָט, רעכטס (פון מאַרק גערעכנט) צום אַפּיצירן־קלוב, אין א באַזונ־דער הייזל, שוין מיט א גרויסן גאָרטן, הויך מיט ברעטער אַרומגע־צוימט, איז דורך די שפּאַלטן פון צווישן די ברעטער, אַז מען גייט זיך באָדן, — עס איז ביים שמאָלן וועגל, — זעט מען, ווי אין גאָרטן דרייט זיך אַרום זיין איינציקע טאָכטער, א הויקערל, וואָס שעמט זיך אַרויסצו־ווייזן אין גאַס אַריין, און רייסט בלומען אָדער קוקט אַריין אין א ביכל.

פאַראַן אין גערטל עפּל־ און באַרן־ביימלעך. — מיר קריכן נישט איבערן פּלויט. דרך־ארץ און אפשיי פאַרן קליינעם געבילדעטן הויקער און — פאַרן סמאַטריטעלס הינטל...

און ק... דער, וואָס האַלט דעם ווייַנהאַנדל, ווו די אַפּיצירן טרינקען און פּריצים פון אַרום — עסן און קויפן אַהיים וויין און באַקאַליע. פאַראַן דאָרט א פיין, בלאָנד „פאַרצעלייען" מיידל, מיט זיידענע, לאַנגע בלאָנדע צעפּ (זי וועט דערמאָנט ווערן), וואָס לעזט ביכער, געבאָרגטע פון פּריצים און אַפּיצירן.

און אין י. מ.'ס הויז, ווו גרויסע אַפּיצירן שפּילן פּרעפעראַנץ, ווו אַהין דער גרויסער אַפּיקורס יעקב רייפמאַן וועט קומען אַלס לערער?! איז — א היימיש מנין דאָרט פאַראַן, מער פאַר די קינדער; י. מ. אַליין איז דאָס מערסט אין וואַרשע. פאַרן עמוד אַלס חזן פּראָדוצירט זיך א היטלמאַכער, דער כאָר — זיינע ברידער, אויך היטלמאַכער. נישט זייער קיין פרומע יידן. א ברודער האָבן זיי א שטיקל אַפּיקורס — א לערער פון קאַליגראַפיע, וואָס שרייבט יידישע שירים, אלא עטינגער! איינער פון די „זינגער" וועט אין קורצן גיין פון דער וועלט, וועט מען פאַרציילן, אַז ער האָט זיך, פאַר גסיסה, געהייסן געבן א ווערמיקע פּלוים צו עסן. אַז מען וועט אויף יענער וועלט שמייסן און אויסרופן פאַר וואָס, און מען וועט דערמאָנען די ווער־מיקע פּלוים, וועט ער וויסן — א סוף! און זיי זאָגן אַלע „עיברי", נישט

ליטוויש, דאָס וואָלט מען נאָך דעמאָלט נישט פאַרטראָגן. א ליטוואַק איז „א צלם־קאָפּ". א ליטוואַק זעצט זיך אין א קרעטשמע ביי'ן אַן ערלית און לערנט. און זאָגט צום פאַרגאַפּטן אורח: „איר ווייסט גאָרנישט, אַן אישה צנועה דאָס איז!" זי איז דאָך אים מאכיל ומשקה און לאָזט אים נישט מפסיק זיין פון לערנען! (זע — „דער חלום פון ליטווישן מלמד"). א ליט־וואַק, אז דער צווייטער רופט אים צו שמד, ענטפערט ער: „וואַרט, איך וועל נאָר אָפּדאַווענען מינחה" — און א ליטוואַק איז נאָך א יקר־המציאות אין דער גאַנצער געגנט. אין זאַמאָשטש ג ע ו ו ע ן איינער, אפילו ג ר אָ ד א פיינער יונגערמאַן. טאַקע ר' זיינוולס איידעם, איז ער, נעבעך, אוועקגע־קומען; די אלמנה וויל פאַרזיצן...

ז י י זאָגן פּוילישע עיברי. שימחת־תורה, די גבירה אין די גרויסע בריליאַנטן אין די אויערן, מיטן קעלנערל, מיט פּערל אויסגעשטיקט, אי־בערן האַלדז (אַזוי אין לעבן, ווי אויפן פּאָרטרעט אין סאַליע). — די גבירה שמייכלט ליבלעך און דערלאַנגט כיבוד: טאָרט (איך מיין, איר שוועסטער און מיין באָבע באַקט אים), ניס, ביער, צוקער־בראָנפן; עטוואָס וויין אויך; און זיי, דער חזן מיט די משוררים, זינגען ל י ד ע ר ! „דער תעודה מיטן האַמער, קלאַפּט שוין אין קאַמער", און גאָלדפאַדן — מיט די פּויסטן אין יידישע לעדן אריין, שוין טאָג! די אומות־העולם וואַרטן אויף אייך!" אין זאַמאָשטש — עטוואָס קאָמיש, ווי דערמאָנט — ווער זענען די אומות־העולם? אָבער עס זינגט זיך!

און דאָס מינין זאָגט קיין פּיוט נישט. צו יזכור טרעפט זיך דער געמישטער, נישט פאַריתומטער עולם, פון מענער־שטוב און פון דער ווייבער־שטוב (די סאַליע) אין הויז — אַן התחלה פון פלירט. יום־כיפור איז מען זיך קעגנזייטיק מכבד מיט האַרץ־טראָפּן, אָבער פריער מוז מען ווייזן די צונג, צי מען פאַסט...

און דאָרט דאַוונט קינדערפריינט, אַן אַלטער בחור, א געגאָלטער, האָט א סידור און א מחזור מיט דייטשער איבערזעצונג. ווייסט פון „פע־דאָן", רעדט פון „יערוזאַלעם", — בּרעגט מיך אַמאָל:

— וואָס איז אייער פאַרלאַנג, ר' דער און דער?

איך געדענק היללן און זאָג: ואָהבת לרעך כמוך. ער זאָגט: ניין, אָנוכי, דאָס איז דער יסוד!

אמת, אין דער זעלבער געזעלשאַפט אריין, אַז עס איז אַמאָל (איך געדענק שוין נישט צוליב וואָס) אריינגעקומען א געוויסער רפאל עסיקמאַ־כער, א שטאַמלדיקער ייד, וואָס האָט אַן עסיק־פאַבריק, וואָס איז ערשט גע־

קומען פון ערגעץ, צוליב אן אפעראציע, פון אויסלאנד, און האט פאר־צייל, בעיני ראיתי, ער האט אליין געזען, א וואגן איז געפארן אן פערד, — האט מען זיך אזוי צעלאכט, אזוי לאנג חוזק געמאכט, אזוי לאנג זיך געוויצלט און אזוי לאנג מיט ווערטלעך געשטאכן, ביז דער ייד ר׳ רפאל האט געמוזט „מודה״ זיין, ער האט „משטה״ געווען, אויסגעטראכט... אבער אן התחלה איז שוין געווען! א זאמען פאר נייע צייטן — שוין גע־ווארפן!

און אפילו א פשוטער ייד, דאכט זיך, נישט זייער קיין נ י כ ט ע ר־נ ע ר, פאלט אמאל אריין און ער קומט פלוצלינג אין חדר אריין, ווו זיין איינציק יצחקל לערנט, און זאגט:

— רבי! (א גרויס־פוילישער, מיט דער ריש) נייע צייטן; מען דארף זיין געבילדעט! מיין בן דארף א חתן ווערן!

— וואס איז אייער פארלאנג, ר׳ דער און דער?

קיין פסוק וויל ער נישט. קיין אפיקורס, וויל ער נישט, ער זאל ווערן, אבער —

— א פרק קאנקארדאנציע מעגט איר מיט אים לערנען! יעדן טאג א פרק!

און עס דרייט זיך נאך ארום אין שטאט, דאכט זיך, א קאנדידאט אויף דער „תוכחה״, עפעס אן ארעמער, אלטער, הויכער, געלער, ברייט־פלייציקער ייד. דעם פאמיליען־נאמען קיינמאל נישט געהערט, דער צונא־מען — נישט דרוקפעיק, מיטן נאמען „יואל״, וואס האט גאר ערגעץ אין רוסלאנד א זון, וואס שיקט אים געלט מיט דער פאסט, א „פאלנעם יעד־נעראל!״ (רוסיש־פויליש פעסטונג־לשון בנוגע צו מיליטער־זאכן).

קיין שטאך ארבעט וועט פאר דער השכלה נישט זיין!

ערגעץ אנדערש פילדערט, רוישט, חסידים שמייסן די משכילים אויף קאנקארדאנציעס, — משכילים שרייבן מיט איין האנט שירים בשבח ההשכלה און וועגן די פיר צייטן פון יאר, און אדען — דאנק־ און לויב־געזאנגען צו דער ממשלה, פאר איר חסד צו דער כנסת־ישראל און מיט דער צווייטער האנט — מסירהלעך אויף די שווארצע... און א מילחמה מיט תקיפים און קהל, א מילחמה מיט רבים, א מילחמה מיט חסידים, מיט רבנים...

בײַ אונדז — פון דעם אלעם קיין צייכן.
אויב איך וועל קלאגן אמאל:
אכטאונצוואנציק גראשן פלייש א פונט...

און צום גראַם:

„אַרויסצוּוואַרפן פאַר די הינט".

און קרעכצן:

„און אַ פונט, אוי, אַ גרויסע קלאָג!

„שטיינער און ביינער און אַ פאַלשע וואָג"...

און נאָך שפּעטער, אין „ספורים בשיר" (צוזאַמען מיט מיין געוועזענעם שווער ליכטענפעלד געדרוקט) אַ פּאָעמע „חנה", ווו די העלדין מיט דעם נאָמען ווערט פאַרשוועכט פון ראש־הקהלס זון, און דער ראש־הקהל דער תקיף א. א. ו.... וואָלט עס זיין נישט מער ווי אַ נאָכמאַכעכץ... ווי איך האָב נאָכגעמאַכט היינען... נאָר מיט מער געשמאַקלאָזיקייט. געווען ביי אונדז אַ פּאַכט (ענלעך צו דער „טאַקסע"), אָבער אַן שווינדל און רויבעריי, און — אויך בטל געוואָרן. דער אידעאַל פון אַ ראש־הקהל אין זאַמאָשטש איז (ביז אין דער לעצטער צייט כמעט!) אַ ייד, וואָס קען נישט רעדן, און וועט נישט פלוידערן אין מאַגיסטראַט, — וואָס קען זיך נישט אונטערשרייבן (און וועט נישט חתמענען אָן קהלס וויסן; דער חותם פון דאָזאַר ליגט ביי אַ באַלעבאָס!) און באַקומט פּעטש פון ווייב, פאַרוואָס ער מאַכט נישט בעסער חתונה די טעכטער... קיין רביים לאָזט מען אין זאַמאָשטש נישט אַריין. מען וויל נישט קיין מחלוקת. הערט זיך, עמעצער פאָרט, לויפט מען צום נאַטשעלניק, שטעלט ער וואַכן ביי אַלע בראָמען. דעם עומד על גביהם, אַ ייד, גיט קהל. באַווייזט זיך די בויד:

—קודי? נאַזאַד!

ר' גרשון העניעך „פון תכלת" (אַזוי פלעגט מען אים רופן) וויל דווקאַ אַריין קיין זאַמאָזשטש, און אַ בעל־ניצחון — קויפט ער זיך אין שטאָט אַ הויז. מען וועט דאָך נישט אַרויסטרייבן קיין באַלעבאָס? ליתר „תוקף ועוז" גנבעט ער זיך אַריין ביינאַכט! — אינדערפרי, עוף השמים... מען ווייסט שוין; אַרויסגעפירט, נישט מיט גרוים כבוד!

חסידים זענען וויניק אין צאָל און האָבן גאָר קיין דיעה נישט. לעקן זיך ערשט אויס פון די „ווונדן", וואָס זיי האָבן באַקומען, אין גאַנגס צייט, פון קהל און זיינע פאָרשטייער. אַ יונגערמאַן, נאַטירלעך פון דער פרעמד, קריגט בענקשאַפט, כאַפּט זיך אַרויס, לויפט צו אַ רבין. — מען שיקט נאָך רייטער, מען כאַפּט אים, מען מאַכט אים אַ פּעקל. מען פירט אים אַזוי איבער דער גאַס, אין דער היים — מקיים־פּסק, דערנאָך צום רב. אָפּגעגט און — היידאַ! נאָך אַן אייגענעם זיצט מען שיבעה; אַ גאַנץ „מנין" אַז מען כאַפּט, פירט מען אין מאַגיסטראַט אַריין, שערט מען אָפּ

מיט גויישע הענט די פּיאות און מען גאָלט האַלבע בערד... מענטשן געדענקען עס נאָך.

היינט, דאַנקען גאָט, שטיל! דאָס הייסט — זיי דאַנקען גאָט! אַז דער אישביצער רבי וועט, מיט יאָרן שפּעטער, וועלן איבערפּסקענען דעם זאַמאָשטשער רבס (דווקא שוין נישט קיין שם־דבר!) אַ דין־תּורה, וועל'מיר ז י י לייגן אין חרם אַריין: מיר — דייטשן, די אישביצער חסידים!

וועל'מיר אפשר מילחמה האַלטן מיטן רבֿ?

איז אונדזער רבֿ, מיין פאַרהערער, מיין שפּעטערער ר' זישעלע, — ר. משה וואַהל.

אָבער אים קומט אַ מדור מיוחד!

---

ר' משה וואהל — דעם ליסערס תּלמיד. ער ציטירט זיין דיעה און שרייבט: ותלמידי הגאון... געווען אַ גבירישער איידעם, געוואָרן סוחר; דאָס געלט פאַרלוירן — רבֿ אין זאַמאָשטש. אַ שונא בצע, זיצט ער שוין אויף דער שטול אַ יובל, און לאָזט זיך נישט געבן קיין הוספה. „מאַכט מיר נישט קיין רייכן האַלדז!" רח"ש נעמט ער נישט! דין־תּורה־געלט צעטיילט ער צווישן די בייזיצער — דיינים אָדער בוררים. נעמט ער נישט אין מויל אַריין, וואָס זיין רביצן קאָכט נישט. אויף אַ סעודת־מיצווה ניפּט ער אַביסל, אַ ברכה צו מאַכן; עסט אַ טרוקענעם כזיית, צוליב וואַשן און בענטשן.

און — אַ קליין זים יידעלע, אַ ווייס זילבערן בערדעלע. אויגן — ווירקלעך „טויבן־צוגלייך"! קינדער — דאָס גאַנצע לעבן! אין גאַס, אין ביהמ"ד, ער באַווייזט זיך נאָר, רינגלט אים די יונגע חברה אַרום, זעט מען אים אַרויס קוים עטוואָס העכער — אַן עלטערס צווישן הענדלעך. און האָבן האָט דאָס יידעלע אַ קינדיש ציטעריק קולעכל — אַ פיין זילבערן גלעקעלע. און אַז ער דאַוונט, וואָס זיין חזקה איז, כל־נידרי אין שיל, קלינגט עס, קלינגט עס, צעגיסט זיך עס און מען הערט עס אין דער גרויסער טיפער שטילקייט, אין אַלע ווייטסטע ווינקעלעך, ווי אונטן אַזוי אויבן אין דער ווייבערישער שיל... און — אַ גאַנץ יאָר אַ מיקל. אַלץ כשר און כשר. אַן אָרעמע כנסת־ישראל, אַלץ איז הפסד מרובה, אַזאַ באַשטענדיק יקרות... אויסער פּסח; ווי אַ פיש אין וואַסער ציטערט ער פאַר כרת שבמשהו!

און פּסקענען פּסקעט ער גלייך פון דער גמרא אַרויס.

זאָגט מען, און, פאַרשטייט זיך, נישט אַבי־ווער: דער און דער פון די גדולי־הפּוסקים זאָגט אַנדערש, ענטפערט ער שמייכלענדיק:

— אין מיין צייט און אין מיין שטאָט בין איך דער איינציקער פּוסק! שוין. רעדט מען שוין מער נישט דערפון.

און פאַר דעם קליינעם, צעשמייכלטן יידעלע ציטערט מען אימת־המלכות; פון גביר ביזן חסיד, ביזן קל שבקלים... ער איז מעניש! דאָס הייסט: נישט, חס־ושלום, ער, אָבער קלאָר ווי דער טאָג: מען נעמט זיך פאַר אים אָן. אים צוליב אָדער — זכות־אָבות?

דער סוף פון שמעי׳ גיבור, וואָס האָט אים אונטער די אויגן אָקעגנגערעדט, בארימט זיך: ער לויפט, אים אָראָפּרייסן דאָס שטריימל פון קאָפּ, ווייסט איר אפשר, אנישט לעזט די סקיצע אונטערן העלדס נאָמען.

אַז צוליב זיין כבוד איז נענש געוואָרן דער טריסקער! די טריסקער חסידים לייקענען נישט. די מעשה — אַזוי געווען: קומט אַמאָל קיין זאַמאָשטש דער טריסקער, (פון דעמאָלט אָן לאָזט מען טאַקע קיין רביים נישט אריין), פאַלט אים איין, זיך נוהג צו זיין, ווי אין אַנדערע, ז י י ־ נ ע שטעטלעך, נעמט ער דעם גבאי און שיקט נאָכן רב. שמייכלט ר׳ משה וואהל און ענטפערט: „גיי, זאָג אים, אַז דער כבוד־התורה פאַרלאַנגט, מען זאָל פריער קומען צום מרא דאתרא!" — פאָלגט ער נישט, דער טריסקער, פאַרט ער אָפּ און איז נישט מוציא שנתו...

— געווען — זאָגן די טריסקער פון רבינס צד אַ שגגה היוצאת מפּני השליט...

און צוגעגעבן ווערט, נישט אָן גדלות:

— און מיט אַזאַ צדיק יסוד־עולם ווי אַ טריסקער, איז מען טאַקע מדקדק כחוט השערה!

און אַז יעקב רייפמאַן קומט צו אונדז, צו י. מ. אין הויז אריין, אַלס לערער אָדער העבערער מלמד, און עמעץ וואַרפט אונטער קעגן אים אַ חרם, אַ חסידישע קונץ... און ר׳ משה וואהל לאָזט אויסרופן, אַז ווער עס איז מחרים אָן דער ידיעה פון מרא־דאתרא און זיין בית־דין צדק, איז אַליין בשמתא... און דאָס זעלבע יאָר שטאַרבט אַ חסידישער יונגערמאַן, — ווייסט מען אויף זיכער, אַז ברור כשמש, אַז אַוועקגעקומען איז דער חרם־אונטערוואַרפער! אַז דאָס איז זיין עונש געווען.

מען הייבט אָן צו נעמען צום מיליטער. מיין טאַטנס עיצה, מען זאָל נישט גיין, „קיין וועלט זעצט מען נישט איין", געפינט, נאַטירלעך, ביי קיינעם קיין אָפּקלאַנג נישט. עס געגעגנט די סוברעוויזיע, עס בלייבט, אַז די, וואָס וועלן אַוועקגיין, דאַרפן באַקומען פון שטאָט שטיצונג. אויפן וועג און פאַר דער פאַמיליע אין דער היים. ר. משה וואהל שטעלט אַ פוש־

קע ביי זיך אין דער צווייטער שטוב, און לאָזט אויסרופן, אַז דער יושר איז, אַז אַלע באַלעבאַטים זאָלן אַריינוואַרפן אין פּושקע מעשר פון זייערע רווחים... געוואָרפן ווערט, ווי געזאָגט, אין דער צווייטער שטוב, ביחידות. קיינער זעט נישט, אָבער מען האָט אַזוי מורא עובר צו זיין אויף זיין „גזירה"! אַזוי פיל פּחד פאַר אַ טעות אין חשבון, אַז — מען געפינט שרפּ"ט!

גאָפּט מען!

יאון ווי עס פאָלגט דאָס ווייבער־פאָלק!

איר וואָלט געדאַרפט זען, ווי מען אַנטלויפט פון די פעסלעך און שעפלעך פיש אויף שבת, אויב דער פישער וויל טייערער מיט אַ גראָשן, און ר' משה וואהל, מורה האָבנדיק, אַז אָרעמעלייט וועלן צו קיין פיש נישט קומען, קיין רעכטן שבת נישט האָבן, שיקט אַרום דעם שמש: קיינער זאָל נישט קויפן!

ווי פון אַ פייער אַנטלויפט מען!

און י. מ. דער גביר אַליין?

ר' משה וואהל לעבט מיט אים זייער גוט. „ישיעלע!"... און פונדעסטוועגן, אַז מען רופט „ישיעלען" צו'ן אַ דין־תורה און ער שיקט נאָך אים דעם שמש, און יענער האָט געסט: דעם פּלאַץ־מאַיאָר, דעם סמאָטריטעל און נאָך... און לאָזט זאָגן... ער האָט אַצינד קיין צייט נישט, לאָזט ר' משה וואהל אים אָפּענטפערן: אלהים נצב בעדת ישראל. און ווער עס האָט פאַר גאָט קיין צייט נישט, קען גאָט, חס־ושלום, אַמאָל פאַר יענעם קיין צייט נישט האָבן...

לויפט מען שוין!

און דער קל שבקלים?!

איינמאָל, פּרייטיקצונאַכטס, כאַפּט ער זיך אויף שפּעט אין דער נאַכט. עפּעס אַ שאָרך האָט אים אויפגעוועקט, קוקט זיך אום, גנבים שטעלן אַרויס די שויבן פון די פענצטער. אַ קאָפּ באַווייזט זיך, אַן אינו ישראל. דאַנקט ער און לויבט דעם אייבערשטן, וואָס „רוב גנבי ישראל" האָט נישט מחלל־שבת געווען! דער גנב איז דערווייל אַריין, נישטערט און טרעפט צו די שבתדיקע לייכטער. ווען די לייכטער שוין אָפּקויפן אַ ייד, — איז ער מפקיר די לייכטער! בענטש די רביצן איין שבת אין מעשענע לייכטערלעך. אַ יידענע — לאָזט זי אַביסל טרערן ביים ליכט־בענטשן. שוין! דעם צווייטן ערב־שבת, מען ברענגט אָפּ די לייכטער. צוויי יידן פאַרסערס האָבן זיי געקויפט, איז איינעם אוועקגעקומען דאָס ווייב, דעם צווייטן — אוועקגעפאַלן אַ קינד, לא־עליכם, אויף אסכרה.

און דער ר' משה וואהל אליין האט שוין, ווייסן אלע, שוין א יאָר דרייסיק קיין ספר אין האנט אריין נישט גענומען. געדענקט ש"ס ופוסקים אויסנווייניק. ווו מען הייבט אָן, זאָגט ער, אז מען דארף, ווייטער; ווי לאנג ער וויל, בעל־פה. און לעזן לעזט ער דווקא די קליינע „ביכלעך". פון וואַנען נעמט ער זיי?

זיצט ביי אים אין בית־דין־שטוב א דיין א תם. קיין בעלי־דינים נישטא, גייט ר' משה וואהל, מיט א ספרל אין דער האנט, אויף און אפּ אין קהל־שטוב, און שטעלט זיך אָפּ פארן תם, און גיט א פרעג:

— ווי מיינסטו? איז מעגלעך א מענטש זאָל ארומגיין בארוועס אויף צעבראָכן גלאָז?

געמיינט חרבונהן; געלעזן „מסתרי פאריז"...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווי געזאָגט, די בת־מלכה השכלה וועט ביי אונדז קיין שטאָך אַרבעט נישט האָבן. עס וועט זיין, א ראָמאַנטישע זאַך. ייִנגלעך וועלן ארומגיין אין מארק און דעקלאמירן ביים שיין פון דער לבנה: „ציון, ציון", „החמלה", „יונה הומיה"...

און דערביי ווארפן פארבענקטע אויגן אין די געוועלבער אריין, ווו כלה־מיידלעך זיצן... א משכיל וועט דורכפאָרן פון ערגעץ, וועט זאָגן:

— דאָס ערשטע — מען עסט נישט! יידן עסן נישט! איר זאָלט זען, ווי מען עסט ביי די אומות־העולם!

און די קליידער וועט מען אונטערהאקן!

און פונדעסטוועגן באקום איך שכר־השכלה!

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָ מוז איך אָבער איבערהאקן אויף א ווײַלע און מאכן א קליינעם שפּרונג אין דער צייט — צוריק. און דערנאָך א גרויסן שפּרייז פאָרווערטס. קיין טענה צו מיר קענט איר נישט האָבן. איך שרייב נישט קיין אויטאָביאָגראפיע, אפילו נישט קיין כראָנאָלאָגישע דערינערונגען. איך וויל אייך נאָר איבערגעבן א בינטל שליסעלעך צו מיינע זאכן.

און א שפּרונג צוריק מוז איך געבן, ווייל איך האָב אויפן וועג, אין איילעניש, א מלמד פארלוירן. און דווקא א ייד א הויכן, וואָס דארף זיין שווער צו פארלירן, און מיט אָן (ביי אונדז ווייניקסטנס) אומגעווייגלעכע פרנסה, וואָס האָט געדארפט בלייבן אין זיכרון — א טאבאק־שטויסער געוועזן! פריער האָט עס געטון די רביצן, איז זי קראנק געוואָרן און קרענקט שוין א צייט, — ליגט זי און קרעכצט. ער שטויסט טאבאק און הערט,

ווי מיר לערנעןביים טיש. ער איז א למדן א גרויסער, זאָגט אונדז פּאָה אויסנווייניק גאַנצע סוגיאָס, און — א גרויסער פּשטן. הייב איך מיך אָן צו פּשטלען, — „אהא, קריכסט שוין ביי בויבעריק!" זאָגט ער עס נאָר, שאַדט נישט. איך האָב אָבער מורא, ער זאָל נישט צוקומען, נישט לייגן די פינגער אויף דער גמרא. דער ייד איז פול טאַבאַק, קומט ער צו, הייב איך אָן צו ניסן. און האָט זעקס פינגער אין יעדער האַנט, האָב איך מורא פאַר זיין האַנט! בין איך א גאַנצן זמן, אַזוי וויל ער, א פּשטן...

באַפרייט פון טאַבאַק און זעקס פינגער, מעג איך שוין טון דעם שפּרונג פאָרויס, און אויך א גאָר שפּעטערע מעשה פאַרציילן. די מעשה, וואָס קומט מיר אויפן זינען, וו ע ן איך גיב נאָר א טראַכט וועגן השכלה...

— — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז שוין לאַנג נאָך דער השכלה־צייט. מען האָט זיך פון איר שוין אָפּגעזאָגט. מען קוקט שוין אויף איר, ווי אין דער צייט פון שמאָלע קליידער — אויף א קרינאָלינע, מען באַשולדיקט זי: נישט צוגעפירט וואַסער און זאַלצן צו די וואָרצלען, נישט לופט און ליכט — צו די צווייגן, — נאָר אָפּגעריסן צווייגלעך און אריינגעזעצט אין פרעמדע שטאַמען. אויף קלאָר, ווי אַנדערש, ווייסט מען נישט... אָבער יענער וועג איז קיין וועג נישט געווען...

און איך בין שוין אַן אַלטער שרייבער. עטאַפּן דורכגעמאַכט:

חבר־דינעזאָן האָט אָפּגעדרוקט די „באַקאַנטע בילדער"; קיין גראָשן נישט צוריקגעזען. איך האָב מיט הילף פון גוטע מענטשן ארויסגעגעבן דריי בענדער „יידישע ביבליאָטעק"; צעגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער — צוזאַמען מיטן אויסגעלייגטן קאַפּיטאַל. שוין נאָך די יום־טוב־בלעטלעך, וואָס די ראַדיקאַלע יוגנט האָט פאַרטיילט, געלט נישט אָפּגענומען און, נאַטירלעך, נישט אָפּגעשיקט. און — שוין נאָכן יובילעום.

מיין אַדרעסע: וואַרשע, צעגלאַנא נומ. 1. — די „פּערציסטן־נעסט"... שוין, הייסט עס, א שולע געמאַכט.

א חדר געהאַט און — אַליין געבליבן. נע־ונד דאָס פאָלק, ביפרט זיין באַהעם — יונגע שרייבער. אוועק און מיט נעמען!

און נעמען, דאָס מוז איך דרך־אגב באַמערקן (דאָס „דרך־אגב" — מיטן מאַמר המוסגר זענען מיין שוואַכקייט!) נעמען האָבן באַקומען, לייט זענען געוואָרן — די „קונדייסים" פון הדר.

די, וואָס האָבן נישט געלאָזט זיך פירן! די אַנדערע, וואָס האָבן

אזוי גערן זיך אונטערגעגעבן דער צענזור, געשטופּט דעם מאנוסקריפּט צו מיין בליישטיפט, — זאָל גאָט זיך אויף זיי דערבארעמען!

איך האָב זאָמען געשטרייט, איבער זיי שיבעה נקיים געזעסן, און קוים זיך עפּעס דערווארט. באווייזט זיך א קעפּל. עס שפּאלט קוים די ערד, איך גיב שוין אָן אָנהאלטעניש, אָן אָנשפּארעניש, זאָל עס נישט קריכן ארום איבער דער ערד. ארויף, צו דער הייך! דרענגלעך אונטערגעשפּארט!

די דרענגלעך זענען געבליבן!

בין איך אליין. מען קומט נאָר צו מיר נאָך „סמיכות"...

איז שוין אָבער לאנג נאָכן „עת לטעת", קליין דאָס גערטל, אָבער שוין ווילד אָנגעוואקסן, עת לעקור נטוע... זאָגט מען: איך טרייב די יונגע טאלענטן. גייט מען מער צום גוטהארציקן דינעזאָן; ער זאָגט נישט אָפּ אזוי געשווינד דאָס לעבן. נאָר די ביי זיך ש ט א ר ק ע ר ע קומען. און מיט א חנדל: אָן אייך ווענדט זיך עס! זאָגט איר: נישט! צעברעך איך די פעדער. און אין די אויגן פלאמט די זיכערקייט פון געניען אָדער גראפאָמאנען: דו וועסט נישט קאָנען זאָגן: נישט!

קלינגט מען אמאָל. מען רייסט מיר אָן ארבעט איבער. מילא, פאַרלייכט, באווייזט ד אָ ך עפּעס! איך עפן. אָן א „גוט־מאָרגן" שפּרייזן מיר פארביי דריי געשטאלטן. אין פאָרצימער איז טונקל, געווען איז אויך א טונקעלער טאָג; דאָך זע איך: א מיידל, א ביינעק פּנים, גלאט פארקעמט, אָן א הוט, לאנגע הענט באמבלען זיך ארום קערפּער. הילכיקע, הער איך, אָפּצאסן, הויכע; זי וואקלט זיך אויף זיי... נאָך איר — א מאָדנע־לאנגער בחור אין א הארטן קאפּעליוש, אָן ארומגעבונדענע באק, שווארצע הענט; נאָך דעם — א דיקער, אָן אראָפּגעזעצטער, אין א ווייכן הוט מיט ברייטע רענדער: איין פליגל ליגט מיטן זוים אויפן אקסל, און אחרון, אחרון חביב — א מאנוסקריפּט אונטערן אָרעם — דער מחבר אליין. א קליינס, א דארס, א פּיצלס... און מען שפּרייזט פארביי אין שטוב אריין. איך בלייב און פארמאך די טיר. אז איך קום אריין, זיצן שוין די בחורים ביים טיש, דער הויכער און דער דיקער מיט די גאָמבעס אויף די הענט אָנגעשפּארט, גרייט צו הערן. דער „דיכטער" מיטן מאנוסקריפּט ביים פּנים: אזוי קורצזיכטיק איז ער און אָן א בריל, און די מויד שפּרייזט איבער דער שטוב, די אָפּצאסן הילכן, די לאנגע הענט באָמבלען זיך, — קוים איך באווייז זיך, נאָך נישט רעכט געזעצט זיך אויפן שעזלאָנג, ווי־זא־ווי דעם טיש, זי קאָמאנדירט שוין:

— לעז!

און שיקט אַ הייסן בליק צום דיכטערס אַקסל. הייבט ער אָן:
„דער צייט־גייסט“.

און לעזט און צעהיצט זיך, און צעזינגט זיך אינעם לעזן... די בחו־רים — איינגעהערט און איבערגעבויגן — שלינגען; דאָס מיידל גייט שוין אויף די שפּיץ פינגער, קיין וואָרט נישט צו פאַרלירן...

און דער „צייט־גאַסט“ וואַקסט...

נאַטירלעך, נישט יענער, דער השכּלהשער, די אַלטע קרינאָלינע... נאָר — דער ראַדיקאַלער!

ערגעץ, צווישן הימל און ערד שטייט אָדער הענגט אַ זייגער. דער וועלט־זייגער. דער וועלט־זייגער שלאָגט: שטונדן, האַלבע, פערטל שטונדן, דאַכט זיך מינוטן אויך...

דער הימל — שוואַרץ; באַדעקט מיט שוואַרצן. אַ שווערער, בלייער־נער וואָלקן פֿאַרשטעלט אַ פאַרחלשטע זון...

גיט דער זייגער אַ קלונג, גיט זיך אַ כאַפּ־אויף די זון, לאָזט אַראָפּ אַ שטראַל, ווי אַ שפּיזל, לעכערט די כמאַרע, פֿאַלט אויפֿן קאָפּ פֿון צייט־גייסט, און ער גיט אַ ציטער און אַ וואַקס. אַ שטראַל — אַ שפּיזל, אַ ציטער און אַ וואַקס — אויף אַ האַלבן, אויף אַ גאַנצן אַרשין מיטאַמאָל! רוחות — שטיקער שוואַרצע וואָלקן רייסן זיך אַראָפּ, פֿליִען מיט גרימצאָרן צו די ווייזער, פּאַרטשעפּען זיי מיט די פֿליגל, ווילן אָפּשטעלן. עס העלפֿט נישט! זיי רייסן נאָר די פֿליגל אָפּ. קרעכצן פֿון אָנמעכטיקן צאָרן און פֿאַר־פֿליִען זיך ערגעץ פֿאַר שאַנד. דעם וועלט־זייגער קען מען פֿאַרהאַלטן, אָפּ־שטעלן — נישט!

שלאָגט ער, פֿאַלן שפּיזלעך, וואַקסט דער צייט־גייסט און וואַקסט...

אויף אַ וויזע שטייט ער, אויף אַ גרינער און וואַקסט! און אָט, שוין איבערגעוואַקסן די בערגלעך, די גרויסע בערג — הימאַלאַיען און קאַר־פּאַטן! אָט, שוין מיטן קאָפּ אין וואָלקן אַריין! דורכגעלעכערט! שטיקער וואָלקן פֿאַלן אַראָפּ אין מידבר אַריין... עס איז אים ווייניק; דער זייגער קלינגט, אַ שפּיזל שטעכט, ער וואַקסט. שוין אַרויף צום ערשטן הימל, צום צווייטן הימל... אַזוי וועט ער דורכלעכערן אַלע זיבן הימלען...

און עס פֿאַלט מיך אָן אַ שרעק פֿאַרן ריבונו־של־עולם... נאָך אַ פּאָר קלינג, נאָך אַ פּאָר שפּיזלען, דערגרייכט ער צום כיסא־הכבוד... קערט אים איבער!

צום גליק — אַן ענדערונג...

אומגעריכט האָט ער, דער צייט־גייסט, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן און

אויף דער גרינער וויזע א קליין־חנעוודיק שמעקעדיק בלאַ־בלימל דערזען...
א זיסער שמייכל צעגיסט זיך איבער זיין שטרענג געזיכט... ער, וואָס דאַרף
דעם כיסא־הכבוד שטירצן, שמייכלט, בייגט זיך, בייגט זיך איין, שטרעקט
אוים די האַנט, רייסט אָפּ...

און ער וואָלט זיכער דאָס בלימל צו די ליפּן געכאַפּט, וויניקסטנס
צו דער נאָז, ווען עפּעס פון מיר ארוים גיט נישט א געשריי:

— גענוג!

די בחורים שפּרינגען אויף, די מויד, דאָס בלימל אויף די הויכע
אַפּצאַסן! — ווענדט זיך צו מיר, אייזיק־קאַלט־שניידנדיק:

געוווסט! אז דער יונגער בּושקין איז געקומען צום אַלטן זשוקאָוו־
סקי, האָט ער אים אויך אזוי אויפגענומען.

און גיפטיק:

— אויך אזוי פאַרשטאַנען...

און — ארויסגעשפּרייזט, ווי געקומען... די בחורים נאָך איר!

---

אָט דאָס איז די מעשה, וואָס קומט מיר שטענדיק אויף די געדאַנ־
קען וועגן יענער השכלה־צייט... אַלץ מוז זיך ביי אונדז ענדיקן מיטן
„בלימל", אַלציינס, אויף נידעריקע צי הויכע אָפּצאַסן, און אזוי וועט
זיין כל־זמן... אָבער וועגן דעם גאָר צולעצט, ווען איך וועל מיר אליין
קלאָר ווערן...

און ווירקלעך:

איך קריך קוים אריין מיט א פוס אין דער „באוועגונג". צוליב
סיבות, וועגן וועלכע עס וועט קומען אין קינפטיקן פּרק, ווער איך אינעם
לעבּל ווארעם וואסער נישט דערטרונקען! געווען א דוד שיפמאַן, געוועז־
זענער טאבאַק־פארלעגער, ביי וועלכן איך האָב צו זעקס יאָר טערקישן
טיטין געקויפט, פאַר 45 גראָשן, וואָס איך האָב פורים־געלט באַקומען, א
פּערטל, און האָב אָנגעהויבן רייכערן... און וואָס האָט זיך, אז קראָנענ־
בערגס טיטין־מאָנאָפּאָל איז קאַסירט געוואָרן, זיך אַליין א קראָם געעפנט,
מיט שרייב־געצייג און השכלה־ספרים אַלס צולאָג, און איז דאצו לערער
געוואָרן פון לשון־הקודש, — פון דעם דוד שיפמאַנס „פּקוד פּקדתי" אַנט־
לויף איך, ווי פאַר פייער; לאַנגווייליק! ביים קליינעם הויקערל שטערן,
דעם גרויסן שטערנס א זון, וואָס איז געקומען לערנען דייטש פון אַלענ־
דאַרף ארוים: „גוט־מאָרגען, הער!" „ווי זינד זי געשלאָפען?" „גוט" —
לערן איך — א פּרעפּעראַנץ־שפּיל. „א מענטש איז נישט מחויב צו וויסן,

ווי א שטיוול הייסט אויף כמה לשונות"... דעם ערגסטן איינדרוק מאכט אויף מיר יעקב רייפמאַן. א מענטש געפינט גרייזן אין תנ"ך, מער ראשי־תיבות ווי אין „פּרי מגדים", און וואַשט זיך נישט מיט א קוואָרט, וואָס האָט א געשפּרונגענע ראַנד און טראָגט א טלית־קטן...

איז נאָך ווייניק, קום איך אמאָל צו אים, ער איז נישטאָ, און אויפן טיש וואַלגערן זיך באַפּירלעך ארום... מאַטעריאַל צו זיין אויטאָביאָגראַ־פיע... לעז איך, ווייזט זיך ארויס, אז ער איז צוויי מאָל געבוירן געוואָרן, אוןביידע מאָל אומגליקלעך: איין מאָל — יום־כיפּור, ווען א פּיש אין וואַסער ציטערט און די כנסת־ישראל צעגייט אין טרערן און איז פול תשובה און חרטה, און דאָס צווייטע מאָל נאָך ערגער — תישעה־באָב! ווען די כנסת־ישראל איז אָנגעטון שוואַרץ, ארומגעהילט שוואַרץ און ברומט ווי א טויב. און דאַרויף ברומט ער אריין, דער הויכער, שוואַרץ־באַוואַקסענער ייד און שמייכלט:

— אהא? שיין געשריבן?

איז נאָך ווייניק... מוז ער אונדז נאָך פאַרלעזן א שיר. ער, דער בי־כער וואָרעם, וואָס לאָזט ביי זיך אין שטוב קיין לופטשיק נישט עפענען און עטעמט שאָטן מיט ביכער־שטויב, דערזעט פּלוצלינג אין חלום — א ווייַנגאָרטן, אין ווייַנגאָרטן — אַלערליי פּירות און וועגן שיינע, און „בלו־מען מיט רויזן" („פּרחים עם שושנים", — דער פּערז איז א — דריי־ווערטערדיקער!) און אויף די וועגן — אָ, גליקלעכע צייטן! שפּאַצירן גע־אָרמט (שלובי זרוע) דאַכט זיך, די בלוטיקסטע שונאים! דהיינו: איינער, וואָס ציילט יסודות פיר און א צווייטער, וואָס שווערט אויף זיבנאונ־זיבעציק...

מיין רוסישער לערער, מיט די קליינע בלאַסע אייגעלעך און מיטן בראָנפן־מויל האָט מיך געווים נישט צוגעצויגן, זיין גרעטש־גראַמאַטיק האָט מיך נישט גענומען... אָבער קום האָט דער צייטגייסט זיינע פליגל צעשפּרייט, דער וועלט־זייגער האָט געקלונגען, באַקום איך שכר־הליכה אויף די טונקעלע טרעפּ. — אַלע טרעפּ אין זאַמאָשטש זענען טונקעלע; אוים ענגשאַפט. און איך בין אויף די טרעפּ איין ייִנגל, מיט ברענענדיקע אויגן, אויף דריי שוועסטער מיידלעך

און איינמאָל, איך עילוי „מאָניש", וואָס קלער פון גאָרניש', ווייס פון גאָרניש', לויף, אייגנטלעך — פלי אַראָפּ פון די טרעפּ, מיט דריי אָנ־געשמירטע בייגל אין קעשענע פאַרן אָרעם־בחור, אין בית־המדרש אריין. איך הער טריט אקעגן. טריט ארויף, לייכטע, פלינקע! און באַלד גיט מיר

א שימער פאר די אויגן א פּאָר ווייסע, נאַקעטע אָרעמס, גיט א בליץ פון א פּאָר פלאַמיקע אויגן, — נאַקעט־ווייסע הענט ווארפן זיך מיר ארום האלדז, א הייסער אָטעם יאָגט אין פּנים אריין... און א הארציק געבעט:

— לאָמיר זיך ליב האָבן, לייבושל...

און אז איך, — דאָס ערשטע מאָל! — שפּרינג אָפּ, צעטומלט, צע־שראָקן, מאַכט מיין קליינע לילית, די מיטעלע צווישן די דריי שוועסטער, טיף געקרענקט, שווער באַליידיקט און שאַרף־וואָרענענדיק:

— א־זוי?! גיי איך צו יונהטשען... אין רייטשול אריין!

ז י ווייסט, ווו יונהטשע איז... און ליב האָבן מ ו ז זי. באַפאַלט מיך א שרעק פאר איר, שריי איך אויס:

— חס־ושלום! ווילדע ציג, זאָלסט דיך נישט דערוועגן! א... א פּאַסקודניאַק!

— האָב־זשע ד ו מיך ליב!

מוז איך באַשטיין...

קושן מיר זיך נאַריש־קינדיש מיט געמאַכטער היץ... א י ר ע אויגן אפילו — לעשן זיך, די ארומגעוואָרפענע הענט — קילער, שלאַבעריקער געוואָרן. פּיליכט דאַרף זי ליבן, אָבער נישט מיך...

און דאָך, מען טרעפט זיך, מען קושט זיך... אז אָפּגערעדט! און לילית פאַרלאַנגט, און מאַניש שווערט... נישט אזוי ה ו י ך! עס קומט נישט אזוי ו ו י י ט, עס ענדיקט זיך דעריבער נישט מיטן „בעזעם אין דער הייך". און די באַגעגענישן ווערן וואָס אמאָל זעלטענער... ווייל —

ווייל עס גייט נישט אוועק א וואָך, און איך טרעף מיך מיט דער עלטערער, מיט מיין כלה פון דער חורבה. מיר בלייבן ביידע שטיין, ביידע עפּעס גערירט, אומשולדיק־ליב באַוועגט. קוקן זיך קעגנזייטיק, קינדיש שטיל און ליב, אין די אויגן אריין. פּויזע. רייסט זי איבער די ערשטע:

— ווייסט וואָס, לייבושל, דאַרפסט לערנען...

און שטאָקט אביסל און ענדיקט:

— פּויליש!

ענטפער איך, עפּעס מאָדנע שטיל, אליין נישט ווייסנדיק פאַרוואָס:

— לעזן קען איך!

און ווירקלעך — אויסגעלערנט זיך אין בית־המדרש, אויף טוגענד־האָלדס: „וואָלנאָ דרוקאָוואַטש" פון די שערים אראָפּ, ווי שפּעטער עטוואָס דייטש און רוסיש... פרעגט זי, צי איך וועל פאַרשטיין.

— „אוודאי!" פּאַסט אנדערש, אז א מיידל פרעגט? וועט זי מיר

א ביכל באַרגן. זי וועט מיר געבן קאָרזשעניאָווסקים „קאַליקאַציע״. אויב איך וועל עפּעס פּאָרט נישט פאַרשטיין, זאָל איך אַריינקומען, זי פרעגן. ווערט מיר עפּעס וואַרעם אַרום האַרץ:

— אדרבא! אוודאי וועל איך נישט אַלץ פאַרשטיין!

און גיב צו מיט פרייד:

— און איך וועל דיך לערנען לשון־קודש.

— גוט! און רייטלט זיך און ווייטער א פּויזע. איך רייס איבער, און פרעג, און עפּעס נישט מיט מיין קול, נאָך שטילער ווי פריער:

— ביסט אויף מיר בייז?

זי פרעגט, מכלומרשט פאַרוווּנדערט:

— פאַרוואָס?

— פון חתן־כלה־שפּיל... פאַרן שטיינדל.

זי איז עס מבטל:

— אי־י־י!

האָט שוין לאַנג פאַרגעסן... אָבער א צייכן האָט זי נאָך. גענענט מיר די באַק:

— זעסט?

טונקל, שווער צו זען, לייג איך צו א ציטעריקן פינגער און באַריר, קוים, קוים... זי רייטלט זיך.

— ווילסט — מאַכט זי ליב־קינדיש — מעגסטו אויף דעם אָרט א קוש טון!

לייג איך די ליפּן צו, ציטערן זיי  מ ע ר  פאַרן פינגער! זי נעמט דעם קאָפּ צוריק, און גערירט:

— ווייסט, א האָר, ווען דו טרעפסט העכער, וואָלט מיר אויסגערונען אַן אויג.

— חס־ושלום!

— יאָ, יאָ! דער טאַטע זאָגט און די מאַמע זאָגט. און, עפּעס טרויעריקער שמייכלענדיק:

— און ווער וואָלט מיך גענומען מיט איין אויג?

שריי איך אויס:

— איך! איך!

זי פרעגט, עפּעס נאָכטראַכטנדיק:

— און וואָלסט מיך ליב געהאַט מיט איין אויג?

שריי איך אויס:

— אייביק, ווי איך בין אַ ייד!

און נעם זי אַרום און דריק זי אַזוי האַרציק צו צום האַרץ.

און וואונדער מיך: וואָס טו איך? און ווי קומען צו מיר די ווערטער, און דאָס צערטלעכקייט? און די שטימע, — וואָס ציטערט זי אַזוי, די שטימע? און דאָס מיידל, וואָס ציטערט אַזוי? און וואָס לייכטן איר אַזוי די אויגן אין דער פינצטער?

---

די דריטע שוועסטער; די יינגסטע. אַ „יונגע ציג”, ווי מען זאָגט אין זאַמאָשטש. דייטש: באַקפיש! און אַ ברוסט־לײדנדע, פון וואָס איך ווער ערשט שפּעטער געוואָר. און שלאַנק, עטוואָס איבערגעבויגן. און עפּעס אַזוינע ליבהאַרציקע אויגן גרויסע; גאָר גרויסע שוואַרץ־אַפּל, עפּעס ליכט־דורשטיקע, ליכט־זייגנדיקע, שטענדיק פאַרוואונדערטע, עפּעס פרעגנ־דיקע, אָדער — (ווי איך פיל יעצט), זיך באַשטענדיק געזעגנענדיקע...

זי, אַז זי טרעפט מיך אויף די טרעפּ, בלייבט שטיין, רוקט זיך אָפּ מיטן רוקן האַרט צו דער וואַנט, בלייבט שטיין אָנגעשפּאַרט מיט די הענט הינטער זיך אָן געלענדער, איך, נישט ווילנדיק, הייב אָן גיין לאַנגזאַמער, זי קוקט אויף מיר, ביז איך גיי פאַרביי, מיט די גרויסע אויגן און קוקט מיר נאָך אַ לאַנגע ווײלע, ביז איך קום אַראָפּ.

און קום איך אַריין צו זיי, אָדער זי צו אונדז, זעצט זי זיך ערגעץ אין אַ פאַרשאָטנט ווינקעלע און קוקט שטיל אויף מיר פון דאָרט... זיס־שמערצלעך באַרירן זיי מיך, די גרויסע, וואָס אַמאָל גרעסער ווערנדיקע אויגן.

אָבער וואָס מיינט זי דערמיט?

די עלטערע שוועסטער, מיין חורבה־כלה, רוימט מיר אַמאָל איין: נעבעך אַ קראַנקע...

זאָגט אויף וואָס, ווערט מיר נאָך שמערצלעכער...

ווערט זי ערנסט קראַנק... איך קום אַמאָל אַריין — אַלץ דאָס זעל־בע קוקן, און מיין זעלבער זיסער שמערץ...

פאַר גסיסה, איך בין גראָד דערביי, וויל זי פּלוצלינג, אַלע זאָלן אַרויסגיין, אויסער מיר. זי האָט מיר עפּעס צו זאָגן, אונטער פיר אויגן. מען טוט איר צוליב. איך בלייב מיט איר אַליין און ציטער אינערלעך... זי ווינקט מיר: נענטער, נאָך נענטער... איך בין שוין ביים בעט... „נאָך נעטער”! איך בייג מיך איבערן בעט...

— ווייסט, — מאַכט זי זייער, זייער שטיל, מיר דאַכט: בלעטלעך

רווישן: מיין הארץ הערט, נישט דאָס אויער — ווייסט, איך ליב דעם טאַטן, די מאַמען, דעם ברודער... די שוועסטער... און דיך — מ ע ר פאַר אַ ל ע! — —

און בעט נאָך שטילער:

— גיב מיר אַ קוש אין שטערן אַריין.

און, איידער איך פאַרשטיי:

— אין מויל אַריין נ י ש ט, מיין ליבעץ איז געפערלעך!...

איך קוש זי אויף די ליפּן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך וויל, איבערהיפּענדיק אַ שטיק צייט, צו וועלכער איך וועל צוריקקומען, פאַרענדיקן די „דריי־שוועסטער־ליבע"...

די יינגסטע — געשטאָרבן...

די מיטעלע האָב איך, צוליב דער עלטערער, פאַרגעסן... ווי זי זאָגט און וואַרפט מיר פאָר: פאַראַטן... די שבועות געבראָכן...

איז זי בייז, זידלט מיך... אין בריוו.

מייד איך זי אויס, שיקט זי מיר מיטן דינסטמיידל געהיימע בריווּלעך: ווי הייסטו? וואָס טייטש?

אין אַ שטיפערישן מאָמענט, ווען די שטיפערישע מוזע, פון וועלכער איך הייב נאָך, אייגנטלעך, נישט אָן צו וויסן, באַפאַלט מיך, ענטפער איך איר אין גראַמען:

„האָסט צו מיר אַ טענה, איך האָב דיך געקושט,

„גלייב ס'איז געווען אין שיגעון...

„זיכער אַ דיבוק פון זמרי בן־סלוא,

„איך וואָלט מיך באַגאַנגען דעראָן...

גאַנץ זיכער אַ דיבוק פון זמרי בן־סלוא...

גלייב, נישט דיין איז דער כישוף,

וואַרט, אפשר קומט ער צוריק, דער שיגעון,

דערווייל אָבער בין איך מיושב...

אַ חטאת־נעורים, וואָס איך האָב שפּעטער ביי מיין פעטער געפונען, שטאַרק פאַריכט און, ליידער, אין יובילעום־אויסגאַבע „פאַרעפנטלעכט"...

אָבער — זי האָט זיך אין קורצן געטרייסט.

די עלטסטע, דאָס „רייניקייט, איז, נאָך איידער זי האָט זיך אויסגע־לערנט לשון־קודש, א כלה געוואָרן, נישט מיט מיר! פון „רוסלאַנד".

די תנאים זענען געווען אינמיטן וועג אין אוסטילע... ביי איר אָפּ־פאָרן בין איך אינדערהיים נישט געווען. דער טאַטע האָט מיך פּלוצלינג (איך ווייס נישט, אויב צופעליק) מיטגענומען אין וואַלד אריין, ווו ער האָטביימער געהאַקט, נישט ווייט פון אוסטילע.

ער רעדט מיר איין: (צו וואָס? איך וויל דען נישט פאָרן?) „וועסט זען א וואַלד, וועסט וועלן און טויגן צום געשעפט, וועסטו בלייבן!" — צום געשעפט האָב איך, זעט אויס, נישט געטויגט. אָבער געמאַכט די ער־שטע באַקאַנטשאַפט מיט וואַלד און מיטן טייך בוג.

אָנפאַנגס — א לאַנגווייליקער וועג. בערגלעך און טאָלן...

„יעלו הרים ירדו בקעות" טראַכט איך: נאָך נישט אַזוי אָנגענעם! און פון ביידע זייטן וועג פלאַכע, אָפּגעשניטענע פעלדער, דאָס שוואַרץ־שטעכעדיקע שטרוי אויפן פעלד, דערמאָנט מיך אָן יונהטשעס און דיעדים שלעכט געגאָלטער „מאָרדע"...

פּאַמעלעך הייבט אָבער אָן אָנצוקומען, און אַלץ נענטער און נענ־טער, א גערויש, וואָס שטאַרקט זיך, כאַפּט ארום... מיין איך און פרעג איבער:

— א וואַסער?

— ניין — זאָגט דער טאַטע — דער וואַלד, וואָס קומט אונדז אַקעגן... (זיין אויסדרוק).

איך שטוין:

— ווי אַזוי רוישט עס א וואַלד?

— מיט די צווייגן, מיט די בלעטער, וואָס דער ווינט באַוועגט (גע־זאָגט האָט ער: רירט).

— אהא!

און באַלד קומט אָן דער וואַלד. מיר פאָרן אריין, איך בלייב פאַר־כישופט; אַזוינע גיבורים, אַזוינע ריזן! איך פאַל ביי מיר אראָפּ...

— ווי אַלט איז אַזאַ בוים?

דער טאַטע אַליין ווייסט נישט:

— זייער אַלט..

— וואָס פאַר א ביימער זענען עס?

—סאָסנעס... פון אַזוינע הויכע סאָסנעס מאַכט מען מאַטשטן (זעגל־ביימער) צו שיפן... דאָס גייט אַוועק ווייט, ווייט...

— ווי אזוי?

— שווימט איבערן וואסער. פון בוג, וואס וועסט זען, צו דער ווייסל, פון דער ווייסל צום ים אין דאנציק. פון דארט — אויף אנדערע ימים...

— דאס שטיק וואלד אבער איז נאך נישט פארקויפט... איך האס ווייטער אביסל דעמבעס...

און אז איך קום צו די דעמבעס און דערזע, ווי א קליינער פויער כאפט א האק און גיט א זעץ אריין אין א דעמב, רייסט זיך מיר עפעס אפ אין הארץ. געקומען אויפן ארט, לויף איך צעשראקן און צערודערט, און מיט א געוויין אין הארץ אין „שרייבערס" שטיבל אריין, ווארף מיך אויף זיין בעט און גראב איין דאס פלאמענדיקע פנים אין קישן און ציטער, ביז דאס מידקייט איז גובר, און שלאף איין, און שלאף ביז צומארגנס... צומארגנס, איך כאפ מיך אויף:

— ווו איז דער טאטע?

דער שרייבער שמייכלט עפעס אונטער די וואנסעס:

— אריינגעפארן קיין אוסטילע... פארנאכט צוריקומען. ווילסט אפשר אין וואלד אריין?

איך שאקל מיך אפ:

— ניין...

אז דער ווינט יאגט אן פון וואלד א זעץ פון א האק אן א בוים, ציטער איך.

פארנאכט קומט דער טאטע צוריק:

— מזל־טוב! קוקט אויף מיר פרווונדיס.

מיין כלה פון חורבה איז א ווירקלעכע כלה געווארן; ווי געזאגט, נישט מיט מיר...

---

קיין טראגעדיע איז עס נישט געווען. נישט קיין שטאלערנע שטאבע האט זיך איבערגעבראכן, — א בינטל לבנה־שטראלן! צום וואלד האב איך מיך צוגעוויינט. שפעטער צום בוג צוגעפארן. פון בוג און דער ווייסל, וואס איך האב שפעטער געזען ביי ראכיוו, איז געווארן „דער דיבוק"...

די סיבות, וואס האבן מיך אפגעהאלטן פון השכלה, קומען אין קינפטיקן פרק. דא מוז איך נאך מאכן א פאסט־סקריפטום וועגן א פאל מיט ר' משה וואהל, וואס איך האב פערזענלעך געהאט; א פאל, וואס איך

האָב ביי זיין פאַרטרעטיערן פאַר אים קיין פּלאַץ נישט געהאַט, און קען אים דאָך נישט פאַרפעלן.

א גאַנץ גייענדיק יאָר דאַוונט ר' משה וואהל ביי זיך אין מנין, אין בית־דין־שטוב. אין שיל אַריין קומט ער נאָר צו „כל־נידרי" און יעדן ערב־ראש־חודש צו יום־כיפּור־קטן.

איינמאָל, אַפּנים צו פרי געקומען, די שיל נאָך פאַרמאַכט. דאָס שיל־און בית־המדרש־הויז — ווי באַשריבן אין „פּאַליש אויף דער קייט". גייט ער אויף אַ ווײלע אַרויף אין בית־המדרש אַריין, שטעלט זיך אַריינקוקן אין אַ ספר, ביי דער לינקער מיזרח־וואַנט אין אָרון־קודש־ווינקל. שטענדיק שטייט דאָ אונדז תם, דער אַזוי גערופענער „יהושיע בהימה", וואָס גלוסט און האָפט אַלץ צו'ן אַ כתב־הרבנות, און מיר, חברה, שיקן אים פון צייט צו צייט אונטער — געפעלשטע, און ער, ווי שוין דערמאָנט, לויפט צום ווייב פרעגן, צי ער זאָל פאָרן, צי עס לוינט... טראָגט ער אויך אַזאַ ספּאָ־דיקל און אַן אַטלעסן קאַפּאָטקעלע... קום איך אַריין, אַהאַ דער תם! שלייך איך מיך צו אויף די נעגל — מעסט אים אויס פון הינטן אַ מתנת־יד, נישט ווי צו טון, צום שפּאַס, — דרייט זיך אום — ר' משה וואהל, און איך בלייב — פאַרשטיינערט.

און ער ווענדט זיך אום צעשמייכלט:

— וועמען האָסטו עס געמיינט, קונדאס?

שפּריצן מיר שוין טרערן פון די אויגן.

— האָסט חרטה?

אַ שאלה! רעדן אָבער קען איך נישט; דאָס לשון אָפּגענומען.

— ווילסט, איך זאָל דיר מוחל זיין? ווילסט אַ תשובה?

נאָך אַלץ אָן לשון, שאָקל איך, קוים צו מיטן קאָפּ.

— זאָג זשע מיר צו, אַז דו וועסט שוין קיינמאָל אויף קיינעם קיין האַנט נישט אויפהייבן...

איך וויל געבן די האַנט; „ניין, תקיעת־כף — נישט..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און וואָרט האָב איך געהאַלטן... און אויסער איין מאָל, איינאיינציק מאָל, ווען באַהערשן זיך וואָלט שוין געווען איבערמענטשלעך, האָב איך נאָך ביז היינט אויף קיינעם קיין האַנט נישט אויפגעהויבן, נישט אָפּצו־געבן און אַפילו נישט זיך צו פאַרטיידיקן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

## „דריי טפּחים" איבערן השכלה־וואַסערל. — ליידנשאַפטלעכע ליבע צום לעבן; פּראָבלעמען וועגן טויט. — דער ביבליאָטעק־שליסל.

ראַש וואַקסן יידישע קינדער; הלוואַי אזוי אויסערלעך, ווי אינערלעך!

וואָלט איך געהאַט אין דער האַנט, אָנשטאָט אַ פעדער צום באַשרייבן, אַ בליישטיפט צום צייכענען, וואָלט איך פון מיר, פון דעמאָלטיקן, פון יינגלישן — אַ קאַריקאַטור געמאַכט:

קליין, מאָגער, הענט און פיס, ווי די שטעקלעך; א קאָפּ — אַ גרויסער; אַ שטערן אין קאָפּ — אַן איינגעשרומפּענער; אונטער אים — אויגן, גרויסע, זוכנדיקע, שמערצלעך־פרעגנדיקע...

און איך זיץ אין אַ שיפל, אַ קליינס; דאָס שיפל איז צוגעבונדן צו'ן אַ שפּאַרעוודיקן לופט־באַלאָן, וואָס טראָגט עס... טראָגט עס דריי טפּחים הויך, איבערן השכלה־וואַסערל... דאָס שיפל איז איבערגעלאָזט אויפן ווינטס באַראָט. — א י ך, אין דער ה אַ נ ט — האָב אַ שמעטערלינגנעצל, מיט וועלכן איך באַוועג האסטיק אין דער לופט און כאַפּ פּראָבלעמען... און זעגל אַזוי אַריין, פּראָבלעמען כאַפּנדיק, אָן מיין ווילן און וויסן, אין ערוואַכנדיקן געשלעכטס־פּראָצעס...

„דריי טפחים" איבערן השכלה־וואַסערל.

השכלה איז „בילדונג" — קענטעניש פון שפּראַכן, „ווי אַ שטיוול הייסט אויף כמה לשונות"... און — אַביסל לידער אויף אלע „פיר צייטן פון יאָר"... דאָס איז געווען: שיפּמאַנס „פּקד־פּקדתי"; שטערנס „מאָיען, ווי האַבען זי געשלאַפען?" דעם פּעלדפּעבלס פּריציאַסטיע און דיעיעפּריציאַסטיע על־פּי גרעטש... דאַצו די דעקלאַמאַציע, ביי דער שיין פון דער לבנה: לו אדע, כי יהרוס קולי בכוח... פון מיינע חברים איין חבר־יצחקל, וואָס האָט געענדיקט דעם פּראָגימנאַזיום אין דער היים און איז ערגעץ אַוועק ל ע ר נ ע ן . . . ווערן אַ „דאָקטאָר!"...

מיך אָבער באַשעפטיקן „דברים העומדים ברומו של עולם"... „הויה" און „יצירה"!

נאָך וואָס האָט גאָט די וועלט באַשאַפֿן?

אַז, להכעיס אַריסטון וכל חכמי יוון, איז די וועלט נ י ש ט קיין קדמון, קען איך באַווייזן „שוואַרץ אויף ווייס”... און — דווקא אַ „יש מאין”! העכסטנס — פֿון „חומר היולי”... און נאָר, כביכול, מיטן וואָרט: „יהי אור!”...

גוט, אָבער נאָך וואָס?

דער מענטש (ציל און צוועק!) זאָל אים דינען?! וואָס דאַרף עס אַ גאָט? ער זאָל קענען געבן שכר, נישט פֿאַרשעמען מיט מתנת־חינם? (דער רבינו תם) דאָס איז אָבער שייך ביי׳ן אַ בשר־ודם קעגן אַ בשר־ודם... וועלכן איך קען דינען. נעם איך ביי אים דאָס נישט פֿאַרדינטע, ווערט אים ווייניקער... („אין חדר אריין, שקצים!”) געשווינדער לייגט זיך אויפֿן שכל דאָס אויסשטראַלן אין ספֿירות... עפּעס ווערט אָבער, אַזוי דאַכט מיר, געשמעלט דער געטלעכער ווילן... אַ שאָד! און אין איין וועגס שרעקן די גרענעצן פֿון כל־יכולס אַלמעכטיקייט... אומענדלעך און דאָך באַגרענעצט: ער קען פֿון קיין דריי־עק קיין פֿיר־עק נישט מאַכן... און די שפּעטערדיקע שרעק פֿון ז י נ ד י ק ן פֿון „אין פֿאַליש אויף דער קייט”: פֿון איין מאָל געשעענעם וועט ער קיין קוצו של יוד נישט ענדערן...

און וואָס איז לעבן אויף דער וועלט? און וואָס איז גיין פֿון דער וועלט — טויט?

און, ווי אָנגעוויזן, די פּראָבלעמען, וועלכע איך בין איבערגעגעבן, וואַקסן ווי ווילד־שוואָמען איבערן אומרואיקן, פֿאַרגעפֿיל־פֿולן, ציטעריקן תוהו־ובוהו פֿון אונטער דער „באַוווסטזיניקער שוועל”, ווו עס ערוואַכט דאָס געשלעכט, ווו עס פּיקט זיך אַרויס, אָן מיין ווילן און ווילן, די חיה מאַנספֿערשווין, וואָס וועט ערשט קומען און איבערפֿאַרבן אַלץ, וואָס איז דערווייל שוואַרץ און ווייס, אויף רעגנבויגן־פֿאַרבן, סמערסט בלוטיק־רויט, מיט פּורפּור...

זינק איך אין מרה־שחורה,,, און דער טאַטע, פֿאַר מרה־שחורה, פֿרייטיקצונאַכטס צום קידוש — דערלאַנגט... די מאַמע ברומט שטיל; גלייך אַ קינד האָט נישט זיינע עגמת־נפֿשן... און פֿאַראיינזאַמט בין איך (מיט וועמען רעדט מען פֿון אַזוינע זאַכן?) און באַוועג מיך פֿאַריינזאַמט אין אַ נעפּלדיקער שאָטן־נעץ פֿון מענטשן און זאַכן, גאַנץ לויז (פֿאַר מיר!) איינגעפּאַסטע אין אָרט און צייט, רירעוודיק־שווינדלדיקע, אין גראָען גע־הילט... אָדער ציטעריקע אין זיילן פֿון זונען־שטויב; טרוים און וואָר גע־מישט...

און שרייב איך זיכרונות, נעמט מיך נאָכאמאָל דער געפיל פון מענטשן און זאכן, וואָס האָבן א טייל, פון וועלכע מיין נשמה האָט יניקה געהאט — ארום... זעלטן וואָס און ווען איך זע גאנץ... דאָס מערסטע פארשווומען, אָן קענצייכן און פעסטע קאָנטורן... אויגן קוקן ארויס. עפּעס ליפּן פּליסטערן מיר צו...

אינגאנצן דערקלערן מיך וויל איך נישט, אלע שאָטן און שטראלן, פון וועלכע מיין אינערלעכקייט האָט זיך אויסגעוועבט לויט איי־געגענער פאָרעם, וועל איך נישט אויפזאמלען...

נישט פאר אלע האָט מיין זיכרון, מיין געדאנקען־פּראָבלעמען־ און קאָנטראסטן־זיכרון די ריכטיקע אנגל, פון פארגעסעניש־וואסערל ארויס־צופישן; נישט פאר אלע דעם פּאסיקן רעפלעקטאָר, אין נעפּל גאנץ צו באלייכטן...

שווימט אייך ווייטער, ליבע, אומבאקאנט געוואָרענע אויגן־ און ליפּן־פּאָרן... אין לעצטן מאָמענט — זאָגט מען — דערמאָנט מען זיך אלץ מיטאמאָל... קיין פעדער אין האנט וועל איך אָבער דעמאָלט נישט האָבן; ווער ווייסט, צי די צונג וועט זיך דעמאָלט פריי באוועגן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארוואָס האָב איך אויפן ווער, וואָס איך גיי נאָכאמאָל איבער אין געדאנק, אויפן וועג פון קינד ביז שריפטשטעלער, אפשר עטוואָס ווייטער... מיין מלמד, דעם פּשוטן פארלוירן? דער „געדאנק", וואָס האָט מיך, אינעם „מלמדים־פּרק" געפירט, האָט אים אינעם נעפּל געלאָזט, אויף אים קיין שטראל נישט געוואָרפן...

ערשט שפּעטער האָב איך מיך אָן אים דערמאָנט און אויסערלעך — גאנץ צופעליק...

איך בלעטער איבסענס „פּער־גינט", קום צום הספד פון גייסטלעכן איבער א בר־מינן, וואָס פלעגט באשטענדיק האלטן די רעכטע האנט אין טאש... ער האָט זי פאר מענטשלעכע אויגן פארבאָרגן, ער האָט זיך אמאָל, ווילנדיק זיך באפרייען פון מיליטער, פון דער רעכטער האנט א פינגער אָפּ־געשניטן, און מיט דער האנט, וואָס האָט נאָר פיר פינגער געהאט, זיך געשעמט...

אויגנבליקלעך שווימט ארויס זיין קאָנטראסט. מיין מלמד, דער טאבאַק־שטויסער מיטן איבעריקן פינגער, וואָס האָט מיך מיט זיינע זעקס פינגער געשראָקן...

פּראָבלעמען און קאָנטראסטן — דאָס זענען די צוויי וואלצן, אויף

וועלכע עס וועלן זיך וויקלען אַלע מיינע שריפטשטעלערישע יריעות... עטישע קאָנטראַסטן־בילדער — טרויעריקע דעקאַדאַנסן פון חסידיזמוס, חורבות פון וועלט־אָנשויונגען... דראַמען און טראַגעדיען מער אין ברע־גענדיקע אָדער זיך לעשנדיקע געהירן...

אַ קליין, קליין ביסל נ אַ ט ו ר...

איך האָב זי אין אַ ו צ ר אַזוי ווייניק; איך האָב זי אין דער יוגנט, וואָס שפּייזט די שפּעטערע יאָרן, אַזוי ווייניק געהאַט — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ קינד, אַ ייִדישס, אין אַ פעסטונג געבוירן! פון וואַלד און פעלד מיט מויערן און וואַלן אָפּגעגרענעצט, אויף טויערן פאַרמאַכט... שוין היפּש דורכגעפילט „ברכי נפשי” און אַנדערע ביבליש־פּאָעטישע נאַטור־באַשרייבונגען און האָב נאָך קיין וואַקסנדיק גרעזל נישט געזען... איך ווייס, פאַראַן אַזוינס... מלאָכים שטייען דעריבער מיט ריטלעך און שמייסן: שפּראָץ! שפּראָץ! און דאָס יונגע „לעבן”, דאָס שוואַכע, מוז שפּאַלטן די האַרטע ערד און אַרויסשפּראָצן...

איך וועל שוין האָבן דורכגעפילט דעם גאַנצן סוד, מיט זיין גאַנ־צער טיפקייט און ערהאַבנקייט, פון סנה אין מידבר, — און ווייס נישט, וואָס סטעפּ איז, און האָב נאָך קיין דאָרן, קיין שטענגל פון עפּעס, וואָס וואַקסט — נישט געזען, אויסער אַמאָל אין אַ פייכטן קעלער, ווו איך בין אין אַ הייסן זומער־טאָג אַראָפּ, זיך אָפּצוקילן — איבערוווקסן פון קאַר־טאָפל...

איך רעכן. אַז איך, הייִנטיקע, וועט זיין נישט לייכט זיך פאָרצו־שטעלן אַזאַ קינד — זאָל זיין אַ ייִנגל, זאָל זיין אַ חתן־בחור; די גאַנצע ליניע וועט אייך אויסזען משונה־ווילד! — אַ באַשעפעניש, וואָס גייט אַרום מיט אַ געהירן, אין וועלכן עס טראָגן זיך די שמעקעדיקסטע ריחות פון „השדה, אשר ברכו ה׳”, פון „דודאים”, פון באַרג לבנון, פון „חבצלת השרון”, „שושנת העמקים” און האָט נאָך צו די קערפּערלעכע נאָז־לעכער קיין איינציק לעבעדיק בלימל נישט צוגעפירט... יונהטשעס שוועסטער, דעם פּאָלקאָוואָי־גלחס טעכטער, מאַנכע אָפּיצירישע ווייבער טראָגן „אויפן האַרץ” — בוקעטן; אינזשעניער־פרויען, פון אָפּגעשלאָסענעם גאָרטן הינ־טער דער שטאָט, קומען אַמאָל אין שטאָט אַריין, אין ווייסע קליידער מיט קליינע, קליינע בלימעלעך באַלייגט. און שפּאַצירן אין שלאָס, — קריך אַהין מיט דיין קינדישער אָדער ייִנגלשער נאָז...

און נאָך וואָס? עולם־הזה דאַרף איך?

איך בין דאָך דאָס ציכטיקע, ווייכהאַרציקע חובת־הלבבות־קינד, וואָס האָט נחת פון אָפּזאָגן זיך, פון צעטיילן דאָס אָנבייסן... צוויי פאַר־לאַנגען האָט עס נאָר פאַר זיך: פון פּאָטער אויף דער ערד: נאָך אַ גרין־ציבעלקעלע, און פון פּאָטער אין הימל, ער זאָל ממלא זיין די פּגימת הלבנה...

אויף מיין ריין קינדיש האַרץ הענגט נאָך אַ שלעסל מיט צעוואָרפענע אותיות... ווער ווייסט, ווען און ווען וועמעס האַנט עס וועט די אותיות „גלייך־שטעלן", עפענען און מאַכן פייער, הייליקס צו פרעמדס, אויפן קליינעם מיזבח... איך בין נאָך אַ מיידל, מיין כלה פון חורבה — אַ יינגל! און מיין גרויס־אויפגעשוואָלענער קאָפּ האָט שוין דורכגעלעבט דעם גאַנצן עקאָ־נאָמישן, יורידישן און געשלעכטלעכן פּלאָנטער פון באַציונג צווישן „אָדם וחווה", פון מאון ביז יבום...

און איך לייד שוין אויף גלות־השכינה: פאַרוואָס איז גובר דער שקר, הערשט דער טעות און דער אויסדערוויילטער „האַלט אַש אין מויל און שווייגט"... און גלאָט — גלות...

אין גאַלאַ־מונדירן, מיט שטיקן, וואָס בלאַנקען און בליצן אויף דער ליכטיקער זון, מאַרשירט, אין גאַלאַ־טאָג, אַן אָפּטיילונג מיליטער פון שלאָס, ווו די אָפיצירן וווינען, ביז דער קאַזאַרמע ביי דער שעברשינער בראָם, איבער דער גאַנצער לענג פון דער ברוקירטער גאַס... מיט מוזיק... ווייסע חברה פאָרויס... אויסערן אַפּאַטייקער און זיינע דריי שוואַרצע נעכט, לויפט מען פון שטובן צו די פענצטער, פון געוועלבער צו די טירן... די מוזיק שמעטערט אַ ניצחונדיק־לוסטיקן מאַרש, און מיין יונג האַרץ קלעמט:

— ווו איז מיין מיליטער? מיין מוזיק?

און די אויגן נעצן זיך...

באַ, איך האָב דאָך שוין אין קאָפּ אַ גאַנץ גרויס שטיק וועלט גע־האַט — גאַנץ ארץ־ישראל... דאָס אַמאָליקע, דאָס „מילך און האָניק פליסנ־דיקע"... מיט „איש תחת גפנו ותחת תאנתו"...

אמת — אַ גרייזיקע טאָפּאָגראַפיע; אַ דאַנק דעם „גירסא דינקותא" (שפשתא כיון דעל, עלו) האָב איך דאָך ערשט נישט לאַנג, אין „מסירת־נפש", געהייסן דעם ים כינרת, ער זאָל פאַרבייפליסן דעם „הייליקן" צפת... אָבער — אַ שטיק וועלט! אַ לאַנד מיט שטעט (צווישן זיי — ירושלים!) דערפער, טייכן, ימים (דער ים־המלח אינמיטן!) בערג... ווייַנבערג! און

מיט מיינע אויגן, אויסערן פּעסטונג, האָב איך געזען — סטאַבראָוו, דאָס דערמאָנטע דאָרף!

און ווערט מיט דער יונגער צייט, איך געדענק שוין נישט ווען און ווי אַזוי, ערפילט מיין היים קינדיש פאַרלאַנג צום גאַנעקל און זייגער־טור־רעם... און איך, דאָס ייִנגל פון „דריי מאָל געראָפן", פאַרלאָז מיין „טאַ־טע־מאַמעס הויז אין בגדד" און גיי אַרויס און קלעטער אויף די גליטשי־קע, שמאָל־שווינדלדיקע טרעפּלעך אַרויף אין טורעם און קום אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, און גיי אויפן גאַנעקל אַרום, און זעט מיטאַמאָל אַ צווייי, דריי ווייערסטיק אויסגעשפּרייט אַרעם פלאַכלאַנד אַרום שטאָט, „מיט הייזלעך ווי קאַרטן־שטיבלעך, מענטשן ווי היישעריקן" און עטלעכע צעוואָרפענע קאַרליקעס ביימלעך, באַמערק איך דאָך באַלד צו מיין האַר־ציקן פאַרדרוס, אַז וואָס העכער זעט מען ווייטער, מער, אָבער נישט בעסער...

פונקט ווי אין „דריי מאָל געראָפן"...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער אַט, מיין וועלטל ווערט אַביסל רייכער... עס ציט זיך פון שטאָט אַרויס, און אַנעקסירט דעם אינזשעניערס גאָרטן, פון וועלכן עס פלעגן קומען אין שטאָט אַריין די ווייס־געקליידטע דאַמען מיט די קוויטן און שפּאַצירן אין שלאָס...

אַ מעשה מיט דעם גאָרטן:

שוין יאָרן, אַז דאָס פעסטונג איז אויס פעסטונג. די שרעק איז פאַר־שווונדן פון די וואַלן... די האַרמאַטן מיט דער פּראַט־קוילן זענען אַראָפּ־גענומען. דאָס וואַסער צווישן די פּאָסן — אויסגעטריקנט, די פּרעש — אַוועק צום זומפּ אויף דער לאָנקע ביי דער „אוציעצקא". דער גאַרניזאָן איז אַוועק; אולאַנען אין קאַזאַרמע, קאָזאַקן! די פלאַצמאַיאָר מיט די בע־זעמדיקע וואָנסעס האָט זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט דער שטאָט, געטרונקען לחיים, אַ מתנה גענומען און ערגעץ אַוועק. פון די בריקן אונטער די דריי בראָמען — קיין זיכר. די אָפּגרונדן פאַרשיט, גלייכע, ברייטע אַרויסגענג און אַרויספאָרן צום שאָסיי, און דער „סמאָטריטעל", ווי דערמאָנט, איז געבליבן, ער זאָל נישט לאָזן ייִדישע קינדערלעך זיך באָדן, און די אינ־זשעניערן, וואָס ווינען אין גאָרטן הינטער דער שטאָט, האָט מען פאַר־געסן... נאָך נישט געענדיקט, זאָגט מען, די חשבונות פון איינלייגן און צערייסן דאָס פעסטונג, און דער „אינזשענערנע גאָרטן", וווּ זיי ווינען

אינעם גרויסן ווייסן הויז, וואָס בלאַנקט דורך פון צווישן די ביימער, איז נאָך אַ „גוייש פאַרשלאָסענער גן־עדן״..

שפּאַצירט מען אַמאָל איבערן שאָסיי, לאָזט מען זיך, ביים אינזשע־ניערנע גאָרטן, אַראָפּ אין ראָוו אַריין און מען קוקט אין גאָרטן אַריין מיט גרויס גלוסטונג... מען שטעקט די קעפּ, מיט די ברענענדיקע אויגן, צווישן די שטאַכייטן אַריין וואָס טיפער. — זעט מען ביימער און ביימער, און אַלעען... און דאָס ווייסע הויז, וואָס בלאַנקט פון די ה־ייע ביימער אַרויס... און דאָס דורכפלאַטערן פון ווייסע קליידער, וואָס די דאַמען, וואָס קומען אַמאָל אין שטאָט אַריין, אין שלאָס אַריין, און שפּאַצירן באַליינגט מיט קוויטן... אין אַ זייטיקער אַלעע וויגט זיך אַמאָל אַ קליין, גוייש מיידלש־מלאכל אויף אַ „הוידא״... דאָס געלעכטערל קלינגט. די גאָלדענע לאָקן — ציִפּלויגן אין דער לופט, — דער פאָטער דער גענעראַל וויגט זי מיט די „אייגענע״ הענט... אין אָוונטן פון גאַלאַ־טעג וויגן זיך, הענגנדיק צווישן די גרינע בלעטער אויף די צווייגן, איבער דער לענג פון דער מי־טעלער אַלעע פאַרן הויז, בליצנדיקע פאַרשידנפאַרביקע פּאַפּירענע לאַמ־טערנדלעך... אונטן, איבער דער אַלעע, ליגן זיך שמאָלע, געמישטע פּאַסן פון רעגנבויגן־ליכט. די פאָלקאָוואַי־מוזיק קומט און שפּילט פאַרן הויז... אינעווייניק אין הויז ווערט געטאַנצט... וואָס אַ רגע קומען אָן נייע מיליטער־שע געסט פון „שלאָס״... געטאַנצט ווערט און געטרונקען... הילכט אויף וואָס אַמאָל אַ „לחיים״ און ווערט באַלד פאַרטרונקען אין אַ נאָך הילכעדיקערן טוש פון דער בלעכענער מוזיק...

מאַנכמאָל, אין שטילע אָוונטן, הערט מען פון הויז אַרויס פּיאַנאָ־שפּיל... מיכל, אונדזער קאַפּעלמייסטער פון די קלעזמער, מיין שפּעטער־דיקער יואל פון „וואָס אין פידעלע שטעקט״, שטאָלפּערט שוין (זעלטן גאָר אינגאַנצן ניכטער...) איבערן ראָוו מיט דורשטיקע אויגן און פאַנגט מיטן געשפּיצטן אויער די מוזיק... פון דער מוזיק, זאָגט מען, מאַכט ער מאָראַלישע שטייגערס צום באַדעקנס, מאַרשן צו חופּות און פריילעכצער צו דער „וויעטשערע״... מוזיקאַלישע יינגלעך, משורי־מלעך און גלאַט חברה — מיט די קעפּלעך צווישן די שטאַכייטן, שטייען פאַרגאַפט... באַ־מערקט מען און מען הייבט אָן פון אינעווייניק צו יאָגן (יידישע קינדער זאָלן נחת האָבן?), די הינטישע כרובים פון דער פורטקע ווערן אָפּגע־לאָזט פון דער קייט — רייסט מען, צום אַנטלויפן, די קעפּלעך פון די שטאַ־כעטן אַרויס, איבערלאָזנדיק שטיקער הויט... און פלוצלינג — דערמאָנט זיך און אָפּגערופן די אינזשעניערן... דער גן־עדן אָפן, ער פאַרברייטערט

מיין קינדישע וועלט. שפּעטער וועל איך צו אים צונעמען אַ שטיק זאַקסישן גאָרטן פון וואַרשע — און די רביישע גערטלעך פון סטרוקאָוו און ביאַלע און מאַכן אַ רעזידענץ פאַר אַ יידישן גביר אין צפת... דעמאָלט קום איך אָבער אין גאָרטן מיט האָרץ־קלאַפּן ווי אין „פּרדס” אַריין... איך בין, איך פיל שוין, אַ האַלבער מקצץ בנטיעות... אַ נכנס בשלום בין איך, צי וועל איך זיין אַ יוצא בשלום אויך?

און איך גיי־[illegible]ם איבער דער לאַנגער טונקעלער אַלעע און טראַכט — וועגן טויט!

נאָך וואָס האָט גאָט באַשאַפן טויט און — וואָס ווערט נאָכן טויט?

די נשמה פליט אין הימל אַריין... אין גן־עדן אָדער גיהנום אַריין. דער רמב"ם מיינט — עס בלייבט ערגעץ־ווו אַ שטיק שכל, וואָס עקזיסטירט ווייטער, און אויף ד ע ר זעלבער מדרגה, צו וועלכער דער מענטש האָט דערצויגן זיין נשמה אויף ד ע ר וועלט... און מיין ברודערל, וואָס איז געשטאָרבן אַזוי יונג, נאָך גאָר אָן שכל? און קינדער פון די וויגן, און מפּיל־קינדער? דער בעל־שם הייסט ווייטער פירן דאָס אייגענע לעבן, וואָס מען האָט דאָ געפירט, נאָר מיט נחת אָדער צער, לויט פאַרדינסט. גביר און פּאָסעסאָר בלייבט גביר און פּאָסעסאָר; בעל־עגלה בלייבט בעל־עגלה — אַ מין „שכר ועונש אין דימיון!” עפּעס אַן אָפּנאַרעכטס, אַן איינרעדעניש פון זיין ליבן נאָמען... געווען אין שטאָט אַ משוגענע מיטליעריקע פרוי, געגעט צי אַרויסגעטריבן פון מאַן, מיט די זאַכן, קליידער און צירונג... טראָגט זי זיך אַרום מיטן פּעקל איבער די גאַסן גאַנצע טעג... ווו זי נעכטיקט ווייס איך נישט... גאַנץ אָפט שטעלט זי זיך אָפּ אין מאַרק, עפנט דאָס פּעקל, שפּרייט אויס אירע זאַכן... באַקוקט און שמייכלט צו די קליידער, מעסט אָן דאָס צירונג און מעסט איבער... טוט אויס די פאַריק און זעצט אַרויף אַן אַנדערע... וויל זיך אויך איבערטון אין מיטן מאַרק... עס איז אפשר ביי'ן איר אַ יום־טוב אינמיטן דער וואָך... און דאָס אויסגעהונגערטע פּנים שמייכלט פאַר נחת, דער ש ט ע ר ן שמייכלט, די אויגן שטראַלן... וועט דאָרט אויך זיין אַזאַ מין גן־עדן... אמת, אין מיטן מאַרק קומט די שטאָט־פּאָליציי און שלעפּט זי אין אַרעסט־שטוב אַריין... און דאָרט, אין פרייען עולם־הדימיון, אָן פּאָליציי, קען זי זיך איבערטון צען מאָל אין טאָג...

און דער גוף!

עפר ועפר... געקומען פון דער ערד, צוריקגעגאַנגען צו דער ערד. „שתי רוחות מספּרות” — דאָס איז אַגדה... אַ משל, אַ „סימבאָל”, איך

האָב שווין אין מיין גייסטיקן שמעטערלינג־נעץ פון ערגעץ דאָס וואָרט גע־כאַפּט... „והמתים אינם יודעים מאומה" זאָל זיין דער אמת. אָבער איך קען מיר בשום־אופן נישט פאָרשטעלן, אַ מענטש זאָל ליגן אין קיבר, און עס זאָל אים נישט זיין ענג, נישט פייכט, נישט פינצטער, און זאָל נישט פילן, ווי די ווערעם שפּייזן זיך מיט זיין לייב... און אפשר? טאָמער, חלילה — בלייבט עטוואָס ו ו י ס ן, בלייבט אַ לחלוחית פון פילן... עס ווערט מיר קאַלט אין אַלע גלידער...

און פאַרוואָס שטאַרבן, וואָס איז דער י ו ש ר? ווייל אָדם־הראשון האָט געזינדיקט... פאַרזוכט פון עץ־הדעת, איז ווירקלעך עץ־הדעת — זינד? גאָט האָט נישט געהייסן? און ווען זינד — קומט אַן איי־ביקע שטראָף, אויף אייביקע דורות? „פוקד עוון אָבות על בנים, על שילשים ועל ריבעים"... אָבער נישט אייביק! פאַרוואָס פאַרווערט די פרוכט פון עץ־החיים? „ער וועט לעבן אייביק?" פאַרוואָס נישט? „זיי וועלן זיין גלייך מיט מיר" — פאַרוואָס נישט? שפּעטער האָט ער דאָך עס פאַרלאַנגט: מה אני קדוש, — זייט דו אויך הייליק... איך בין אַ חנון, זייט דו אויך באַרעמהערציק... געוואָלט, מען זאָל אים גלייך זיין!

און ווי שרעקלעך, ווי האַרב די שטראָף איז... דער טויט און זיינע יסורים!

קומט ווידער דער רמב"ם... דער קלוגער, דער טיפער, וואָס האָט די וועלט צעטיילט: פון די ערד ביז צו די גלגלים — הלכה באַריסטו, פון די גלגלים און העכער — משה אמת ותורתו אמת...

קומט ער און זאָגט: אַ טעות הדפוס! נישטאָ קיין פּיין און קיין לייד, און קיין יסורים און קיין טויט; דאָס אַלץ עקזיסטירט נישט, האָט קיין ממשות נישט, אַזוי ווי עס עקזיסטירט נישט קיין פינצטערניש; עקזיס־טירן עקזיסטירט נאָר ליכט... „יוצר אור ובורא חושך" איז נאָר אַ מליצה אין דאַוונען... גאָט האָט באַשאַפן — ליכט! פינצטערניש איז נאָר דער פּ ע ה ל פון ליכט, דער העדר פון ליכט! אז גאָט נעמט צו די ליכט — איז פינצטער! און צונעמען האָט ער רעכט, ער האָט דאָך געקאָנט נישט געבן! אַזוי איז נישט פאַראַן קיין קרענק; פאַראַן נאָר געזונטהייט, — געזונטהייט האָט אַ ממשות, פון גאָט אַ מתנה! דער העדר דערפון האָט אַ נאָמען קרענק, דער נאָמען האָט אָבער אונטער זיך קיין ז אַ ך, קיין ממשות נישט... און אַזוי? „אלהים חיים" — גאָט באַשאַפט לעבן, נעמט ער אים צו, הייסט עס טויט. קיין טענה קען נישט זיין, ער האָט נישט געגעבן קיין טויט, נאָר צוגענומען זיינס... ברוריה ר' מאירס האָט רעכט: „וויין נישט, מאיר, נישט

צוויי זין זענען דיר געשטאָרבן, זיין ליבער נאָמען האָט נאָר זיין פּיקדון אָפּגענומען"... „ה' נתן וה' לקח" — ווייסט נאָך איוב... אַזוי קלאָר! און איך האָב דאָס פּאַרגעפיל פון לאַהס ווערטער אין דער „גאָלדענער קייט" — קלאָר איז שניי, קלאָר איז אייז, נאָר נישט לעבן!

און דאָס יונגע האַרץ עמפּערט זיך קעגן דער ריינער, ראַציאָנעלער לאָגיק! טרייבט הייס־עמפּערט בלוט אין די אָדערן אַריין... און עס קלאַפּט אין די שלייף אַלץ אייניינעם:

— וואָס איז טויט? פאַרוואָס קומט טויט?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינטערעסאַנט וועלן זיינע מיינע באַקאַנטשאַפטס־מאָמענטן מיטן טויט...

שוין לאַנג, נאָך גאָר קינדווייז, האָב איך מיך שיר־נישט מיטן מלאך־המוות געטראָפן פּנים־אל־פּנים... איינמאָל, איך גיי צו דער באָבען אין געוועלב אַריין נאָך וואָכן־געלט (זעקס גראָשן א וואָך!). איך קום אין גע־וועלב אַריין, ווערט מיר עפּעס שוואַך אַרום האַרץ, עס פאַרדרייט זיך דער קאָפּ, איך שפּאַר מיך אָן וואַנט און קען זיך נישט דערהאַלטן. איך פאַל און פיל, אַז איך פאַל עפּעס אין אַ טיפן, טיפן אָפּגרונט אַריין...

אויפגעכאַפּט האָב איך מיך אין דער באָבעס גרויסער שטוב, אין אַ גרוים בעט, פאַרטאָג... איך האָב אַ שטילן, פרום־האַרציקן לערן־ניגון דערהערט. איך עפן פאַמעלעך די אויגן אויף — וויט פון בעט, אין ווינקל פון שטוב, ביי'ן אַ ליכט, פאַר מיר מיט אַ ספר פאַרשטעלט, זיצט מיין פעטער שמואל־לייבוש און לערנט... איך הער נאָר דעם ניגון, קיין ווער־טער — נישט. כדי בעסער צו הערן, וויל איך מיך צורוקן צום ראַנד פון בעט — דאָס לייב פאָלגט נישט, די ביינדלעך ברעכן; איך דערשרעק מיך, איך מוז זיין קראַנק. פרעגן וויל איך נישט, איך וויל נישט מפסיק זיין... און בין איך קראַנק, לערנט מיין פעטער שמואל־לייביש דעריבער אַזוי האַרציק, איך זאָל אין דעם זכות גיך און באַלד געזונט ווערן. בלייב איך ליגן אומבאַוועגלעך. דער קאָפּ איז מיר שווער, ריר איך מיט אַ האַנט און טאַפּ אָן אַ גאַנץ טוך, מיט וועלכן דער קאָפּ איז אַרומגעבונדן. איך דער־שפּיר דורך די נאָז־לעכער אַ זויערקייט — דאָס טוך איז גענעצט אין עסיק... איך גיב אַ בליק צום פענצטער — אַ ווייסע נאַכט קוקט אין שטוב אַריין... און אויפן פענצטער שטייען פלעשעלעך מיט מעדיצין... וואָס איז מיר? ווען בין איך קראַנק געוואָרן, און פאַרוואָס ליג איך דאָ?... איך מאַטער מיין שוואַכן קאָפּ און דערמאָן זיך אָן מיין גאַנג צו דער

באָבען אין געוועלב אריין, מיין פאַלן אין געוועלב... „איך מוז זיין א חולה מסוכן"... „דעריבער לערנט ער אזוי"... אין מארק, צו וועלכן די בענצטער גייען ארויס, פאַרט דורך א פור, עס ווערט א געבילעריי פון הינט... „כלבים נובחים — מלאך־המוות באַ לעיר"... שלעכט... ניין, עס איז צוליב דער פור... און דערווייל ווערט מיר היים. דאָס לייב באדעקט זיך מיט שוויים און איך הייב אָן אינגאַנצן צו פלאַמען...

איך האָב מיך (דאכט זיך, דעם זעלבן טאָג) נאָכאמאָל אויפגעכאַפּט, און איידער איך עפן די אויגן הער איך שטימען ארום בעט:

— ער איז א ו נ ד ז ע ר ! — די באָבע.

— דאָס געלע פלעשעלע — די מומע יענטע...

— און איך זאָג די באַנקעס — די מומע טעמע... די מאַמע לייגט מיר נאָר די האַנט אויפן שטערן...

— פון יענער זייט, טאַקע פון יענער זייט! הער איך נאָך אַן אומ־באַקאַנטע שטימע פון א ייד און הער זיינע טריט, ווי ער גייט ארויס, און הער, ווי ער פארמאַכט הינטער זיך די טיר...

„שיר, שיר"... טראַכט איך...

אָבער דעם אמתן טויט־שרעק האָב איך ארויסבאַקומען פון ברונען... איר האָט פיליכט געלעזן און געדענקט די „פארשאָלטענע ברונע"?!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אינמיטן פון איין מארק־פערטל שטייט א ברונען, אונטער א היל־צערנעם דאַך אויף פיר שווערע זיילן... ארום ברונען א צעמברינע פון באַלקן ביז דער ברוסט פון א דערוואַקסענעם מענטש... וואַסער ציט מען מיט שעפּן אויף אייזערנע קייטן, געוויקלט ארום א וואַל, וואָס באַוועגט זיך דורך אַן „אומגעהייער גרויס" ראָד מיט שפּיצן...

דאכט זיך, אַן אייפאַך עינין פון א שטאָט־ברונען? איז אָבער דער ברונען „זייער, זייער" טיף, און אז מען שפּאַרט זיך אָן מיט דער ברוסט אָן זוים פון צעמברינע (יינגלעך מוזן זיך דערצו אויפהייבן אויף די שפּיץ נעגל) און מען קוקט אריין, גלאַנצט עפּעס א רעדל פון ליכטיקייט איבערן שווארצלעכן וואַסער — עפּעס א „וואַסער־שמייכל", וואָלט איך היינט גע־זאָגט. און אז מען קוקט לענגער אראָפּ, הייבט זיך אָן צו דרייען דער קאָפּ און עס כאַפּט אָן א וווּנדערלעך גלוסטונג אראָפּ, צום וואַסער־שמייכל, וואָס ציט אראָפּ, ווי א מאַגנעט; מען מוז זיך גוט איינהאַלטן און אָנהאַלטן, נישט אראָפּצושפּרינגען... אזא כישוף שטעקט אין דעם שווארצלעכן ברונעם־וואַסער, מיטן ציטעריקן שמייכל פון אויבן...

איז נאָך ווייניק, דערציילן זיך יינגלעך מיט מיידלעך, אז אויב עס איז נאָר א פינצטערע נאכט און אַלע ליכט ארום לעשן זיך אויס, די שטאָט איז איינגעשלאָפן, זאַמלען זיך קעץ, ווייסע און שווארצע קעץ, ביים ברונען, קומען און זעצן זיך אויף די שפּיצן פון גרויסן ראָד, געמישט: א שווארצע קאַץ, א ווייסע קאַץ און הייבן אָן יאָמערן... און יאָמערנדיק רירן זיי זיך אויף אַלע זייטן און רירן דאָס ראָד, און דאָס ראָד הייבט זיך אָן דרייען און די שעפּן גייען ארויף, אראָפּ... וואָס אמאָל געשווינדער... און דער נאכט־היטער, וואָס גייט ארום אין מארק (אַן אַלטער גוי, מען זאָגט: א נייַנציקער), הערט, ווי די קעץ יאָמערן, ווי דאָס ראָד סקריפּעט, ווי די שעפּ, וואָס קומט אראָפּ, שלאָגט זיך אָן אין וואסער, און דאָס וואסער שפּריצט איר אקעגן מיט א געלעכטערל, און דיר שעפּ, וואָס קומט ארויף, קערט זיך אַליין איבער — פּליוסק — פּליוסק דאָס וואסער אין ברונען אריין... און ער ציטערט און צלמט זיך, ציטערט און צלמט זיך... און אַלטע ווייבער זאָגן: די קעץ זענען קיין קעץ נישט, נאָר נשמות פאַרוואַגלטע, וואָס זוכן תיקון ביים וואסער; די שווארצע זענען מענער, וואָס האָבן נישט געהאַלטן פון מיקווה, די ווייסע — זענען ווייבער, וואָס האָבן נישט ערלעך געהאַלטן די דריטע מיצווה...

ווי עס זאָל נישט זיין, נישט קיין פּראָסטער ברונען...

און אין א געוויסן פרייטיק, לויפנדיק איבערן מארק, זע איך, ווי מען לייגט איין די צעמברינע (מיט דער צייט פויל געוואָרן), ווי מען פאַרלייגט דעם צוגאַנג מיט ברעטער, איך הער מיט די אייגענע אויערן, ווי מענטשן, וואָס שטייען ביי דער ארבעט — צייט פעלט נישט — זאָגן: „צו דער נייער צעמברינע וועט מען זיך ערשט שטעלן מאָנטיק"... און פאַרגעס אָן דעם אַלעם, און כאַפּ פרייטיקצונאכטס נאָך דער וויעטשערע די קופּערנע קוואָרט, לויף צום ברונען נאָך פריש וואסער, — א הייסער זומער־אָוונט, און לויף גלייך צו, וויל זיך, אין איין וועגס אָנשפּאַרן אָן ראנד פון צעמברינע, צי מען זעט ביינאכט דעם וואסער־שמייכל, און — —

און ווי דערמאָנט, אָן אַלטע יידענע גיט מיך א כאַפּ אָן, א שלעפּ צוריק... „פריידל די האַלאָדריגעבע", די סמאַלע־הענדלערן פון „שלום־בית", האָט מיך געראַטעוועט פון א זיכערן טויט — אויף בייטאָג!

ביינאכט בין איך איבערגעענטפערט דעם טויט און זיינע שרעקן. ווערנד א לאַנגע, לאַנגע צייט פאַל איך נאכט אויף נאכט אין טיפן ברונעם אריין... דער קאָנטראַסט צו דער ליבע צום לעבן בייטאָג... עס קומט דאָצו, אז נישט נאָר דער ווירקלעכער טויט שרעקט, נאָר אויך זיין ברו־

דער, דער צייטווייליקער טויט — דער שלאָף. איך ליג גאַנצע נעכט און האַלט איבערגעוואַלט די אויגן אָפן, נישט אַריינצופאַלן אין יענעם אָפּגרונט, ווי ביי דער באָבען אין געוועלב, נישט צו פאַרזינקען אין פאַרגעסעניש; נישט אָפּצורייסן זיך פון לעבן...

און וואָס שווערער, בלייערנער עס ווערן מיר די ברעמען, אַלץ געוואַלדיקער וואַקסט די שרעק, און אַלץ הייסער ווערט דער פאַרלאַנג — צום לעבן, צום האַלטן זיך, באַהעפטן זיך אָן לעבן... און איך שפּרינג צום פענצטער צו, רייס עס אויף צום מאַרק אָדער לויף אַראָפּ אין מאַרק אַריין... אָבער אויך דער מאַרק שלאָפט, איינגעהילט אין נאַכטיקער בלאַ־לעכקייט... פאַרגליווערטע מויערן, פאַרשוואַרצטע פענצטער... אָבער הינ־טער זיי עטעמט מען, לעבט מען, איך ווייס נישט ווי אַזוי, איך פיל. יענע לעבט נישט — פאַרוואָס? פאַרוואָס שטייען מויערן צווישן מ י ר און ז י י? צווישן מיין און זייער לעבן?

נאָטאַבענע, דאָס זעלבע געפיל האָט זיך אין מיר ערשט נישט לאַנג דערוועקט. דורכפאָרנדיק ביינאַכט איבער אַן אויסלענדיש שטיל שווייצע־ריש שטעטל, האָט מיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט אַ ווייטיק פון מיין אָפּגע־ריסנקייט פונעם לעבן פון הינטער די זשאַליוזן... דאָרט עטעמט מען, בענקט מען, מען טרויערט, פלאַגט זיך, אָדער מען פרייט זיך, מען איז גליקלעך אין דער שטילער פינצטערניש, און איך ווייס נישט, פּלי נישט, האָב אין דעם קיין חילק נישט... און דאָס לעבן דאָך דאָרט מענטשן, און איך בין אויך אַ מענטש... און! עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ליידנשאַפטלע־כער פאַרלאַנג, זיך אויפצושטעלן, אַ געוואַלדיקן געשריי צו טון, דאָס שטעטל אויפצוועקן, זאָלן זיך פּלוצלינג די זשאַליוזן הייבן, אויפרייסן די פענצטער, זאָלן זיי אַרויסשטעקן די מענטשן־קעפּ...

אַ „חוזר ונעור" פון די יונגע יאָרן געוועזן...

---

„אָבער ווי איינגנאַרטיק מענטשן שטאַרבן, ווי פאַרשידן זיי „גייען פון דער וועלט"...

די פאָרמען האָבן מיך שוין דעמאָלט באַשעפטיקט...

דער סטרוזש פון פעסטונג איז פּלוצלינג אַמאָל אוועקגעקומען... צי האָב איך עס געהערט, צי דערביי געווען, ווייס איך שוין נישט...

געווען אין פעסטונג אַ דאַרער, אַלטער, אויסגעדינטער סאָלדאַט — וואָס האָט די גאַסן געקערט. אויך (פאַר לאַפּיים צייטן) שבת־גוי געווען... אַ בייזער גוי, אַ בלינדלעכער און אַן אמתער שונא פון יידישע קינדער, —

דעם סמאַטריטעלס מענטש! זיין אָנבייסן אינמיטן גאַס — אַ שטיק שוואַרץ ברויט פון שוואַרצן בוזעם אַרויס, געשמירט מיט חילב פון אַ גראַשנדיק ליכטל פון קעשענע אַרויס... מען האָט מורא פאַר אים, אַ ליאַדע וואָס, וואַרפט ער דעם בעזים, מען ווייכט אים אויך פאַר עקל, און אויך פאַר עקל פאַר זיינע קללות... עכט רוסישע.. און זעלטן ניכטערן... און איינמאָל בלייבט ער שטיין אינמיטן קערן, גיט זיך אַ וואַקל, וויל זיך דערהאַלטן און גיט זיך אַ שפּאַר־אָן אָן בעזים, און קערט זיך מיט אים צו־זאַמען איבער, און גיט אַ געשריי: שמע־ישראל! פאַלט און — טויט... ווייזט זיך אַרויס — אַ קאַנטאָניסט געווען... באַהאַלטן האָט מען אים, ביז תחית־המתים, אויפן פּראַוואָסלאַוונע פעלד... אים ווער מען נישט אַרויסגנבענען, נישט די צייטן...

ד ע ר טויט מאַכט אויף מיר אַ קליינע ווירקונג; געדויערט אַ רגע כמימרא... וואָס האָט ער געקאָנט לײדן? געווען, נישט געוואָרן..

געווען אין שטאָט אַן אַלטער זייגערמאַכער, ר' הערשל, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אויך אַ שטאָט־דינער... זיין עובדא: אינדערפרי און פאַרנאַכט אַרויפצוקלעטערן צום שטאָט־זייגער, וואָס גייט אויף אַ הילצערן געווערק, מיט שטיינער אויף שטריק, און אָנדרייען צוויי מאָל אין מעת־לעת... אַ יידל אַ גראָס, אין אַ שינעטן קאַפּאָטל, אין עפּעס אַ קאָפּ־באַדעקונג מיט לאַפּן, אין אַ פאַרעם, וואָס מען האָט שוין דעמאָלט לאַנג נישט געטראָגן... אַ שטיל, טריט־ביי־טריט־יידל; איך האָב אים קיינ־מאָל נישט געהערט רעדן... קיינער האָט אים נישט געזען נישט לאַכן, נישט וויינען... קומט איינמאָל ר' הערשל אַראָפּ פון זייגער און שטרעקט יעדן די האַנט, און געזעגנט זיך מיט אַלע, וואָס ער באַגעגנט אין מאַרק...

— וואָס איז, ר' הערשל?

— די נאַכט שטאַרב איך!

„וואָס אַ ייד פאַלט איין"... „מיינע שונאים"... מען קומט אַרויס צו־מאָרגנס אינדערפרי — דער זייגער שטייט, דער זייגער־מאַכער — נישט אויפגעשטאַנען!

אַזוי דאַרף זיין!

מאָדנע שטאַרבט דער שוין דערמאָנטער שימעון היטלמאַכער, דער אונטערהעלפער ביים משכילישן מנין... אַ צווייט ווייב געהאַט (צופעליק געדענק איך און פאַרצייכן עס)... פאַר גסיסה הייסט ער, זי זאָל אַרויסגיין אין מאַרק אַריין, קויפן אים אַ האַלבפונטיקן קאַרפּ, אָפּקאָכן און דערלאַנ־גען אין בעט אַריין... ער וויל זיך געזעגענען מיט זיין „עולם־הזה"; —

אזוי ליב האָט ער קאָרפּ... און ער וויל זיך געזעגענען און פאַרגלייכן אויף יענער וועלט מיטן טעם פון לוויתן... און צום צובייסן (אויסצופירן דעם אַלטן, וועלט־באַקאַנטן וויץ) הייסט ער זיך דערנאָך געבן אַ ווערמיקע פלוים, ער זאָל וויסן, ווען עס וועלן זיין די לעצטע שמיץ פאַרן לוויתן...

נישט היימלעך, אָבער וויציק!

שטאַרבט מיר אָבער דער פעטער ליפּע! דערטרונקען געוואָרן...

און אַ פעטער — אַ דימענט... אַ זיידענער מענטש, אַ גאָלדן האַרץ... גיט אַלץ אַוועק, גיט אַלץ פון זיך אַראָפּ... די מומע יענטע מוז אים היטן, אַזוי אין געוועלב מיט שניט, ווי אין שטוב, ערגער פון אַ גנב... איינמאָל פאַר פּסח, זי גייט אַראָפּ אין קעלער אַריין צום אינדיק, וואָס זי פּאַשעט לכבוד יום־טוב — אַ נעכטיקער טאָג... זי ווייסט, ווער דער גנב איז... טרעפט אַמאָל און עס קומט אין געוועלב אַריין אַן אָרעמאַן, יענטל איז נישטאָ, זי גיט פּרוטות, כאַפּט ער זיך צום שופלאָד — פאַרמאַכט; צום שלאָס — ער גיט נישט נאָך, — ציט ער עפּעס איבער זיך פון לייב אַראָפּ... איינמאָל די פלודערן אַוועקגעגעבן... איז צווישן פאַרפאַלק אַ לעבן, דאַכט זיך, נישט ווי אונטער דער זון... די מומע יענטע איז אַ מלומדת, זי ווייסט, וויפל אַ ייד מעג אַוועקגעבן צדקה, צום רב וועט זי אים שלעפּן... און אַ צינגל האָט זי אַ געשליפנס — די גאַנצע פּאַדציענע הערט אירע קללות צום מאַנס קאָפּ... און שטעלט אַ האַנט מיט נעגל אויס, וואָלט זי נאָר נישט מורא געהאַט פאַר גאָט...

גייט דער פעטער ליפּע איינמאָל פאַרן דאַווענען זיך באָדן צום טייך, זעצט זיך אונטערן שטראָם... און מען נעמט אים פון דאָרט אַרויס אַ טויטן... אַ שטיין, זאָגט מען, וואָס איז מיטן וואַסער געלאָפן, אַ קלאַפּ באַקומען, באַטייבט געוואָרן, דאָס מויל געעפנט, וואַסער געטרונקען...

על־פּי „מורה־הנבוכים" מאַכט עס אויף מיר קיין גרויסן איינדרוק נישט. נישט מער: אַ שאָד אַזאַ גוטער פעטער... און דערטרונקענע שוין געזען... אַ יונגנמאַן אַמאָל אַרויסגענומען פון טייך (ער דאַרף אַ מענטש, די אַריינגעוואָרפענע קאָץ האָט נישט געהאָלפן), אַרויסגעצויגן האָט מען אים אָן אָנגעדראָלענעם. מען האָט אים מיט קניען דעם בויך געדריקט און דאָס וואַסער דורכן מויל אַרויסגעזעצט... דערביי געווען, געזען באַשיימ־פּערלעך: דער טויטער פילט נישט...

איך בין דעריבער צום טייך, צום פעטער ליפּע נישט געלאָפן...

אָבער, אַז די לוויה איז געווען... די מומע יענטע גייט נאָך דער מיטה, ניין, זי גייט נישט, זי שווימט אין דער לופט... אויפן פּנים אַ פאַרגליווערט

שמייכל, די אויגן בלאַנדזשען אַרום און גיבן אַפּט אַ באַהאַלטענעם בליק נאָך אַ בליק, אַז באַוועגט זי זיך, ווי ביי כּלה־טאַנץ — בנעימותדיק אויף די שפּיץ נעגל... איך גיי האַרט ביי'ן איר זייט... די ווייבער אַרום, הער איך, שרייען צו גאָט, די הענט ברעכנדיק: ריבונו־של־עולם, זאָל זי ווײַנען! באַטש אַ טרער לאָזן! און זי גייט, און מורמלט, און איך הער (וואָס איך האָב אין „נאָך קבורה" באַנוצט): „עס, ליפּעלע, עס, זאָל דיר זיין צו געזונט!" און גיט פּלוצלינג אַ ריס אַראָפּ פון זיך דאָס שייטל און מיטן מויל — אַ פּייף... — — —

---

שטאַרבט נאָך ק., דער ווײַנהענדלער, פון דער ברוקירטער גאַס... מיך ציט אַהין, איך מוז זען, ווי מענטשן שטאַרבן.. ליגט ער און גוסעט אין דער גרויסער שטוב, אין שרעקלעכע שמערצן... די טאָכטער זיינע, די פּאָרצעלייענע שיינקייט, ליגט אויף אַן אַנדער בעט — די קליינע ווייסע שרעק! די מוטער — אַ הויכע פרוי — איינגעקנוילט אין אַ פאָטעל, מען זעט קיין פּנים נישט... איך רוק מיך, צווישן חברה־לייט, צום בעט צו... שרעקלעכע העוויות, ווילדע אויסגעשרייען אינמיטן ווידוי... און פּלוצלינג, מיט אַ גאַנץ געענדערטער שטימע —

— זאָגט מיין ווייב, דער שליסל פון צווייטן קעלער ליגט...

איך הער נישט ווו; איך אַנטלויף... אַנטלויף אין אינזשעניערנע גאָרטן אַריין, טיף פון אַ שטאַרבנדיקן באַליידיקט, פון אַ גוסס... פוי, פוי! דער מענטש איז ווערט דעם טויט, ער וועט זיך אַנדערש נישט אָפּרייסן פון שליסל צום צווייטן קעלער...

און עס פאַלט צו די נאַכט... איך גיי אַרויס אויפן שאָסיי, גיי עטוואָס ווייטער אָפּ פון שטאָט און דערזע (גלייך צום ערשטן מאָל!) — ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ אונטערן גאָרטן — די פּורפּור־פלאַם פון צווישן די צווייגן... און קעגנאיבער שיינט אויף אַ בלאַס־געצייכנטע לבנה; קומט העכער, העכער, ווערט בולטער...

איך שטיי אָנגעשפּאַרט אָן עפּעס אַ צוים און קוק, און וווּנדער מיך, פאַרוואָס זע איך עס אַזוי צום ערשטן מאָל... יעדן טאָג גייט דאָך אונטער די זון, יעדן אָוונט גייט אויף די לבנה...

און זי ציט זיך אַרויף, אַרויף...

אַ צינערנער הקדש־טעלער? אַ זילבערנע טאַץ אויף דרשה־געשאַנק? יהושועס פּנים?

אפשר פרעגן ביי יהושוען: פאַרוואָס שטאַרבט מען, נאָך וואָס? —

רירט מיך פּלוצלינג עמעץ ביים אַקסל אָן...

מיכל פידלער — שוין דערמאָנט — ביים פּלויט פון זיין היתבודדות־הייזל ביז איך עם געשטאַנען. ער איז צו מיר ארויסגעקומען א שטילער, שטיל־שלייכנדיקער, מיט טרויעריקע וואַסער־אויגן, אין איין האַנט — א ספרל, אין צווייטער — א לאַמטערל...

— „מען זאָגט, דו ביסט אַן עילוי, קענסט דאָך פּשט?"

און ער ווייזט מיר אַן אָרט אין קבלה־ספרל (דעם נאָמען — פאַר־געסן), עס רעדט זיך וועגן גילגול... איך לעז דורך, פאַרשטיי און פאַר־טייטש...

— „ביסטו דאָך טאַקע אַן עילוי... נו, וואַרט", און ער פאַרשווינדט צוריק אין הייזל אריין...

עס הייבט זיך אין מיר אָן אויסצוּוויקלען א געדאַנק: אפשר איז דאָס דער ר י כ ט י ק ס ט ע ר ענטפער אויף אַלע מיינע פראַגן... דער געדאַנק דערוויקלט זיך אָבער נישט, ער קומט צוריק ארוים מיטן לאַמטערן, נאָר אין דער אַנדערער האַנט, אויפן אָרט פון ספרל — א גרויסער, שווע־רער פאַראָסטער שליסל — —

דער שליסל צו זיין פארמאכטער ביבליאָטעק אין שטאָט...

— דו ביסט עס ווערט...

מיט דער האַנט, וואָס ציטערט שלאַבעריק, דערלאַנגט ער מיר דעם שליסל. די שטימע — הויל, אַן טאָן, היינט וואָלט איך געזאָגט — אָן פאַרב. איך הייב צו אים די אויגן אויף, וויל עפּעס זאָגן, דאָס מויז איז מיר צוגעשנירט; ביים שיין פון לאַמטערל זע איך א פּנים פון א בר־מינן... געל, וואַקסן־געל, אָפּגעלאָזט...

„א בר־מינן דערלאַנגט מיר דעם שליסל" —

איך נעם אים און גיי מיט אים אָפּ שווייגנדיק. דער שליסל וועט עפענען — מיר א נייע ביכער־וועלט, אייך — א נייעם פּרק...

ווען און ווי אַזוי מיכל פידלער איז געשטאָרבן — געדענק איך נישט!

---

## „זייער" בית־מדרש. — חורבות אין געהירן. — איך וויל אַוועק. — די מאַמע. — איך ווער אַ חתן.

נישט מיטאַמאָל לויפט מען פון יידישן אין גויישן בית־המדרש אַריין. מען האָט דאָך אַ יידיש האַרץ. קלאַפּט עס. איך פיל, אויבוואָל נישט קלאָר, אַז איך רייס מיך פון עפּעס און עמעץ אָפּ, פון עמעץ היימישס, פון עפּעס טייערס... נעכט שלאָף איך נישט, און בלאָנדזשע אַרום טעג הינטער די בראָמען. איך בין טאַקע שוין אַ „פּורץ־גדר", אין אַ סך זאַכן האָב איך אויפגעהערט צו גלייבן. פיל פון הייליקן איז מיר אומהייליק געוואָרן, אָבער אַלץ אין דער היים, אין ב י ת ־ ה מ ד ר ש, וואָס איז לעבן דער שיל...

און איך זע מיך, ווי איך גיי צום לעצטן מאָל, דריקנדיק מיט דער פויסט דעם דיקן פאַראָסטן שליסל אין טאַש, הינטער דער לעמבערגער בראַם. אויפן שאַסייענעם דרייעק, צווישן „אונדזער" און „זייער" בית־עלמין, און האָב היתבודדות, און הער אויס אַ וויכוח צווישן „יצר־טוב" און „יצר־הרע", אַזוי ווי איך האָב אים איבערגעגעבן, נאָר צוגערייַשט מיט „וויץ" אַלאַ היינע, אין „מאָניש"... אָבער מאָנישן אין חורבה אַריין רופט „מאַריע", זי ווינקט צו אים פון די פענצטער, רופט אים מיט געזאַנג. מיין „מאַריע" שפּאַצירט אַרום מיט יונהטשען, אָוונט ביי אָוונט, צווישן מינחה ומעריב, אין דער רייטשול, און מיין „כלה פון חורבה" איז פאַרנומען מיט איר אויסשטייער. נייטאָרן־מיידלעך זיצן ביי זיי אין שטוב און נייען וועש, און זי לויפט אַרום צווישן די שניידער און מעסט מלבושים... מיך רופט „קענטעניש"... אָבער דער יצר־הרע איז גובר; אַזוי ווי ביי מאָנישן.

זע איך מיך, ווי איך גיי, אין אַ שוואַרץ היטל, אין אַ ביסמאַרק־פאַלטאָ און ווייס־פאַרלייגטע שטיוול (צופעליק הייב איך דעמאָלט אָן צו זען פאַרבן!) איבער דער ברוקירטער גאַס, פון די רויטע קאָשאַרן צום גריינעם שלאָס (עס איז פרילינג־צייט) און בלייב שטיין ביים קוואַר־געסל פ אַ ר ן שלאָס, אין ווינקל, ווו דאָס הויז שטייט; דאָס הויז מיט דער פאַרמאַכטער ביבליאָטעק אויפן בוידעם. איך טרעט אַריבער די שוועל איבער געוואַלט. עטלעכע טראָפּן שוויים פערלען זיך איבערן שטערן! דאָס הויז איז מיר פרעמד; דאָ וווינען נישט קיין יידן. צופעליק. און פיליכט צוליב

דער נאָנטקייט מיטן שלאָס! דאָס הויז איז אַ נייעס, דעמאָלט דאָס נייעסטע, און האָט ליכטיקע טרעפּ, דעמאָלט די איינציקע ליכטיקע טרעפּ אין שטאָט. איך שטייג באַהאַרצט; אַ גוטער סימן — אַ ליכטיקער וועג! און איך שטייג אין ליכט. איין שטאָק, אַ צווייטער — די פּלאַטפאָרם צום בוידעם; דאָ לעשט זיך מיר דער טאָג אויס... איך ווער עטוואָס אומרואיק. אָבער „כל באיה לא ישובון”, נישט פאַראַן: צוריק! די האַנט ציטערט אַביסל, דאָך דערטאַפּט זי די טיר; אין טיר — דעם שליסל־לאָך. „פריער אַריינקוקן!” איך נייג צו אַן אויג: אַ חושך. קעגנאיבער אַ פאַרלאָדנט פענצטער פון אינעווייניק. אָבער דורכן לאָדן־שפּאַלט רייסט זיך אַריין אַ זייל פון ציטעריקן זונען־שטויב און שפּאַרט צו ביז צו'ן אַ הויפן ביכער אויף דער פּאָדלאָגע.

„דער עמוד־ענן!”

„דער עמוד־אש!”

„ביידע פירן אין מידבר!”

און איך דריי איבער דעם שליסל! אַ קריץ אין אַלטן שלאָס, דאָס האַרץ אַ ציטער, דאָך — די טיר — שוין אָפן, דער לאָדן — האַסטיק אויפגעריסן — איך בין אין „זייער בית־המדרש”...

אז מיר האָבן אַ חלק אין אַלע בתי־מדרשים, „ביודעים ובלא יודעים” — פאַלט מיר דעמאָלט נישט איין. אָבער אַזויפיל ביכער! אַרום אויף אַלע פיר ווענט, צעוואָרפענע אונטער די פיס אויף דער פּאָדלאָגע.

— איך וועל אַלץ לייענען און כסדר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אַלץ” האָב איך נ י ש ט געלעזן; דריי שפּראַכן געווען: דאָס מערסט פּויליש (אויבוואָל דאָס מערסט איבערזעצונגען...), דערנאָך אַביסל דייטש; געווען אַ קליין ביסל פראַנצעזיש אויך.

פראַנצויזיש קען איך גאָרנישט. לעזן אַפילו נישט. איך וועל מיך דאָך, צוליב דער ביבליאָטעק, אין אַ צייט אַרום, אויסלערנען בעל־פּה, פון טאָוול צו טאָוול, אַן אַלענדאָרף, — אַ ברכה לבטלה: איך וועל אים, ווי אויסגעלערנט, פאַרגעסן... מיטן הוילן אַלענדאָרף־קענטעניש וועל איך פון דער היים אַוועק. דייטש, ביי וועלכן, ווי איך רעכן, עס וועט מיר ביישטיין דער זכות פון עטלעכע לעקציעס ביים לערער שטערן, לייג איך דאָך אָפּ אויף שפּעטער. צו גרוים איז מיין דורשט צו „קענטעניש”, איך זאָל מיך זעצן סילאַביזירן! איך הייב אָן ביי פּויליש, און האַלט וואָרט. און לעז כסדר; „לב חכם לימינו” — פון דער רעכטער האַנט ביים אַריינגאַנג. און

די ביכער זענען אויסגעשטעלט אָן אַ סדר, אַ תוהו־ובוהו פון ביכער. ראָ־מאַנען און וויסנשאַפטלעכע זאַכן. אויסגעמישט, און צעוואָרפן — די פּיל־בענדיקע ראָמאַנען; איבערהויפּט די איבערזעצונג פון פראַנצויזיש: דיומאַ, סי, וויקטאָר הוגאָ א. ד. ג. פאַלט אין דער האַנט אריין אַ צענט באַנד סי, דערנאָך אַ ניינטער דיומאַ, באַלד אַ דריט באַנד — הוגאָ... אָבער איך לעז! איך זוך קיין סיפּור־המעשה נישט. איך לעז אויך קיין נאַטור־באַ־שרייבונגען נישט, זיי דערמאָנען מיך אָן גאָרנישט, וועקן אין מיר קיין בילדער נישט! איך האָב אַזוי וויניק באַקאַנטשאַפט מיט נאַטור. איין אויס־נאַם — די באַשרייבונג פון גרינע וויזן ביי וויקטאָר הוגאָ אין „די אַר־בעטער ביים מער" — פאַראַן וויזן אַרום שטאָט; אויך אַ שליט־וועגס פון אַ פּוילישן אויטאָר, דאַכט זיך קאָרזשעניאָווסקי — שניי שוין געזען! דער עיקר ציען מיך און נעמען מיך די דיאַלאָגן — די „שטיקלעך מיט די פּאַ־סיקלעך", ווי עס האָט דעמאָלט ביי מיר געהייסן; ווו מענטשן רעדן. יעדעס פּאַסיקל האָט מיר אויסגעזען, ווי אַ שפּעלטל אין אַ מענטשלעכער נשמה אַריין. די ליבע צום דיאַלאָג, צום מאָלן מיט דער שפּראַך איז מיר געבליבן... רעכט אַ מעשה פאַרציילן האָב איך מיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט. העכסטנס, ווי איינער פון מיינע קריטיקער האָט באַמערקט — אַ „מעשה בתוך מעשה"; שלעכט געבויט איז דעריבער פילייכט מיין בעסטע זאַך: די דריי חופּות... איך האָב אַזוי געלעזן. לעזנדיק, פלעכטן זיך אין מיר אַלערליי מעשיות; איך קען מיך, און וויל מיך נישט אַרויספּלאָנטערן. אין דער ביבליאָטעק איז אַ יריד! פול מענטשן אין מאַרק; אַ געווימל פון מענטשן! פון אַלערליי שטאַנדן, אַלערליי געשעפטן! אין גרופּן שטייען זיי, און רעדן צווישן זיך, יעדע גרופּע האָט איר עסק... און איך שפּאַציר אַרום איבערן מאַרק, גיי פון גרופּע צו גרופּע, הער אונטער, כאַפּ אָפּגעריסענע שטיקער פון געשפּרעכן און שטוים מיך, וועגן וואָס עס גייט...

פאַלט מיר אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום אין דער האַנט אריין נאַפּאָלעאָנס קאָדעקס אין זאַוואַדסקיס איבערזעצונג. איך לעז און — פאַר־שטיי, אַ פרייד; נישט טיף, פילייכט נישט ריכטיק און — גאַפּ! דינים, אָן ראובן ושימעון, סאַמע כללים!... דער רמב"ם אין „יד החזקה" האָט עס נישט דערגרייכט! נאָך אין אַ צייט אַרום — באָקלס געשיכטע פון דער ענגלישער ציוויליזאַציע! איידער איך פאַרשטיי, דערמאָנט מיך (אַזוי מיין איך) דער סטיל אָן בעל־עקדה!... אויך עפּעס אַ מין דרש! איך קום אויך צו פיזיק. ריבונו־של־עולם! נישט די קאָלדרע וואַרעמט מיך, נאָר מיין לייב די קאָלדרע! מען קען מאַכן שניי! דונערן! אָן מאַטעמאַטישער פאַרבאַ־

רייטונג, היפער איך איבער ציפערן און אַלע געבראַישע צייכנס, ווי אַ פּוילישער מלמד איבער שטיקלעך דיקדוק אין רש"י, און פאַל ווייטער אריין אין אַ ים פון ראָמאַנישע און ראָמאַנטישע דיאַלאָגן, און שווים ווי־דער אַרויס אין אַ „נאַטור־וויסנשאַפט"... די באַשרייבונגען פון קערפּער און גלידער, אַזוי פון געוויקסן ווי פון טירע נעמען מיך נישט, זענען פאַר מיר טויט! ווידער דאָס זעלבע: זיי דערמאָנען מיך אָן גאָרנישט, וועקן אין מיר גאָרנישט! געזען: הינט, פערד און עטלעכע קעץ. זומער־צייט פליען פייגעלעך אונטערן הימל, אונטערשייד איינצלנע אין דער מחנה! לאָזן זיך מאַנכע מאַנכמאָל אַראָפּ, אין שטויב און בלאָטע אריין, נאָך אַ פאַרלאָזן קערנדל פון אַ פּויערישער פור, אַ ברעקעלע פון אַ ייִנגלס אָנבייסן אין חדר אריין און פליען אַזוי ראש אַוועק... אויפן שפּיץ פון זייגער שטעלט זיך אַמאָל אַ קראָ — ווער ווייסט זיי!

פאַר דאָס די באַשרייבונג פון לעבנסאַרטן, פון געוויקס און טיר, יעדע אַנטפּלעקונג פון אינסטינקט און פאַרשטאַנד, געוווינהייטן, דאָס צו־פּאַסן זיך מיט ליניע און פאַרב צו מיליע... נעסטן־בויען, קינדער־דערציען, זאַמלען שפּייז אויף ווינטער, פאַרזאַמלונגען פון געפליגלטע אונטערן בלאָען הימל, די סעימען; די סערענאַדן פון דער מענלעכער זייט, דאָס אויסשטעלן פון פאַרביקע פעדערן, דער קריג וועגן דער „זי" — דער קאַמף פאַר לעבן און ליבע, — דאָס אַלץ נעמט און כישופט...

גאָט, ווי גרויס די וועלט איז, ווי פאַרשידנאַרטיק, און וויפל שכל, וויפל גייסט...

און פּלוצלינג:

— אַלץ מאַטעריע! (האַרטמאַן).

— קיין פרייער ווילן! (צענדליקער בראָשורן). און קאַרל פאָגט:

— דער געהירן אַרבעט אויס געדאַנקען, ווי אַן אַנדער גליד — שטונען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

עפּעס ווערט אין מיר פאַרשטאַרט, פאַרגליווערט. עפּעס שטאַרבט אָפּ. אויס מעשה־בראשית, אויס מעשה־מרכבה. קיין הימל נישטאָ. דאָס בלאָע, וואָס מיר זעען, איז די גרענעץ פאַר אונדזער אויג. אויס שכר־ועונש, אַז דער מענטש האָט קיין ברירה נישט...

מיט וועמען רעדט מען דערפון? פאַר וועמען גיסט מען זיך אויס דאָס האַרץ? אין וועמעס אויערן אַריין גיסן דאָס קלאָגן אויף די חורבות אין געהירן און אויף די פגרים אין האַרץ? מיט די אַרומיקע? איך בין

קענען זיי אַן לשון אפילו. פון דעם, וואָס איך האָב געלעזן, קאָן איך אויף יידיש נישט רעדן, פאַר דעם האָב איך אויף יידיש קיין ווערטער נישט. איך פּרוּוו רעדן מיט מיר אַליין און קען נישט...

רעטן קען מיך איין ש. ח.

פריער זיין פּאָרטרעט. אייגנטלעך נישט זיין פּאָרטרעט! איך קען אים נישט. אין אַ מענטש קוקט מען דורך די אויגן, און ער פינטלט מיט די אויגן. זיינע שוואַרצאַפּל האַלטן אין איין לויפן אַהין און צוריק איבערן ווייסל, ווי פאַר פחד, מען זאָל זיי נישט דערטאַפּן. איך וועל נאָר באַשרייבן זיין ליניע: שטאַמט פון אַן אָרעמער, דערשלאָגענער פאַמיליע אין דער ליטע, נישט אויסגעלערנט זיך קוקן מענטשן אין די אויגן אריין... געענדיקט די ראַבינער־שול אין זשיטאָמיר. געקומען צו אונדז אַלס רעליגיאָנס־לערער... לערנט פון אַ רוסיש ביכל אַרויס די „ביבלישע געשיכטע". האַלט זיך ווייט פון קהל; רעדט נאָר רוסיש. פונדעסטוועגן, אַז דאָס מאַגיסטראַט וויל אָפּרייניקן דעם מאַרק פון פויערישע פורן, וואָס זאָלן זיך נאָר שטעלן אויפן טאַרג, און באַשטימט איינצוטיילן דעם מאַרק אויף פיר, דורך גאַסן דורכגעשניטענע רעגלמעסיקע סקווערן, ווו ער וועט פאַרזייען בלומען און פלאַנצן ביימער... און די סוחרים, וואָס האָבן געוועלבער אין מאַרק, פאַר פחד, זיי זאָלן דאָס פויערישע לייזונג נישט פאַרלירן, ווילן מבטל זיין די גזירה, און מען ווענדט זיך צו אים, ווי צו'ן אַ קרוב־למלכות, — שרייבט ער זיי אַ פּראָשעניע אויף „קייזערלעך פּאַפּיר", מיט עכט שוואַרצער טינט און קאַליגראַפיש, לאמור, אַזוי צו זאָגן: היות, עס וועלן זיין גערטלעך (סקווערן) און אויב עס וועלן געפלאַנצט ווערן ביימלעך, וועלן די ביימלעך מיט דער צייט וואַקסן און צעוואַקסן זיך און ווערן גרויסע ביימער, מיט געדיכטע צווייגן און בלעטער... און אַזוי ווי די שטאָט איז שלעכט באַלייכט און נעכט זענען פאַראַן פינצטערע, וועלן זיך אין די פינצטערע נעכט, אין די געדיכטע שוואַרצע שאָטן פון די ביימער באַהאַלטן גנבים, גזלנים און רוצחים, וואָס וועלן זיין אַ סכנה פאַר דער שטאָט... אויך וועט מען, אין די זומער־אָוונטן, ווען די נאַטור (דאָ גייט אַ נאַטור־באַשרייבונג) וועקט די ליבע — אין שאָטן פון די ביימער זינדיקן, וואָס עס וועט שאַדטן דער מאָראַל פון שטאָט און פאַרדאַרבן די שול־יוגנט, וואָס וועט ווייטער פון איר זייט, נישט פאַר אייך און נישט פאַר קיין שום ייִד געדאַכט, קראַנק מאַכן אַ האַלבע, אויב נישט די גאַנצע שטאָט...

איז אייך ווייניק, גייט די ליניע ווייטער:

ער פֿאַרלירט די שטעלע אַלס רעליגיאָנס־לערער. איך ווייס נישט, אָדער געדענק נישט, פֿאַרוואָס, און פּועלט ביים גובערנאַטאָר און ווערט אָן דער שטאָטס וויסן — ראַבינער. און באַקומענדיק די נאָמינאַציע, ענ־דערט ער פּלוצלינג זיין פירונג: טוט אָן אין שטוב אַ יאַרמולקע, הערט אויף צו רייכערן אום שבת און הייבט אָן צו גיין אין שיל אריין דאַווע־נען פרי און אָוונט.

האָבן די חסידים אָן אסיפה געמאַכט און געשיקט אים זאָגן:

ווילט איר, אַזוינער און אַזוינער, נעמען ביי דער שטאָט דריי הונ־דערט רובל אַ יאָר אומזיסט, איז מה־טוב. איר זייט נישט ערגער ווי אַן אַנדערער, אַן אינו־ישראל, וואָס נעמט אומזיסט יידיש געלט.

ווילט איר אָבער ווירקלעך עפּעס טון, וועט מען אייך עוקר מן השורש זיין...

על־כן, זאָגט מען אים אָן, זאָל ער תיכף־ומיד צוריק ווערן גוי, אויס־טון די יאַרמולקע, אויפהערן צו קומען דאַוונען, און צוריק רייכערן בריש גליה אום שבת...

— פֿאָלגט ער און ווערט אין אַ צייט אַרום אויס ראַבינער, פֿאַר דאָס צענזאָר אין וואַרשע. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעמאָלט איז אָבער געווען ערשט דער אָנהויב פֿון דער ליניע. דער ערשטער עטאַפּ פֿון דער קאַריערע. נעמט ער מיך אויף, הערט מיך אויס, פינטלענדיק מיט די אויגן, הערט מיינע ספיקות און פיין און ענטפערט:

— ניטשעוואָ!

איך מוז ווערן אַ לייט, אַוועק שטודירן! קיין זשיטאָמיר, קיין ווילנע... אַלע ספיקות וועלן אָפּפאַלן, אַלץ וועט ווערן קלאָר, אַלץ וועט ווערן גלייך...

ער וועט מיר העלפֿן!

אפשר! לאָקער איך אויף מיין כלה פֿון חורבה אויף די טרעפּ, צו האָבן מיט איר אַ ישוב. צום אַלעם ערשטן דערשרעקט זי זיך צום טויט. איך האָב זי אַזוי לאַנג שוין אויף די טרעפּ נישט פֿאַרהאַלטן. און זי גרייט זיך דאָך צו'ן אַ חתונה... דערהערט זי אָבער, וועגן וואָס עס גייט, באַרו־איקט זי זיך, נעמט זי שוועסטערלעך מיך אָן ביי דער האַנט, פירט מיך אַראָפּ אין הויף אַריין, פֿון דאָרט דורכן הינטער־טירל אין רייט־שול אַריין, וווּ מיר זעצן זיך אויף אַ באַנק און רעדן... און רעדן מיט געפלאָכטענע הענט אַזוי האַרציק־שטיל.

— יאָ, פּאָר — זאָגט זי, און די שטים איז פייכט, און די אויגן גלאַנצן פייכט... פּאָר! זיי מיר מודיע ווען, וועל איך אַראָפּקומען...

נעמט ש. ח. און פאַרזעצט אויף הוצאות זיין גאָלדן קייטל. ווערט באַשטימט אַ פאַרטאָג צום שטילן אָוועקפאָרן. עס ווערט באַשטעלט אַ פור, איך פּאַק מיך בסוד־סודות. ליג מיך פרי מכלומרשט שלאָפן, מיטן פּעקל אונטערן קישן, איך וועל קיין אויג נישט צוטון. אַ פייף פון גאַס וועט זיין דער צייכן... איך לעש אויס דאָס לעמפל, געזעגן מיך מיט אַלע און אַלעם אין דער פינצטערער שטוב; אויפן האַרץ איז נישט אַזוי לייכט... אָבער איך מוז... ליג איך און דערהער אַ שטילן שאָרך פון צווייטן צימער. איך האָרך. שטיל עפנט זיך די טיר. שטיל, באָרוועס קומט אַריין די מאַמע, איך זע זי קוים ביים שוואַכן שיין פון דער לבנה אין פענצטער. זי שוועבט שטיל צו צום בעט, זעצט זיך קעגנאיבער, קוקט מיר מיט ווייטיק אין פּנים אַריין... איך קען די אויגן נישט שליסן, איך מוז זי זען, און זען, ווי פון די אויגן אירע רינען שטיל, שטיל די טרערן... זי געזעגנט זיך מיט מיר... ווער האָט אויסגעזאָגט מיין סוד?

אָבער זי וואַכט ביי מיר, אירע טרערן וואַכן; איך פאָר נישט...

דער טאַטע איז אין דער היים נישט געווען. געקומען איז ער אין עטלעכע טעג אַרום מיט דער ידיעה:

— געטון מיט דיר אַ שידוך... מיט גבריאל יהודה ליכטנפעלד.

איך גיב מיך אונטער; איך זע קיין אַנדערן אויסוועג. אַ קרבן פאַר דער מאַמעס טרערן!... ש. ח.'ס גאָלדן קייטל איז פאַרפאַלן געוואָרן ביים מלווה... די פור איז צוריק אָפּגעפאָרן אין פאַרשטאָט אַריין... מיין „כלה פון חורבה", וואָס איז אומזיסט אַראָפּגעקומען האַלב־נאַקעט און פאַר־טאָג, מיך צו באַגלייטן, האָט אויף אַ צייט אַ קאַטער באַקומען... און אין אַ קורצער צייט אַרום פאָר איך חתונה האָבן...

פאַסטן וויל איך נישט... די חופּה שטעלט מען אין דרויסן, אין דאָרף... און הייבט אינמיטן אָן צו רעגענען, אַנטלויף איך פון אונטער דער חופּה אין שטוב אַריין. די חופּה גייט נאָך. גבריאל יהודה ליכטנפעלד לאַכט... די טאַכטער זיינע וויינט...

איך קען מיר קיין רעכענונג נישט אָפּגעבן פון מיין פירן זיך...

. . . . . . . . . . . . . . . .

און מיט דעם ענדיקט זיך דאָס ערשטע באַנד פון מיינע ערינערונ־גען... עס הייבט זיך אָן צו צעשטרייען דער געפיל פון קינדער־ און יינגל־יאָרן, און פאַרשווינדט מיט דער צייט. עס שליסט זיך אויך דער היימישער

אוצר פאַר סקיצן און בילדער. אַלץ, וואָס איך זע אין דער פרעמד, אַלץ, וואָס איך באַגעגן אין שטעט און שטעטלעך, אויף וועג און שטעג, זע איך און פאַרש! אָבער איך פיל עס נישט אומיטלבאַר. איז מיין נשמה האַרטער געוואָרן און קען אין אַנדערער נישט אַריינפּליסן, צוריקצוקומען רייכער, פאַרביקער און פאַרשטענדיקער? אָדער האָט מען, אויסער דער פאַרמיטלונג פון די חושים, צום נישט היימישן, צו דער נישט־קינדישער וועלט קיין צוטריט איבערהויפּט?

אַלציינס.

א ו י ס גירסא דינקותא...

דער נעפּל מיט קעפּ, העכסטנס ביוסטן: מיט אויגן, וואָס שווימען מיר פאַרביי, ווען איך מאַך מיר די אויגן צו — צערינט און פאַרשווינדט.—

# איך האָב חתונה געהאַט [1]

וואָס עלטער איך ווער, אַלץ מער טוט זיך פון מיר אָפּ דער וואָלקן — די מרה־שחורה; אַלץ ווייניקער טראַגיש ווער איך. אַ חתן געוואָרן, ווערט מיר נאָך לייכטער. איך וועל מיך צוזאַמענקומען מיט גבריאל יהודה ליכטנפעלד, מיין כלהס פֿאָטער — אַ מאַטעמאַטיקער, פילאָזאָף און אַ מענטש, ווי עס האָט זיך געהערט, מיט גרויסע „קענטעניש", — ער וועט מיר שוין אויסטייטשן אַלע מיינע בייזע חלומות; אַלע פֿראַגן וועגן גאָט און וועלט פֿאַרענטפֿערן. און איך לייג זיי אַלע אָפּ אין זיכרון ביז צום ערשטן באַגעגענען זיך מיט אים... פון דער כלה טראַכט איך נישט... צי זענען געווען ראשי־פּרקים און תנאים — הייב איך נישט אָן צו געדענקען, אָבער אויפֿן חופּה־טאָג וואַרט איך ווי אויף משיחן; דער אויסלייזער פון ספֿיקות וועט קומען! דערווייל שפּיל איך מיך מיטן באַקומענעם גאָלדענעם קייט און זייגערל; דערויף בין איך נאָך גענוג ייִנגל, און אַז מיינס אַ בית־המדרש־חבר, אַ חסידישער בחור אין מיינע יאָרן, באַרימט זיך פֿאַר מיר, אַז אויסער אַ זייגער, האָט ער נאָך באַקומען אַן אויסגעשטיקט סאַמעטן תּפֿילין־בייטעלע, שמייכל איך קליגעריש; ווער ווייסט, צי גבריאל יהודה ליכטנפעלד לייגט גאָר תּפֿילין... בינדט זיך דער בחור צו:

— און אַ טלית וועט ער געבן? און אַ קיטל?

— איך וועל זען!

און איך לעב דערווייל אַ טאָפּלט לעבן. אויסערלעך — די פֿאָרעם פון אַלע באַלעבאַטישע חתן־בחורים; איך עס געלאַסענער, גיי געלאַסענער שפּאַצירן, לאָז מיך אַמאָל אַריין אין אַ שמועס מיט יונגעלייט מכּוח ערנסטערע זאַכן; באַלד זיין זייערס גלייכן... שבת פֿאַרנאַכט גיי איך מיט, מיטן טאַטן און פֿעטערס, אַלס געסט אויף אַ מילכיק שלוש־סעודות צום „גביר" אין נאָענטן פֿאָלווארעק אַריין, מער פֿאַר אַ תּחום־שבת; אַן עירוב געלייגט. אויפֿן וועג רעד איך גלייך מיט אַלע וועגן וויכטיקע עיניינים: צי

---

1) דאָס קאַפּיטל איז געדרוקט אין וואַרשעווער „דאָס לעבן", 1914, נומ. 51, 63, 69.

קען מען שרייבן, ווי פּאַפּירנאַ האָט געטון: „הדראַמאַ", — צי די פרעמדע „דראַמע" מיט דער העברעישער ה"א הידיעה איז אַ כשרער זיווג פאַרן יידישן אויער. מען זאָגט — יאָ, מען זאָגט — ניין; איך פּראָפּאָניר, מען זאָל שרייבן „ה'דראַמע" און „רעדן ווי אַזוי זאָל מען?" פרעגט עמעץ, אַ פּוריסט, און מיר זעט אוים די פראַגע ווילד; נאָך וואָס לעזן הויך? פון רעדן לשון־הקודש איז נאָך קיין רייד נישט געווען און מיר גייען, פון דיקדוק און אַנדערע זאַכן רעדנדיק, אין קוקקעלעך אויפן פוס־וועג צווישן פעלדער ווייץ און קאָרן, און צווישן וועלכע עס ציט מיר דער בלויער האָ־בער פון צווישן די גאָלדענע זאַנגען, עמעץ — אַ יונגער — רייסט אוים אַ האָבער, נעמט צו דער נאָז, עס שמעקט נישט; שטעקט זיך אים אריין אין פּעטליע. אַן עלטערער שרייט אָן: „שבת!" מען ווייצלט זיך: „ער האָט פאַרגעסן, אַז מען טאָר נישט", „פאַרגעסן, אַז עס איז שבת", „פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד"... איך וויל לשם פּראָטעסט אויך אויסרייסן אַ בלאָ בלימל און די האַנט פאָלגט נישט; נישט געוווינט. איך פאַרענטפער מיך פאַר זיך אַליין: אַ צער בעלי־חיים; אַ מאַן־דאַמר (אַ נישט־יידישער!), אַז אַליץ לעבט... און דער און אַנדערע נישט־יידישע מאַן־דאַמרס, מיינונ־גען, אידעען, געפילן, אידעאַלן און וועלט־אָנשויונגען פון פרעמדע ביכער ארוים, — דער מישמאַש קאָכט זיך ערגעץ אונטערן האַרץ־דעקל אין אַ קעסל; עס שוימען און שמעלצן זיך שטימונגען און בילדער פון ביבליאָ־טעק־ביכער ארוים, ניי־געבוירן ווערנדיקע פאַרלאַנגונגען פון פאַרשידענער נאַטור און טעמפּעראַמענט. און מיטאַמאָל, דער קעסל גיט אַ שטאַרקן קאָך און רוויכיק־פלאַמיקע צונגען רייסן זיך דורכן האַרץ־דעקל אין פרייען ארוים, און באַווייזן זיך אויף דער ליכטיקער שיין אין געשטאַלט פון אומבאַרעכנטע, אימפּולסיווע באַוועגונגען, ווילדע בליקן פון פלוצלינג אויפ־געפלאַמטע אויגן, און ווילדע ווערטער, וואָס רייסן זיך גאָר פלוצלינג פון דער צונג אַראָפּ...

אַלע שטוינען; איך אויך...

גלייך איך איצט מיין דעמאָלטדיקן איך צו אַ נאַפט־פעלד, פון אויבן טרוקן, נאָר ווו דו וואַרפסט אַן אָנגעצונדענע זאַפּאָלקע — רויך און פלעמלעך... און איך מאַך אָפט ווילדע זאַכן, איך נעם אַמאָל פאַרן גאַנצן עולם אין בית־המדרש פון דער שאַנק אַראָפּ פון מיזרח־וואַנט אַ באַקאַנטע, גרוים־געהאַלטענע שאלת־תשובה, און מעק אוים בפרהסיא מיט אַ בלויער בליישטיפט (וואָס נאָר איך איינער פאַרמאָג) צוויי, צי דריי שורות, ווו דער מחבר איז נישט צופרידן מיטן מורה־נבוכים. דער עולם

גיט זיך צו מיר א לאז, — איך שפרינג ארויף אויפן ארון־קודש, שטעל מיך פארן פרוכת אין א פאזע פון א העלד, וואס איז גרייט, לכל־הפחות, אויף קידוש־השם, קרייציק די הענט אלא נאפאלעאן און מאך, גראד און שטאלערן, קוקנדיק אויפן עולם, אן איינדרוק און ער רוקט זיך פאמעלעך צוריק, שטיל מורמלענדיק: משוגע...

עמעצן פאלט איין: — שרייבן דעם מחותן...

אן אנדערער: — געטראפן דאס ארט! ער וועט אים נאך א שיינע מתנה שיקן! און מיין שטאלץ וואקסט, בשעת ווען אינערוועגן בין איך לאנג אריבער איבערן מורה־נבוכים, וואס איז צוזאמען מיט אריסטון אראפ פון דער „טאגעס־ארדענונג"... — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

וואס נענטער אבער צום חופה־טאג, וואס דארף זיין אין א דארף ערגעץ אינמיטן וועג, צווישן אפט און זאמאשטש (דעם נאמען פון דארף געדענק איך נישט; קיין דאקומענט פון דארט האב איך נישט; דעם „אקט" האט מען ערשט שפעטער, אין שעברשין, געמאכט), אלץ אומרואיקער שלאף איך בײנאכט, אלץ בייזערע חלומות וועקן זיך אונטערן הארץ־דעקל און שווימען ארויף: — און אויב די כלה איז א בלינדע אויף איין אויג?

— נו, און אויב זי לאמט? — און א „כלה", נישט קיין געליבטע; נישט קיין געקליבענע, נישט קיין אויסגעוויילטע... און — וואס וועט זיין, אז איך וועל בשעת באדעקנס דערזען א פארזעעניש? און עס וועקט מיך פון שלאף און איך ליג שטונדן־לאנג און קלער: פארוואס גראד א כלה פון אפט? פארוואס האב איך מיר אליין נישט אויסגעקליבן א כלה פון זאמאשטש?אמת, מיר האבן דא קיין גבריאל יהודה ליכטנפעלד נישט. און קיין אנדערער, עטוואס חשובער באלעבאס, מיט וועלכן מיין טאטע קאן א שידוך טון, וועט מיך פאר קיין איידעם נישט נעמען... מען ווייסט דען נישט?... אבער פארוואס נישט, ווי אין די „ביכער" איז באשריבן: פאר־ליבן זיך, ארויסגנבענען אין דער וועלט אריין... ערגעץ אין א הייזל אין וואלד. ד' על ד'...

„רוים איזט אין דער קליינסטען הימע"... שילער, און אנדערע.

און וועמען וואלט איך, אייגנטלעך, געוואלט פון דער היים?

און איך זיפ דורך אין געדאנק אלע באקאנטע מיידלעך פון שטאט: שטעלן זיי זיך פאר מיר, איינע נאך דער אנדערער, אלע שווארץ־חנעוו־דיקע, לעבעדיק־געדרייטלטע, צוויבערהאפט־בלאסע זאמאשטשער טעכטער, וואס שפאצירן ארום אין רייטשול. און אויף אלע זאג איך מיר: ניין... די

איינע, וואָס אויף איר וואָלט איך „יאָ" געזאָגט, איז שוין אַ פרעמדנס... עסט שוין ערגעץ קעסט... אַ שאָד; עפּעס ווערט מיר אַזוי אומעטיק, און איך שלאָף ערשט שפּעט פאַרטאָג איין, אין שטילן האַרץ־ווייטיק, און איינשלאָפנדיק, באַשטים איך מיר: ווי עס איז, אין חופּה־טאָג פאַסטן וועל איך נישט! די כלה מעג אַריבערטרעטן איבער דער שוועל פריער פאַר מיר, נאַרישקייטן... און אָפּשערן די כלה די האָר, פון וואָס פאַר אַ פאַרב זיי זאָלן נישט זיין, וועל איך נישט לאָזן, בשום־אופן וצד! און זי וועט קיין האָר־באַנד און קיין שייטל נישט טראָגן, נאָר די אייגענע האָר.... לאַנגע, צי קורצע צעפּ, צי „וויקעלעך". און איך שמייכל, האַלב שוין דרימלענ־דיק, אין קישן, צי אין דער פינצטערניש אַריין: גבריאל יהודה ליכטנפעלד וועט פון מיר הנאה האָבן... אפילו זיין קעגן־צד — חיים זעליק סלאָנימ־סקי — אַ קענער איז ער דאָך! וועט אויך מודה זיין, צושאָקלען מיטן קאָפּ...

און איך שלאָף אַזוי פאַרטאָג, און מיין האַרץ, דאָס אַלט־קינדישע, איז וואַך, און אונטן, פאַר די פענצטער, צוויי פורן פאַרפאָרן, צוויי פּויערן גיבן מיט צוויי בייטשן אַ קנאַק אין דער לופט, איינעם און דעם צווייטן, אַזויערנאָך צו וויסן געבנדיק, אַז עס איז צייט צו פאָרן אויף מיין חתונה. איך כאַפּ מיך אויף, באַשטעטיק, נאָך פאַרן אָפּגיסן די נעגל: נישט פאַסטן, נישט לאָזן שערן, אפילו נישט צעברעכן דאָס גלעזל אונטער דער חופּה, און יעבור עלי מה! און אפשר נאָך זיך איינשפּאַרן און נישט לאָזן אַרומ־דרייען די כלה אַרום מיר זיבן מאָל! פאַרוואָס — זיבן? מן־הסתם, אַ מינהג עכו"ם...

איך גים מיר די נעגל אָפּ און דערפיל אין האַרץ עפּעס אַ שטיק שווער בליי:

— אָבער פאַרט ווי זעט זי אויס...

און דערווייל כאַפּט מיר אָן פון הינטערווייַלעכץ אַ מומע, די נאָ־ענטסטע שכנה, דאַכט זיך — די מומע יענטע, מיט אַ גרין שטיק זייף אין דער האַנט, די דינסט שטעלט מיר גלייכצייטיק פון פאָרנט אַ שיסל וואַרעם וואַסער... און — ריבונו־של־עולם! — שרייט די מומע אויס — אַ האַלדז דאָס האָט! — און בייגט מיך מיט געוואַלט צום וואַסער צו, און שייערט דעם האַלדז, און שייערט... די מאַמע גיט אַרויס וועש... איך באַ־מערק ערשט: איבער דער פאַדלאָגע אַרום און אַרום — פעקלעך קליידער, עסנוואַרג, איך באַמערק אויך דעם הויפן פוטער־קיכלעך, וואָס מען פּאַקט ערשט אין אַ פרישן זאַק אַריין.... אַי, אַי! — שרייט אויס אַ צווייטע מו־מע, וואָס העלפט פּאַקן — ווי אַן טויט, אָן זאַלץ פאַרגעסן!

— לייג — ענטפערט די מאמע — אין דעם זעקל פון די פוטער־קיכלעך אריין, פארבינד אין א טיכל און לייג אריין...

— דאווענען, דאווענען! — קאמאנדירט דערווייל דער טאטע...

נאך א ווײלע און — מען פארט... מען פארט פלאך־לאנד, צווישן פעלדער, וואס ציען זיך רעכטס און לינקס, עפעס מידע, גאר אפּגעשניטענע, אין א מרה־שחורה פארזונקענע... כאטש איבער זיי אזא בלא יום־טוב־דיקער הימל!

— רעגענען — באמערקט עמעץ — וועט שוין זיכער נישט...

— דער חתן איז דאך קיין נאשער נישט...

— די כלה מוז אויך נישט זיין!

איך הער און פארזונק באלד אין מיינע געדאנקען. איך זיץ אויף דער ווייבערישער פור, מיט דער מאמען און מיט די עטלעכע מומעס, איך געדענק שוין נישט וועלכע, צוזאמען אין שטרוי געפּאקט. אויף דער ערשטער פור, וואס גייט פאראויס — דער טאטע מיט פעטערס... איך האב מיט די ווייבער נישט וואס צו רעדן, מיטן הימל האב איך מיר באלד אנגעזעטיקט, אלץ בלא און בלא... און ארום אויף די פעלדער אויך נישטא, וואס צו זען. עס ציט זיך און ציט אלץ די זעלבע פלאכע געגנט. מאנכע פעלדער טראגן נאך צו ביסלעך גרינס צווישן גרינעם (פרעגט מיר בחרם, וואס עס איז אזוינס) בוישן ארום גרויע און ווייסע פלעקן־פויערים און פויער־טעם אין דער היימישער לייוונט; אזוינע, וואס איך זע יעדן זונטיק אין שטאט אויפן טארג... און איך דערמאן מיך פלוצלינג, אז איך פאסט, ווער בייז, צי ארויס דאס זעקל פוטער־געבעקס, די מומעס קוקן מיט ווילד־אומצופרידענע אויגן, די מאמע מאכט זיך נישט זעענדיק; איך נעם ארויס א „וויקעלע", ביים אריין — לויטער זאלץ! דאס זאלץ־זעקל האט זיך אין פארן אויפגעבונדן, דאס זאלץ פארשאטן... נישט צום עסן, אבער יוצא געוועזן האב איך! ווידוי זאגן ביי מינחה וועל איך אוודאי נישט!

און עפעס הייבט מיר אן דערויף באנג צו טון. פארוואס? איך הייב אן קלערן פארוואס, און קאן נישט דערקלערן... דערווייל הייבט זיך פלוצלינג אן בארג־ארויף. דער בארג־ארויף מאכט אויף מיר אן אומגע־הייערן איינדרוק, מער ווי שפּעטער די שווייץ... די כאמאנטס הייבן זיך איבער די קעפּ פון די פערד, דער פויער שפרינגט אראפּ, איך — נאך, און מיר גייען, ער מיט די לייצן אין דער האנט, איך — קלויבנדיק קיי־לעכיקע און פלאכע גאלדיק־ און אראנזש־פארביקע שטיינדלעך פון די

פעלדזן־ווענט, צווישן וועלכע מיר שניידן זיך אין הארץ פון „בארג" אריין.

— פון דעם בארג האקט מען מעטאלן, יאָ, טאַטע?

דער טאַטע איז פאַרנומען ווענן א געשפּרעך פאר מיר... א יאָר קעסט וועט ער מיר געבן, זעקס רובל א וואָך פון נדן וועל איך האָבן און א געשעפט — פאלט ער אריין אין גדלות — וועט ער שוין געפינען, א מענטש וועט ער שוין ווערן!

באהאַלט איך די אָנגעקליבענע שטיינדלעך פאַר גבריאל־יהודה ליכטנפעלדס וועגן; ער וועט וויסן!

דערווייל צוריק בארג־אַראָפּ — די פעלדזן־ווענט צעגייען זיך רעכטס און לינקס און פאלן אליין אויך טיפער און טיפער, און פאַרשווינדן, — א נייע געגנט. מער געבליבן גרינס אויף די פעלדער. און אונטערן, מיר דאכט זיך עפּעס, נאָך בלויערן הימל, צווישן די פאליעס, גרינס אין פעלד, און ארום אלערליי פארביקע שאָך־ברעטער, ציקצאקן און בייטן — פּוישן ארום גאָר אנדערש געקליידעטע פויערן, לעבעדיקע פארבן: רויט, גרין און נאָך עפּעס, וואָס איך קען נישט אָנרופן. זיי קריכן אויך ארום געבוי־גענע און טוען עפּעס, און איך וויים נישט וואָס, און עס טוט מיר וויי:

— פאַרוואָס ווייסט נישט איין מענטש, וואָס דער צווייטער טוט?

און דערווייל שטעלט זיך אויף א פויער אויפן פעלד, קוקט זיך אום: זשידי יאדאָן! און הייבט אונדז אָן צו ציילן. מיר שווייגן און פאָרן שווייגנדיק אריין אין א געדיכטן וואָלקן פון שטויב; שניידן זיך באלד אריין אין א סטאַדע קי און —

— געלויבט איז גאָט! — זאָגט דער טאַטע — אָנגעקומען!

— זאָל זיין מיט מזל! — זאָגט די מאַמע.

מיר פאָרן אין דאָרף אריין. עס לויפט שוין אנטקעגן דער ייד, ביי וועלכן מיר וועלן איינשטיין, שבתדיק געקליידעט, אזוי ער, אזוי זיין ווייב, א ברייט־פּלייציקע יידענע, וואָס א קליין בארוועס מיידעלע, א צעשראָקנס פאַר די פרעמדע לייט, האלט ביים פארטעך, און קרימט דאָס איינגעריב־טע פּנימל, נישט וויסנדיק: וויינען, צי לאכן...

מיר קריכן אראָפּ, מיר וועלן צוגיין צופיס... מען פרעגט פון אונ־דזער זייט:

— די מחותנים געקומען?

— נאָך נישט, —ענטפערט מען — מיט גאָט זיין הילף — קומען...

— באלד — זאָגט דער טאַטע, — אזוי ווי זיי וועלן קומען, זאָל

חיים (דער צווייטער ייד, ווו די מחותנים וועלן קומען און איינשטיין) מודיע זיין, באלד באדעקנס און באלד — א חופה.

— א מענטש האט קיינמאל קיין צייט נישט! — מורמלט די מאמע, נישט צופרידן פון אלע איילעניש. און די מומע יענטע פראטעסטירט:

— און ווען זיך אפוואשן, אנטון...

איך כאפ א ציטער פאר מיין האלדז, ער פלאמט מיר נאך... מען גייט אין שטוב אריין. מיך פארגעסט מען דערווייל אין דרויסן, און איך האב שוין אפגעריסן פון דער מוטערס פארטעך דאס קליין פארמורזעטע מיידעלע, מיט די וויים־פלאקסענע הערעלעך. בלויע, צעשראקענע און איניינוועגס צעשמייכלטע אויגעלעך, כאפ עס אויף די הענט, וואַרף עס אין דער הייך און כאפ עס צוריק פון דער לופט, און דאס מיידעלע לאכט, לאכט, און דאס געלעכטערל קלינגט אזוי לעבעדיק־לוסטיק און פריי — —

און „חיים" קומט אן פון דער אנדערער זייט א פארסאפעטער, נאך פון ווייטנס רופנדיק:

— געקומען! געקומען — זאל זיין מיט מזל!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אז איך בין פון אונטער דער חופה, צוליב א קליין רעגנדל, אנט־לאפן אויפן גאנעק ארויף פאר דער שטוב, און די כלה, מיט די קלעזמער, מיט די ברענענדיקע הבדלות, מיט דער חופה, מיטן קליינעם ליב־צע־שמייכלטן גבריאל־יהודה ליכטנפעלד זענען מיר נאכגעקומען — האב איך זיך שוין דערמאנט.

צומארגנס, א שטארקע הערבסט־זון רייסט זיך מיט געוואלט אין קליין דארפישן פענצטערל אריין, צווישן פארפלאנטערטע בלעטער, וואס שפארן פון גרעלע טעפלעך ארוים און קריכן איבער די שייבלעך. זי וועקט מיר אן א גרוי־קריכנדיקן געדאנק אין געהירן:

— און שוין? דאס איז עס אינגאנצן?

מיין צווייטע, ערשט באקומענע העלפט, ליגט, איבערן קאפ באַ־דעקט. שלאפט, און אפשר נישט, און טראכט דאס זעלבע, וואס איך. פיי־לייכט שעמעוודיקער. מיט מער הארצוויטיק... פילייכט וויינט זי גאר אין דער שטיל, און עס כאפט מיר אן פלוצלינג א נישט קלאר רחמנות אויף אונדז ביידן, ווי עפעס אויף צוויי פישלעך, וואס וועלן זיך צאפלען אין איין נעץ...

און שוין? און דאס איז עס אינגאנצן?

און דער „כאלו כפאו שד" איז אמתער אלס די אלע ביכער און ביכ־

לעך פון דאָרט, אין דער היים, אויפן פּרעמדן בוידעם... געבאָרן געוואָרן עפּעס, עס קריכט ארום אין הארץ... נאָר עפּעס קריכנדיקס, אָן גאָלדענע פליגעלעך, אָן שטראַלנדיקע אייגעלעך, אָן פאַרב... באַוועגט זיך פויל, און שטום, אָן קלאַנג... איך דערטראַכט נישט מיין גדאַנקען־בילד: א פּעד־מער קלאַבּט. א פעטער רופט צום דאַווענען; דער משכּילישער פעטער: צום מיניַן דאַרף מען מיך... איך וואַרף ראָש אויף מיר די קליידער ארויף — „באַלד, באַלד", און לויף ארויס צום פעדער־הייזל... ודודי חמק עבר — נישטאָ שוין דער פעטער, און דאָס פעדער־הייזל האָט אַן אָפענע טיר אין אַ קליין דאָרפיש גערטל אריין, און מיך כאַפּט פלוצלינג ארום אַ שטאַרק־דופטיק־האַרבסטנדיקע גאָרטן־לופט... און איך אַנטלויף פון די געבעט־קלאַנגען, וואָס קומען פון דער שטוב, לינקס, רעכטס, אין גערטל אריין, און בלייב שטיין אין אַ פרעמד, קליין, גרין און אַנדערש־פאַרביק גערטל... פון ערגעץ אַ פייגעלע פּיפּצט און איך פאַרגעס מיטאמאָל מיין ניי טויב־שטום באַשעפעניש אין אַ קעמערל פון פאַרבאָרגענעם האַרץ. און עטעם שטאַרק די פרעמדוועלטיקע פרייע לופט אין מיין ענג שטעטיש בית־המדרשדיקער ברוסט אריין, און זייג מיט דורשטיקע אויגן די דאָר־פיש־שרייענדיקע פאַרבן . . . און שפּרינג צו און דערקען מיט פרייד מיין אַלט־באַקאַנטן מאָן (מען פלעגט אים אויפן מאַרק באַקומען) און שאָקל מיטן קעפּל פאַרביי דעם אויער און פאַרנעם דאָס קלאַפּן פון זיינע שווארצע קערנדלעך, און לויף צו'ן אַ רויט־פלאַמענדיקער רויטער רויז צו, די אויבערשטע קליידעלעך פלאַטערן אין דער קוים־דירעוודיקער לופט. ציטער נישט, רויט בלימעלע, מיין האַנט איז צום רייסן נישט געוווינט... און אָט פון דינינקע שטענגעלעך ציען זיך שמאָלע, לאַנגע, בלאַס־בלויע בלעטער ארויס, ווי מיין מאַמעס סטענגעלעך אין ראָש־השנה־ציפּיק... ווי רופט מען אייך, סטענגעלעך? שווייגן זיי און פלאַטערן.. און אָט בייטן עטלעכע... שפּראָצן פון זיי, דעם בלויען הימל אַקעגן, עפּעס עקן, לענגלעך געבוויגענע, פון רעטעך, מייערן, צי ווייס איך וואָס... ווערט מיר פלוצלינג ענג און אומעטיק אין דעם קליינעם גערטל מיט אַזויפיל אומבאַקאַנטע, און איך שפּרינג אריבער אויפן פרייען וועג ארויס... וווּ איז מיין היים? רעכטס, צי לינקס...

„מע!" דערהער איך, און דערזע אַ ברונעם... אַ שייגעצל אַ קליינס, אַ באָרוועס, שעפּט און גיסט, אויף דער צעמברינע שטייענדיק, פון ברונעם אין קאָריטע אריין... די קי ביי דער קאָריטע, מיט די שווערמוטיקע קעפּ און קוים גלאַנציקע, גרויסע אויגן טרינקען, און הייבן די קעפּ אויף,

צווישן איין שלוק און דעם צווייטן, צום הימל אַרויף, צום בלויען אין דער שטילער וועלט אַריין. — מע־ע. און נישט צו דערקענען: פריידי אָדער טרויער... מע־ע.

דאָס שייגעצל לאָזט דעם געלערטען עמער פון דער האַנט אַרויס. גיט זיך דער עמער אַ וויג אין לופט, וואַרפט זיך, נאָך אַ צאַפּל און באַרואיקט זיך און בלייבט שטיל. אַש וואָלט געזאָגט: פּאַרקוקט אין ברונעמס סוד אַריין... דאָס שייגעצל, מיטן בראָנדזענעם לייב, וואָס שטאַרט אַרויס פון גראָ־לייוונטענעם בוזעם, און געל־ליימיקע פיס שפּרינגט אַראָפּ, הייבט פון דער ערד דאָס בייטשל אויף, גיט אַ הפקר־פייף מיטן מויל, די קי דרייען די קעפּ אויף; אַ קנאַק מיטן בייטשל, עס רירן זיך די קי... אַרויס, פון דאָרף אַרויס, איבערן אָפּגעשניטענעם פעלד, ווו פון ווייטנס בראָנירט שוין אַ פויער און עטלעכע געבויגענע פויערטעס קלויבן עפּעס עטוואָס ווייטער... מע־ע הערן זיך נאָך די קי און עפּעס אַ פויגל גיט אַ שניט דורך די זונען־גאָלד געפלאָסענע לופט מיט אַ געוואַלדיק־הויכן פּיפּס, אַזוי דאַכט זיך מיר, און ווייטער שטיל... אָבער די שטילקייט איז מיר שרעקיק פרעמד, נישט מיינע... דאָס איז נישט די היימישע שטילקייט פון מיינס אַ שבת אָדער יום־טוב... איך גיי אין דער שטילקייט אַריין, אָבער ווי אין אַ פרעמד אַריין, מיט איינגעהאַלטענע טריט און באַגעגן. —

גבריאל־יהודה ליכטנפעלד... עפּעס אין אַ געשטיקט קאַפּטל, אין אַ שלאָף־רעקל, אין שטעק־שיך — אַ צעשמייכלטער. און עס וואַרפט זיך מיר אין די אויגן אַריין אַ ין ענלעכקייט צו ר׳ משה וואהל, דאָס זעלבע האַרציקייט, די זעלבע שטילע שטערנדלעך־אויגן... כ׳וועל אים פרעגן, אַלץ פרעגן. ער ווייסט, ער מוז אַלץ וויסן... און מיר קומען זיך אַנטקעגן, נעמער, נענטער, גאָר נאָענט, פון האַרץ צום מויל שווימען שוין די ביטערע פראַגן, מאַנכע דרייען זיך אַרויף, ווי פאַרפּלאָנטערטע שנירלעך. און ער גיט אַ פרעג: ביסט נישט ביים דאַווענען?

איז אין מיר אַלץ מיטאַמאָל איינגעפאַלן, ווי אויפגעשלאָגן און אויפגעבלאָזן איי־ווייסל אונטער אַ קילן הויך. און עס קנוילט זיך אַלץ אין מיר און שרומפּט זיך איין, און אויפן אָרט פון פּילאָזאָף שפּרינגט אַרויס דער ישיבה־בחור און פרעגט צוריק: און איר? גייען מיר אַ ווײַלע שווייגנדיק מיט ליפּן פאַרפּרעסטע, אויגן אַראָפּגעלאָזטע, ביז ער גיט נאָכאַמאָל אַ פרעג: שרייבסט עפּעס שירים? איך שרייב... וואָס שרייבסטו? איך פאַרציל, און ווי אונטער דער ערד וואַקסט אַרויס מיין פעטער, דער משכיל, מיין „קהלת" — מיין שריפטן־זאַמלער... פון וואָס רעדט איר עס אום־

געדאַוונט? אויב ער שרייבט? שרייבט און פאַרלירט, שרייבט און צע־רייסט, שרייבט און פאַרברענט... אַ מערכה, איך! איך גנבע אים אָפּער פון אונטער די הענט... צעריסענע שטיקלעך קלויב איך צענויף, קלויב צוזאַמען... עס וואַקסט אַ שרייבער... האָסט עפּעס מיט ביי דיר? פרעגט ליכטנפעלד. אין דער זעלבער סעקונדע דערהערט זיך פון וויטן הויז אַרויס מוזיק... אַנבייסן, שבע־ברכות, אַהיימפאָרן...

אַלץ געשען און איך האָב גבריאל־יהודה ליכטנפעלדן גאָרנישט גע־פרעגט, קיין תשובות אויף שאלות נישט באַקומען, און די שאלות אַליין האָבן זייער לעבן און זאַפטיקייט, זייער האַרבקייט און ביטערקייט פאַר־לוירן, זענען, גלייך אַ שפּעט ווילדן גראָז, איינגעשרומפּן און פאַרוועלקט געוואָרן און פאַרקנוילט זיך ערגעץ אין מיר אין אַ פינצטער קעמערל פון האַרץ, אין דער טיף, ווו זיי וועלן ליגן לאַנג, לאַנג, ביז זיי וועלן פון דרויסן נייעם טוי און ניי ליכט באַקומען און וועלן אַלס אייביקע פראַגן בלייבן, אויף קיין ענטפער נישט וואַרטנדיק, נישט האָפנדיק, נישט פון קיינעם אויף דער ערד, נישט פון קיינעם אין הימל... אָבער אויפלעבן וועלן זיי, נייע קליידער באַקומען און אַ נ[illegible] קלאַנג...

מען געזעגנט זיך, האַרציק און [illegible]לעך שייד איך זיך מיט גבריאל־יהודה ליכטנפעלד, ביי וועמען איך וועל קיינמאָ[illegible]ין גאָרנישט פרעגן, נאָר לערנען זיך ביי אים אַביסל מאַטעמאַטיק, אַ[illegible]מען אַ ספר מיט שירים, וואָס וואַרפט מיר אין אַ רויטקייט, ווען איך [illegible]ערמאָן זיך אָן זיי, און מען פאָרט צוריק אַהיים... מיט מיין צווייטער [illegible]עלפט האָט מען אין איינענעם הויז, אונטן אויפן פּאַרטער, מיט אַ פענצטער אין „פּאָדציענע" אַריין געדונגען; דאָס ווער איך ביים געזעגענען [illegible]וואָר, דער טאַטע פאַר־ציילט עס ליכטנפעלדן פאַרן אויפזעצן... וואָרן צו מיר קומט מיין טאַטע צו פאָרן, וועט ער אַ שטוב פאַרנעמען...

און אָט זיץ איך אַ באַווייבטער מיט מיין צווייטער העלפט אויבנאָן, קעגנאַיבער אַ פעטער מיט אַ מומען... און דרעמלען זיי איין פאַר מידקייט (אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט), שלאָגן זיך אָן קאָפּ אין קאָפּ און שפּרינגען אָפּ, און טרעפן זיך ווייטער, שעם איך זיך צו לאַכן, און זי, זייער דרעמל באַ־נוצנדיק, גיט אַ שעמעוודיקן פרעג: קענסט טאַקע אַזוי גוט לערנען? יאָ...

און זי כאַפּט מיר דאַנקבאַר אָן ביי דער האַנט...

און זיצסט און לערנסט? ניין! און זי לאָזט אָפּ די האַנט און נאָך אַ ווײַלע: — און אַז איך וועל דיך בעטן...

און די האַנט רוקט זיך צוריק; עס ענטפֿערט פֿאַר מיר דער פֿורמאַן: וויאָ, פֿאַדלע! פֿון געשריי כאַפּן זיך פֿעטער און מומע אויף.

צוריק פֿלאַך־לאַנד. לאַנגווייליק. דער פֿעטער און די מומע דרעמלען שוין נאָכאַמאָל, — מיין צווייטע העלפֿט אויך. די שטילקייט פֿון דרעמלען ווערט פֿון צייט צו צייט איבערגעריסן דורך געראָפּעריייען פֿון די אַנדערע פֿורן הינטער אונדז. דאָרט איז מען זיך, זעט אויס, משמח... און פֿון — טבֿרו — מיט וואָס דער פֿויער, דער פֿורמאַן, שטעלט פֿון צייט צו צייט אָפּ די לויפֿנדיקע קליינע קאַרע פֿערדעלעך; שפּרינגט אַראָפּ, פֿאַריכט עפּעס ביים אַלטן צונויפֿגעקניפּטן וואָגן, שטעלט אַ פֿוס אויפֿן ראָד, ווייטער אויפֿן נעזעם און — וויאָ, פֿאַדלע...

די פֿערדלעך דערשרעקן זיך נישט, באַליידיקן זיך נישט, אַבי נישט קיין בייטש, רירן און לויפֿן זיך ווייטער זייער שטיל־אייליקן גאַנג איבערן האַרט־געוואָרענעם זאַמדיקן וועג און אין דער שטילקייט הערט זיך דאָס קלאַפּן פֿון די פֿערדישע בריסטן אונטערן שטילן, לייטזעליק־אויסגעשפּרייטן בלויען הימל, גלייך שטיינדעלעך קלאַפּן אין אַ זעקל. פּלוצלינג אַ פֿייף מיט דער בייטש איבער די פֿערדלעכס רוקן, און דער פֿויער ווענדעט זיך צו אונדז דרייפֿערטל אום און, גלייך ער פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר זיין גרויזאַמקייט קעגן די קליינע קאַרע פֿערדלעך: אַ רעגן וועט זיין...

און ווענדעט זיך צוריק אום און לאָזט טיפֿער אַריין דעם קאָפּ אין זוים פֿון דער סיערמיענגע. „אַ רעגן וועט זיין" דערהערט מיין דרעמלדיקער פֿעטער, כאַפּט זיך אויף, קוקט זיך אומרואיק אום. איך קוק אים נאָך. ווירקלעך. דער הימל טריבט זיך, די לופֿט — אָנגעזאַפּט מיט נעץ, לינקס רוקט זיך אָן אויף אונדז אַ רעגנדיקע וואַנט, אויבן די זון הייבט אָן טוקן, ווי אַ בלאַנקער שפּיגל אין שטיקער ווייסע וואָלקן, מאַנכע — וואַטע, אַנדערע זילבער, עס ציען זיך אויך גראָ־רויכיקע — אויף דער זון, אויף דער זון!

— דיר — נישט קאַלט? — ווענדעט זיך דער פֿעטער צו דער מומען מיט אַן אומרואיק־צערטלעכן אָפּקלאַנג, און, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער, פֿאַריכט ער איר די שאַל אויף די אַקסל, פֿאַרשפּיליעט זי פֿון פֿאָרנט ביים האַלדז. ניין, יוסף! ענטפֿערט די מומע, און עפּעס איר שטים איז אַזוי ווייך, און די גרויסע, גרויסע אויגן קוקן אויפֿן פֿעטער פּייכטלעך, צערטלעך, ציטערדיק־דאַנקבאַר. איך באַמערק ערשט, ס'אַר אַ גרויסע, גרויסע אויגן די מומע האָט, און די ליפּן אירע, די דינע, בלוילעכע און איר מאָגערקייט, און באַמערק ערשט, וואָס אַלע ווייסן שוין לאַנג, אַז זי איז

אַ קראַנקע. אַ ווינטל רופט זיך פון ערגעץ אָן, דאָס וואָלקן־געיעג אויף דער אָפּגייענדיקער זון גייט שוין צו ראַשער, עס ווערט שאַטנדיקער, קילער, מאַנכע טראָפּן פאַלן.

— נישט נעדאַרפט פאָרן! — ברומט דער פעטער.

— שאַדט נישט! — ענטפערט די מומע...

— זיין אַ גרויסער רעגן? — ווענדעט זיך דער פעטער צום פויער, אָנקלאַפּנדיק אים אין ברייטן אַקסל, ווי מען קלאַפּט אָן אין אַ טיר...

— אַ ווינט געוואָרן — ענטפערט דער פויער, אונטערטרייבנדיק די פערדלעך — אפשר פאַרהאַלטן ביז צו דער קרעטשמע...

דער פעטער ווענדעט צוריק זיין פאַרבאָרגן בליק צו דער מומען. זי ענטפערט אים מיטן בליק — כמעט טרייסטנדיק, און איך פיל, אַז זייערע בליקן, טרעפנדיק זיך אין דער לופטן, האַלדזן זיך, קושן זיך... אַזאַ'ן אַלט פאַרפאָלק!

און אָט די קרעטשמע! אַקוראַט פאַרפאָרן צו דער צייט. דער רעגן הייבט שוין אָן געדיכטער טריפן. דער פעטער יוסף איז שוין אַראָפּגע־שפּרונגען און נעמט אַראָפּ די מומען און פירט זי אין קרעטשמע אַריין. איך בין שוין אויך אונטן, און וויל העלפן מיין צווייטער העלפט, וואָס האָט זיך שוין אויפגעשטעלט, און אַ פוס אויף דער וואָגן־לייטער אַרויסגע־שטעלט, און — האָב הילצערנע הענט, די זעלבע הענט, וואָס זענען נישט געוווינט אויסצוזייען אַ בלימל, שטרעקן זיך נישט אויס... עס העלפט אַרויס אַן אונטערגעקומענער פון דער צווייטער פור. זענען מיר שוין אַי־נגעווייניק, מען כאַפּט שוין אַריין די בעקלעך, עס וועט זיין עפּעס צו פאַר־טרינקען און צו פאַרבייסן:

— הערבאַטאַ! הערבאַטאַ! — רופט דער פעטער יוסף.

אַ גויישע קרעטשמע. — כ'וועל נישט טרינקען! — שפּאַרט זיך איין די מומע.

— נאַרעלע, טרינקען מעג מען...

— ווער וויס, וואָס פאַר אַ טאָפּ... דער פעטער יוסף לויפט אַרויס פאַר דער טיר און קומט אַריין מיט אַ בשורה — אַ סאַמאָוואַר!

די ווייבער פּאַקן אויס די פּעקלעך און שטעלן אויפן טיש, וואָס אַ מומע האָט שוין צייט געהאַט צו דעקן.

— לאָז אַ האַלבן טיש פאַר מילכיקס! — זאָגט די מאַמע.

— פאַרן געזאַלצענעם צוקער־געבעקס?

— ווער וואַשט זיך?

א גערודער, מאנכע וואשן זיך, אנדערע גייען שוין ארום איבער דער שטוב מיט גלעזער טיי אויף די פלאכע הענט, און איך דריי מיך ארום איי־נער אליין איבער דער קרעטשמע און פייף, אינערלעך אין מיר פייפט, פונקט ווי דער בארוועסער שייגעץ האט געפיפן, און איך פיל, אז עס ווערט מיר לייכטער, גרינגער, אז די רעשט נעפל פון די אומעטיקע וואלקן צעשווומען... בע, אלץ נאריש! מען דארף פייפן; דאס מויל, נאטירלעך, גלייך ווי די הענט, פאלגט נישט, אבער אינערלעך צעשפרייט זיך א שטיקל הפקר אויף לאנ־גע, לאנגע יארן... אויף זאמאשטש, אפט, צוויזמער, ווארשע, גרויספוילן און צוריק ווארשע — ביז עפעס נייעס וועט קומען... א פייף ווירקט, אלץ, וואס קומט אריין אין אונדז אומגעריכט, איידער מיר האבן צייט דערפאר טיר און טויער צו פארמאכן, זיך פארן פרעמדן צו פארנעפלען, אין פיל פון מיינע שריפטן וועט זיך הערן דער פייף: „דער כעלמער מלמד", „חוזק" און דער גלייכן: עטוואס דערפון אין „שטריימל", אבוואל איך האב עס אנ־דערש געמיינט... איך פייף אין קרעטשמע ארומגייענדיק, אינערלעך, האר־ציק אינערלעך, און פלוצלינג — מיין צווייטע העלפט מיט א נישט־צופרידן געזיכט:

— ווו ביסטו געווען בשעתן דאווענען? —

— פייפן געהערט.

זי ווערט ברוינלעך־צארניק: וואס?

פארצייל איך פון שייגעצל פון בארוועסן, פון זיינע קי, זייערע אויגן און זייער פייפן... און זי הערט, דאס ברוינלעך־צארניקע גייט אפ, זי צע־שמייכלט זיך... און פרעגט ענדלעך, צי איך אליין קאן פייפן — — — — —

דערמאן איך מיר איצט נאך א פייפן, וואס איך האב ערשט מיט עט־לעכע יאר צוריק געהערט, און וואס האט אויף מיר שפעטער א גרעסערע און טיפערע ווירקונג געהאט אלס דאס ערשטע פייפן. עס איז געווען אין דער שווייץ, אויף א בארג, ווו איך בין אוונט־צייט געלעגן, נאך א שטארקן הארץ־אנפאל, מיד, גלייכגילטיק, קוים־זעענדיק און קוים־הערנדיק, וואס ארום מיר טוט זיך. אויערן אפענע און אויגן אפענע, און — די שווייץ, און קוקן און הערן ווילט זיך נישט. וואס קומט אליין, וואס שלייכט זיך אריין, — בלייבט; עס בלייבט אבער פויל, טויטלעך־גרא און מישט זיך מיט דעם, וואס אין מיר איז, נישט און ווירקט דעריבער נישט... אויפן בארג־רוקן נידעריקער — גראזן. שווייצער־קי, רופט זיך א גלעקל דא, א גלעקל דארט, שווימט ארויס, פון ארעמען גראז דא און דארט א רויטלע־כער פעטער רוקן, הייבט זיך אויף א שווערער, שווערער קאפ און קוקט זיך

אום נישט זעענדיק... און ווייטער, קלינג, קלאַנג. די קו האָט אַ פּעטן גראָ־זיק שטיקל דערזען און גייט איבער... און אונטן, דעם באַרג צופֿוסנס, קלינגט שטיל אין די טענער פֿון די גלעקלעך אַריין דאָס שמאָלע, זילבערנע געשלענגלטע, שטיפֿעריש, שוימענדיק יאָגנדיקע בערג־טייכל... און אויף יענער זייט טייכל — קליינע, צעוואָרפֿענע בלאַנק־ווייסע הייזלעך מיט אָפֿע־נע גרינע לאָדן און קריסטאַלענע פֿענצטערלעך, וואָס קוקן לאַכנדיק, לייכטנ־דיק און פֿריי אין גאָטס וועלט אַריין — און פֿון די פֿענצטערלעך רייסן זיך קלאַנגען אַרויס, פֿון מאַנכע פּיאַנע ווערט געשפּילט, אויף ווייטערע בערג יאָדלט מען און אָפּקלאַנגען וויגן זיך, וויגן זיך... און אַלע טענער שווימען זיך צוזאַמען אין דער שמעקעדיקער לופֿט און קומען מיר צום אויער... און די פֿאַרבן גיסן זיך צוזאַמען, דאָס גרינס, דאָס ווייסקייט, דאָס גראָקייט פֿון פֿעלדז אין דער הייך, דער בלאָ־בלאָער הימל איבער דעם אַלעם און גלעט מיין האַלב שטאַר אויג. און פּלוצלינג פֿון צווישן די ווייטערע ווייס־לעך און ווייסע בערג־שפּיצן — אַ קנאַל און אַ צווייטער, אַן אַנזאָג, דער שטורעם גייט! מיטאַמאָל — אַ פֿאַרקנוילטער וואָלקן רוקט זיך, רוקט זיך, אַ ווינט, ווי פֿון אַ קייט אָפּגעריסן, צעיאָגט זיך ברומענדיק... די קי לויפֿן אַראָפּ, שרעקיק קלינגען די גלעקלעך. אַ קליין פּאַסטעכל, אויך אַ באָרוועס און אָן אַ היטל, קנאַקט נאָך מיט אַ לאַנגער, עפּעס מאָדנע איבער־לאַנגער בייטש... און אונטן ווערן די לאָדן פֿאַרקלאַפּט, די פּיאַנע — פֿאַרשטומט געוואָרן, דאָס יאָדלען איבערגעריסן... איך גיי פֿויל און טויט־מיד זיך שלעפּנדיק באַרג־אַראָפּ און זע, ווי דאָס שווייצער שייגעצל לאָזט די קי, איין פֿאַרטיע נאָך דער צווייטער, אין שטאַלן אַריין — פֿאַרקלאַפּט זיי מיט אימפּעט און ער אַליין באַהאַלט זיך נישט, גייט צוריק, באַרג־אַרויף גייט ער... מיר אַנטקעגן, אָבער מיר נישט זעענדיק, און די לופֿט איז פֿול מיט ברומעריי, און צווישן די ווייסע, שוין אין נאַסן טעמפּל פֿאַרשלייערטע בערג־שפּיצן צעשפּילט זיך דער דונער און דער קנאַל, און אַ פֿלייץ, אַ מבול פֿון הימל, אַ גערויש, אַ געפּילדער אין אַ האַלבער פֿינצטערניש, דאָס שווייצער גן־עדן איז מיטאַמאָל אַ שרייעדיק ליאַרמעדיק גיהנום געוואָרן — מיין שווייצער שייגעצל, דאָס באָרוועסע, האַלב־נאַקעטע מיטן פֿרייען צע־שויבערטן קאָפּ, שפּרינגט אויפֿן רוקן פֿון באַרג אויף אַ שטיק פֿעלדז אַרויף, לייגט צו די פֿלאַכע הענט צום מויל און פֿייפֿט אין דער וועלט אַריין, און שניידט מיטן פֿייפֿן, ווי מיט אַ מעסער, די האַלב פֿינצטערניש, דעם שלאַקס רעגן, דאָס געקנאַלעריי פֿון צווישן די בערג אַדורך, און פֿייפֿט אַלץ דרייס־טער און דרייסטער, שאַרפֿער און שאַרפֿער.

— איר וועט! איר מוזט מיך הערן!

# בריוו

1) צו דער מישפחה

*

2) צו דער דאמעביים מעער

*

3) צו יידישע שרייבער, קולטור טוער און אינסטיטוציעס

# א. צו דער כלה

## 1

(איבערזעצונג פון פויליש)

טייערסטע העלענע!

כ'בין אין דער קריטישסטער לאגע... דאָס הארץ איז מיר פול, אין קאָפּ טויזנטער גאָלדענע שטראַליקע חלומות, און די פעדער איז אזוי טעמפּ, אַז נישט ווייסנדיק פון וואָס אָנצוהייבן, גייט ביי מיר אַלץ ווי פון פעך. —

ס'האָט שוין געשלאָגן צוועלף. זאַמאָשטש שלאָפט פארזונקען אין שוים פון דער שטילער און אויסגעשטערנטער נאכט. איך נאָר אַליין קען נישט שלאָפן. פאר מיר — דיין פאָטאָגראַפיע, דאָס איינציקע הייליקע בילד אין מיין הויז, דאָס איינציקע אינעם הארצן ביי מיר!

ווי דאנקבאר איך בין דיר!

מיין הארץ איז געווען פארוועלקט, מיין לעבן — א פיינלעכער און שרעקלעכער חלום, איבער מיין קאָפּ אייביק ווייסע וואָלקנס — תכריכים...

כ'בין פארוועלקט געוואָרן אין בליענדיקן עלטער, בין אָפּגעשטאָרבן.

און איצט? אונטער דעם שטראַל פון דיינע שטערן איז צעגאַנגען דאָס אייז פון מיין הארצן, עס האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן... קלאַפּן אזוי הילכיק, מיט אזא פרייד... די שווארצע וואָלקנס זענען פארשוווּנדן און אָפּגעטרעטן זייער אָרט דער זיסער און צארטער בענקשאַפט!...

איך לעב און דו ביסט מיין לעבן...

כ'קען נישט שרייבן מער... כ'וואָלט געוואָלט מיט דיר שמועסן, אָבער אין אַן אנדערער שפּראַך...

זיי געזונט!

האָב מיך ליב

דיין לעאָן

זאמאשטש, 6 סעפטעמבער 77.

## 2

(איבערזעצונג פון רוסיש)

טייערסטע העלענע!

ווי נאר דער יום־טוב איז אריבער, אייל איך מיך צו שרייבן צו דיר, איידער כ׳האב זיך דערוואַרט אויף דיין תשובה. דו האסט מיך משוגע געמאכט, מיר איז אומעטיק, איך בענק...

נעכטן זענען ביי מיר געווען פיל, אפשר צו פיל געסט, צווישן אנדערע אויך ה׳ איקס (וועמען דו וועסט אגב דערקענען אין זאמאשטש ווי א זייער פוסטן מענטשן) און יענער איז מיר פשוט דערעסן געוואָרן מיט זיינע קריטיש־קאלטע פראגעס. „ווי מאכט איר דאס, פרעגט ער, ראשי־פּרקים, איידער איר האט זיך באקענט מיט דער כלה? אט איז א מענטש פון פראגרעס! א פריידיקער פון בילדונג, א יידישער קולטור־טרעגער!" אומזיסט האב איך זיך באמיט אים צו דערווייזן די עלעקטרישע צוציונג פון הערצער, דאס גיכע דערקענען זיך פון נשמות, ער וויל נישט גלייבן און איך — האב אים אפגעזידלט סאמע אום ראש־השנה. —

איך האב היינט פארטיידיקט 3 עינינים ביים פרידנס־ריכטער פון דער שטאט זאמאשטש, צוויי קרימינעלע און איין ציווילן. די ערשטע האב איך געוואונען מצד דעם באשולדיקטן און די לעצטע מצד דעם בעל־תביעה האב איך פארלוירן. —

אנשטאט איבערצוחזרן דיר דאס וואס מיר האבן גערעדט אין לענטשנע, וועל איך דיך באקענען מיט די אומשטאנדן פון די 3 עינינים. דאס איז נוציקער פאר אונדז.

1. מיין קליענט דער בעל־תביעה פארלאנגט פונעם אנגעקלאגטן ער זאל איינצאלן א חוב פון 242 רובל 50 קאפ. מיט פראצענטן און הוצאות. דער חוב ווערט דערוויזן דורך א כתב. אינעם כתב שטייט:

„איך, דער אונטן געחתמעטער באשטעטיק דערמיט, אז איך בין שולדיק דעם מוכ״ז 242 רובל 50 קאפ. זאמאשטש, דאטע, אונטערשריפט. דער כתב האט ווי ס׳ווייזט אוים אזעלכע חסרונות: א. דער ארטיקל 110, קאפ. 7, בוך 1 פונעם האנדלס־קאדעקס זאגט: „א טראטע־וועקסל ווערט אויסגעשטעלט פון איין ארט אויפן צווייטן. — דערויף ווערט אפגענאטירט: די סומע וואס דארף באצאלט ווערן; דער נאמען און די פאמיליע

פון דעם וואָס דאַרף באַצאָלן; דער טערמין און דאָס אָרט ווו דאָס וועקסל איז פעליק; די וואַלוטע, באַקומענע מזומנים, אין סחורה, אין רעכענונגען אָדער אויף עפּעס אַן אַנדערן אופן. אין דעם ווערט באַשטימט: אויף וועמעס אָנווייזונג די צאָלונג דאַרף אויסגעפירט ווערן אָדער אַ דריטע פּערזאָן אָדער דער אויסשטעלער פונעם וועקסל א. א. וו.

דאָ פעלט אָבער: 1, אויף וועמעס אָנווייזונג (דערלאַנגער, מוכ"ז), 2, אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט מען געקראָגן די וואַלוטע? 3, טערמין פון דער צאָלונג, 4, איר אָרט און — דער עיקר 5, דער בעל־חוב האָט זיך ווי אַן אַנאַלפאַבעט אונטערגעשריבן מיט צלמים און לויט פאַרשידענע אַר־טיקלען פון דעם סטאַטוט וועגן דער ציווילער געריכטס־פּראָצעדור (105—111, 138—456) איז אַזאַ אונטערשריפט (אויב עס האָט זיך נישט אונ־טערגעשריבן אַ דריטע פּערזאָן וואָס איז באַפולמעכטיקט דערצו) נישט גילטיק.

איך האָב זיך פאַרטיידיקט מיט אַזעלכע אַרגומענטן:

נאָכדעם ווי איך האָב פריער דערוויזן, אַז אַ פּשוטער צעטל, וואָס האָט נישט די אייגנשאַפטן פון אַ וועקסל, רעכנט זיך פונדעסטוועגן פאַר אַ שריפטלעכן באַוויז, האָב איך זיך פאַרופן אויפן אַרטיקל 105 פון דעם סטאַטוט פון דער ציווילער געריכטס־פּראָצעדור ווו עס ווערט געזאָגט:

1. „אַלע מינים אַקטן, סיי די וואָס זענען געוואָרן געמאַכט און גע־מאָלדן אין דעם געהעריקן סדר, סיי די היימישע, דאָסגלייכן אַ נ ד ע ר ע פּ אַ פּ י ר ן ווערן דורך דעם פרידנס־ריכטער גענומען אין אַכט ביים פּסקענען דעם ענין". פון דעם גענויעם פּשט פון די דאָזיקע ווערטער (און אַנדערע פּאַפּירן) איז צו זען:

אַז „יעדעס שטיקל באַשריבן פּאַפּיר, וואָס האָט אין זיך סימנים פון אַ מענטשנס טעטיקייט, פון יורידישע פאַרהעלטענישן צווישן פּערזאָנען, פון געשעענישן, וואָס האָבן געווירקט אויפן ענין, קענען, נישט קוקנדיק אויף זייערע חסרונות, אומפאָרמעלקייטן, דינען פאַר באַווייזן אין די פרידנס־געריכטן. דעריבער דערווייזט דער כתב־יד, וואָס איז ביינעלייגט צום ענין, כאָטש ער איז נישט קיין פאָרמעלער, אַז דער ניטען איז שול־דיק אַ חוב! וועמען איז ער שולדיק? דערויף איז דאָ אַ פּשוטער תירוץ: „דעם, ביי וועמען אין די הענט דער כתב געפינט זיך אין דער געגעבענער מינוט, דאָס הייסט דעם דערלאַנגער (מוכ"ז).

2. (אינעם כתב איז נישט באַצייכנט: אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט מען באַקומען די וואַלוטע.) דאָס איז גאָר דערפאַר, ווייל ס'איז נישט גע־

ווען קיין וואלוטע, נאר דער בעל־חוב האט באקומען די גאנצע סומע. זי איז א ציפער נעטא!

3. דעם צאל־טערמין דארף אנווייזן דאס געריכט און דאס לויט דעם ארטיקל 1900 פונעם ציווילן קאדעקס, און אזוי ווי לויטן ארטיקל 1156 פון דעם זעלביקן קאדעקס דארף מען אין די אפמאכן אויספארשן דעם אלגעמיינעם מיין פון די צדדים, וואס האבן געשלאסן דעם אפמאך, דארפן מיר אנעמען, אז לויט דעם איצטיקן עניין איז באשטימט געווארן דער טערמין: איין טאג נאכן פארשטעלן דעם כתב (ארטיקל 192 פונעם האנדלס־קאדעקס).

4. (אינעם כתב איז נישט אנגעוויזן דאס ארט פון דער צאלונג), נאר אויך דאס שטערט לחלוטין נישט, ווייל אין אזא פאל דארף דאס אויספירן (די צאלונג) צושטאנדקומען, לויטן ארטיקל 1247 פון דעם זעלביקן קא־דעקס, אינעם וווינארט פונעם בעל־חוב (אין זאמאשטש).

5. (נישט־עיברידיקייט). איך קען דערוייזן מיט עדות, אז דער ני־טען האט באפולמעכטיקט א דריטע פערזאן אונטערצושרייבן זיך פאר אים א. א. וו.

פונדעסטוועגן האב איך פארשפילט. פארוואס? איך ווייס נאך נישט.—

2. (דער קרימינעלער ענין).

---

לויט א באשלוס, וואס דער פרידנס־ריכטער פון דער שטאט זא־מאשטש האט אנגענומען, איז אסטראווסקי פארמישפט געווארן צו א דריי־וואכיקן ארעסט ביים זאמאשטשער שטאטישן מאגיסטראט פאר רכילות אויף העלענע רובינסאן. — די עדות האבן דערוויזן, אז עפעס א דאווי־דאווסקי האט זיך מודה געווען פאר זיי, אז אסטראווסקי, וואס קען קיין רוסיש נישט, האט אים געבעטן אנשרייבן פאר איר א טעלעגראמע קיין קראסנאסטאוו. אין איר איז מען מודיע יוסף רובינסאנען, אז זיין ווייב העלענע, וואס וווינט צייטווייליק איז זאמאשטש, פירט א מיאום אויס־געלאסן לעבן. ער האט אנגעשריבן צו איר און זי האט די טעלעגראמע אוועקגעשיקט. —

צום עניין איז געווען בייגעלייגט א טעלעגראמע: יוסף רו־בינסאן קראסנאסטאוו. דו ביסט אין קראסנא־סטאוו און דיין ווייב פירט זיך אויסגעלאסן אין זאמאשטש. צו וואס ביסטו א מאן? איקס

איך האָב אָנגענומען דעם צד פון דער באַשולדיקטער און האָב פאַר־טיידיקט מיט דריי אַרגומענטן:

א ממשותדיקער גרונט פון דער קרימינעלער געריכטס־פּראָצעדור זענען די בפירושע באַווייזן פון עדות, דאָס געזעץ גיט זיי אָבער נישט קיין אומבאַדינגטן גלויבן. דאָס געזעץ פאַרלאַנגט, אַז די עדות זאָלן זאָגן אין בייזיין פון געריכט, געבנדיק אַן אונטערשריפט אָדער אַ שבועה, אַז זייער גבית־עדות איז אמתדיק, דערביי איז דער חוב פונעם געריכט אָדער פונעם פּראָזיצער אויפצוקלערן דעם עדות, וואָס פאַר אַ שטראָף עס קומט פאַר אַ פאַלש, אָדער נישט פּינקטלעך גבית־עדות. לויט דעם איצטיקן עינין האָבן די עדות געזאָגט דאָס וואָס דאַווידאָווסקי האָט דערציילט, און דאָס געריכט דאַרף זיי גלייבן, ווייל זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גאַנג פון דער געריכטס־פּראָצעדור. זיי האָבן געגעבן אַן אונטערשריפט, וואָס פאַרבייט אַ שבועה, עס איז זיי אויפגעקלערט געוואָרן וואָס פאַר אַ שטראָף זיי וועלן קריגן אין פאַל פון פאַלשקייט, אָדער אויף וואָס פאַר אַן אופן ווערט דערוויזן אַסטראָווסקיס שולד? די עדות ווייזן אונדז איבער, אַז דאַווידאָווסקי האָט איר צוגעשריבן די שולד, אָבער צי איז עס גערעכט אָדער נישט? ווער גאַראַנטירט אונדז, אַז דאַווידאָווסקי האָט נישט אויס־געטראַכט?

2 נאָר לאָמיר אַפילו אָנעמען, אַז דאַווידאָווסקי האָט דערציילט, דעם אמת, ד. ה. לאָמיר אָנעמען, אַז אַנשטאָט די עדות שטייט פאַר אונדז דאַווידאָווסקי אַליין, און געבנדיק אַן אונטערשריפט וועגן דער ריכטיקייט פון זיין גבית־עדות, זאָגט ער, אַז ער האָט אָנגעשריבן רכילות אויף דער רובינסאָן לויט אַסטראָווסקיס בקשה, איז ווער־זשע איז שולדיק? ער צי אַסטראָווסקי? מיר דוכט, אַז דער דאָזיקער חטא דאַרף באַלאַסטן נאָר אים ווי די פּערזאָן, וואָס איז דעם חטא באַגאַנגען, און נישט די אַסטראָווסקי. אַסטראָווסקי האָט נישט אָנגעווענדט קיין צוואַנגס־מיטלען, זי האָט אים נישט געצוווּנגען צו שרייבן, זי האָט נאָר געבעטן און ער האָט זיך געקענט אָפּזאָגן; און דאָס וואָלט געטון יעדער אָרנטלעכער מענטש, און ער האָט געדאַרפט טון. גרויסער דרך־ארץ פאַר דאַמען, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, קען נישט דינען פאַר אַ צוואַנג. —

3. פון די אומשטענדן פון דאַווידאָווסקיס דערציילונג אַליין איז קאָנ־טיק זיין נישט־אָרנטלעכקייט, זעט זיך אַרויס די נאַקעטע פאַלשקייט. ער דערקלערט, אַז אַסטראָווסקי האָט אים געבעטן, אַזוי ווי זי קען קיין רוסיש נישט, אָנשרייבן אַ טעלעגראַמע: פּונקט ווי די טעלעגראַף־סטאַנציע נעמט

נישט אָן קיין פּוילישע דעפּעשעס, פּונקט ווי רובינסאָן פּארשטייט קיין פּויליש נישט, אָדער פּונקט ווי אָסטראָווסקי אליין וואָלט נישט קענען שרייבן קיין פּויליש. דערווייל קען אָסטראָווסקי יאָ שרייבן. דער באַשול־דיקטער האָט פאָרגעשטעלט אַ בריוו געשריבן מיט איר האַנט, רובינסאָן פּארטיידיקט זיך אויף פּויליש און די טעלעגראַף־סטאַנציע נעמט אָן פּוי־לישע דעפּעשעס. —

אויפן סמך פון דעם, וואָס איז אויפגעוויזן געוואָרן, האָב איך גע־בעטן בייטן דעם פּסק־דין, וואָס איז ארויסגעטראָגן געוואָרן הינטער די אויגן און באַפרייען די אָסטראָווסקי פון אַ מישפּט און פון אַ שטראָף.

אַזוי איז טאַקע געווען.

3. דער בירגער „ק" איז באַשולדיקט געוואָרן אין גנבענען ברעטער.

(המשך קומט) —.

## 3

(המשך)

געווען ביי מיר ערשט רובינשטיין. פון אים בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז... אָבער כ'האָב אים צוגעזאָגט האַלטן דאָס בסוד... איך בין כ'לעבן אין דעם נישט שולדיק און כמעט באַלד נאָך מיין קומען האָב איך אוועק־געשיקט צו דיר מיין בריוו...

אויב דיך אינטערעסירט מיין געריכטלעכע פּראַקטיק, באַפּעל, מיין טייערע, און איך וועל דיר אַלע טאָג מודיע זיין די מינדסטע פּרטים. ווען איך וואָלט געקענט אַלע דיינע באַשעפטיקונגען, אַלץ, וואָס דו לייענסט, דיין מינדסטן איינדרוק פון לעבן, אפילו דיינע חלומות, וואָלט איך אַזוי פיל נישט געבענקט... און זיך נישט געלאַנגווייליקט. כ'וואָלט געלעבט מיט דיין לעבן, אויסגעשטודירט דיינע זיטן, זיך אויסגעלערנט צו טרעפן אַלע דיינע געפילן, אַלע פאַרלאַנגען פון דיין איידל האַרץ... דו וואָלסט מיר פאַר־שאַפט דאָס איידלסטע פאַרגעניגן!...

און די צייט שלעפּט זיך אַזוי! ווען וועלן שוין אָנקומען די ימים־טובים? און ווען וועל איך שוין ווידער (דערהערן) דעם זיסן מורמל פון דיינע ראָזע ליפּן? דערזען דעם העלן שטראַל פון דיינע קלאָרע אויגן? ווען, אָ, ווען ? !

דאָס באַאומרואיקט מיך און איך פאַרענדיק דעם בריוו מיט זיין אָנ־הייב: „דו האָסט מיך משוגע געמאַכט".

דיינער אויף אייביק

לעאָן יודאָוויטש פּרץ.

מיין ברודערס פרוי הייסט אויך נחמה, נאָר זי שרייבט זיך אונטער „נעטטי", ווי געפעלט עס דיר?

לעאָן.

איך בין אַזוי צערודערט געוואָרן, אַז ווענן איינעם פון די וויכטיק־סטע עינינים האָב איך כמעט פאַרגעסן. מיינע עלטערן, דער טאַטע און די מאַמע, פרייען זיך אַזוי מיט דיר, אַז ווייטער קען שוין גאָר נישט זיין. און ס'איז נישט קיין ווונדער. זיי ליובן דיך פון אַלע זייטן. דו וועסט באַ־קומען זייער בריוו, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז דיין פליכט אָנצו־שרייבן זיי פריער. מיין פאָטער הייסט יהודה, די מוטער ריבקה. קענסט זיי שרייבן איין בריוו.

„אונבעקאַננטערווייזע" — ווי גוט איך שרייב דייטש ? !

מיינע הארציקסטע גרוסן דיינע עלטערן, מיין שוועגערן, איר שוועס־טער, קינדער, מאַן א. א. וו., א. א. וו. דיר שרייב איך אין רוסיש, דו ווייסט שוין פאַרוואָס.

פאַרגעס אָבער נישט, אַז דאָס איז נישט קיין בריוו, נאָר אַ ריינער שמועס. — איך רייד מיט דיר. פאַרורטייל נישט דעריבער מיינע בריוו, אויב אַפילו זיי וועלן זיין פון אַ לייכטן אינהאַלט. דער עיקר איז, אַז קיי־נער איז נישט בכוח אַזוי ליב צו האָבן ווי עס ליבט דיך דיין

לעאָן.

איין זייטל איז ליידיק, דאָס טאָר נישט זיין, און איך חזר איבער מיין בקשה, אַז דו, מיין בעסטע, זאָלסט מיר שרייבן אַ סך, אַפילו זייער אַ סך וועגן זיך, וועגן די דייניקע א. א. וו. און פאַר דעם אַלעם וועל איך דיר זיין דאַנקבאַר! האָב מיך ליב!

לעאָן.

היינט איז ביי אונדז אַ יריד, איך אייל מיך אָוועקצושיקן דעם בריוו, ווייל שפּעטער וועט מען מיר שטערן — לעאָן.

וויפל מאָל האָב איך זיך אונטערגעשריבן?

## 4

(איבערזעצונג פון פויליש)

פאַרגעטערטע העלענע!

איך בין היינט צערודערט, טרויעריק און צעבראָכן. —

איך האָב אַ ברודער, וואָס האָט נאָך דער חתונה זיך אריבערגע־

צווינגען קיין גאליציע. פאַר ראש־השנה איז אים איינגעפאַלן צו פאָרן קיין רוסלאַנד מיט אַ גאַליצישן פּאַס און צוליב אַ מסירה פון אַן אומבאַקאַנטער פּערזאָן האָט מען אים אַרעסטירט אין דובנע און מ׳פירט אים מיטן עטאַפּ קיין זאַמאָשטש.

דער פּראָצעס שרעקט מיך נישט, מ׳וועט אים שוין ריינוואַשן, אָבער ער איז אַזאַ צאַרטער און אַזוי שוואַך געבויט, אַז ער וועט אומפאַרמיידלעך קראַנק ווערן. און איך האָב אַזוי ליב אָט דעם ברודער מיינעם, אַז די מינדסטע קלייניקייט מאַכט מיך משוגע. אָבער ער איז ווערט אַזאַ ליבע, אין אַ פרייער צייט וועלן מיר רעדן וועגן אים.

ס׳פאַרדריסט מיך, וואָס דער נעכטיקער בריוו איז געווען פול מיט נעריכטס־פּראַקטיק, איך האָב מורא, אַז דו ביסט מיר חושד, מיין טייערע, אַז דאָס איז אַ סיסטעמאַטישער פּועל־יוצא פון דער אידייע, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אין לענטשנע וועגן פרויען־אַרבעט! איך זאָג זיך נישט אָפּ פון מיין מיינונג, אָדער בעסער געזאָגט פון דער מיינונג פון דער גאַנצער וועלט דענקנדיקע מענטשן; פאַרקערט, איך האַלט איצט אויך, אַז פּאַני לעוואַלד האָט אויסגעדריקט דעם ריכטיקסטן אמת, זאָגנדיק, אַז „פרויען דאַרפן באַקומען אַזאַ דערציונג און בילדונג, וואָס זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט זיך אַליין אויסצוהאַלטן און זיך צו פאַרהיטן פון דער דערנידערונג צו מוזן חתונה האָבן צוליב געלט". קיינער זאָגט נישט, אַז אַ פרוי איז מחויב צו פירן אַ באַזונדער געשעפט, קיינער פאָדערט נישט דווקא, זי זאָל העלפן דעם מאַן אין זיין באַשעפטיקונג; יעדער ווייסט, אַז אַ פרוי, וואָס איז נישט קיין ליאַלקע, וואָס איר דעוויז איז נישט בלויז שיינקייט, וואָס איר ציל אין לעבן איז נישט קיין בעלער; וואָס איר האָריזאָנט באַגרענעצט זיך נישט מיט טענץ, וואָס איר נשמה שפּייזט זיך נישט מיט געמיינע מיאוסע רכילות; וואָס אחוץ דער פראַנצויזישער שפּראַך אָן אַ ידיעה אין איר ליטעראַטור, אחוץ דער פעיקייט אויסצושפּילן עטלעכע וואַלסן און אַבי־ווי צייכענען, — פאַרמאָגט זי נאָך אַנדערע וויכטיקערע קענטעניש; זי איז אַ גוטע ווייב, אַ גוטע מוטער, פירנדיק די באַלעבאַטישקייט, דערציענדיק די קינדער, באַגעגענענדיק דעם מאַן מיט אַ וואַרעם הארץ, אַריינברענגנדיק אין שטוב אָרדענונג, רואיקייט און ליבשאַפט — אַזאַ פרוי איז נישט קיין איבעריק באַשעפעניש אויף דער ערד! דער באַרוף פון מוטער און פרוי איז הייליק, באַלעבאַטישקייט איז טאַקע אַ וויכטיקער אָנשפּאַר אין אונדזער לעבן, אָבער יעדער וועט פאַרשטיין, אַז אַ מאַן לעבט נישט אייביק, נישט אייביק איז ער געזונט, אַז דער גורל

איז בלינד און פארפירעריש, אז קאפיטאל איז נישט אייביק, און אפט־מאל פעלן אוים ארבעטס־הענט אין דער מישפחה! וואס קען טון די שענ־סטע, די איידלסטע, די איבערגעגעבנסטע פרוי, ווען דער טויט רייסט אוועק ביי איר דעם מאן, דעם שווארצן ארבעטער, און זי בלייבט אן קאפיטאל און אן הילף? און אין יעדער לעבנס־סיטואציע דארף זיין א נחת דער פרוי, וואס איז געווינט צו זיין פארנומען, איז באהאווגט אין איר מאנס ארבעט און העלפט אים אין אלץ, אפהיטנדיק דערמיט זיין געזונט, אין א גרוי־סער מאס פארגרינגערנדיק זיין מי, האט זי דעם באוווסטזיין, אז זי לעבט נישט פוסט און פאס, אז אחוץ ליבע און רעספעקט קומט איר דער מאן נאך א דאנק אויך. „וואס פאר א גליק דאס איז!" — זאגט דער אנאנימער מחבר פון דער „נייטיקייט פון ארבעט פאר פרויען", ווען די פרוי קען, אנשטאט צו קלאגן אין א שווערער לאגע, זיך נעמען פלייסיק צו דער אר־בעט און העלפן דער גאנצער מישפחה אין אן עת־צרה!"

ווי געזאגט, האלט מען דאס פירן באלעבאטישקייט אויך פאר א מין ארבעט. אזוי ארום האבן מאן און ווייב ווי פרייוויליקע מענטשן דאס פולע רעכט זיך צו צעטיילן מיט דער ארבעט אויף דעם אופן, אז די פרוי פארנעמט זיך מיט דעם הויז און מיט דער קינדער־דערציונג און דער מאן מיט מיסחר. אבער כ'בין זיך מודה, ווען איך בין א פרוי, וואלט איך (נישט) אנגענומען אזא פארטיילונג.

טייערע העלענע! ס'וואלט זיך נאך געוואלט רעדן מיט דיר נאך און א סך... אבער איבערמארגן איז דער אראפפאר (פון געריכט און איך האב נאך א סך ארבעט. —

שוין אזוי אויך מין־הסתם דיר דערעסן מיט די בריוו, נישט ווארי?

דיינער אויף אייביק

לעאן יודאווויטש פרץ.

זאמאשטש, 1 סעפטעמבער 1877 יאר.

איך האב זיך דערמאנט, אז דו האסט נישט קיין בלאנקען, און דו באנוצסט זיך מיט דיין ברודערס. שיק איך דיר טאקע בלאנקען. דער דרוי־קער — א יידישער פאליאק, האט נישט אזוי ריכטיק אנגעשריבן דיין נא־מען, אבער עס שאדט נישט. — איך בין זייער פארנומען. — זיי מיר גע־זונט. צום ווידערזען, צום איינגענעמען ווידערזען!

דער המשך וועגן מיין געריכטס־פראקטיק ווערט אפגעהאלטן ביז דיינער א ספעציעלער באשטימונג וועגן דעם. —

לעאן

## 5

(איבערזעצונג פון רוסיש)

(המשך)

### „וועגן פרויען־ארבעט"

## 1

אין דעם דערמאָנטן בראָשורל „וועגן פרויען־ארבעט" ווערט גע־בראַכט מיללם מיינונג, וועלכער האלט, אז חתונה האָבנדיק קלייבט זיך די פרוי אוים א באַשעפטיקונג, פונקט ווי דער מאַן קלייבט זיך אוים א פראָ־פעסיע; וועגן איר קען מען זאָגן, לויט דער מיינונג פון דעם זעלבן גע־לערנטן, אז זי פאַרנעמט זיך מיט דער באַלעבאַטישקייט און מיט דער קינ־דער־דערציונג ווי מיט א פאַך אזוי פיל יאָרן לעבן, וויפל די זאַך פאָדערט עס, און דערפאַר זאָגט זי זיך אָפּ אויף דער צייט נישט פון אלע אנדערע ארבעטן בכלל, נאָר פון יענע באַשעפטיקונגען, וואָס וואָלטן איר גע־שטערט אויסצופירן אירע פליכטן. ג. נ. סאָלאָוויאָוו, וועלכער איז נישט מסכים מיט דער דאָזיקער מיינונג מיללס, זאָגט:

„אויב יעדע מיידל וועט מיינען, אז מיט פּראָדוקטיווער ארבעט דאַרף זי זיך פאַרנעמען בלויז ביזן ערשטן קוש, איז איר ארבעט א קורצטער־מיניקע און א צייטווייליקע און זי וועט קיין רעכטס שוין נישט אויפטון. שטעלנדיק דער געזעלשאַפטלעכער ארבעט פון דער פרוי א גרענעץ ביז צו דער חתונה, — פירט ווייטער ג. ס. זיין דערווידערונג, — פאַרשמעלערן מיר דערמיט גופא די דאָזיקע ארבעט, וואָרום קיין שום וויסנשאַפטלעכע אָדער דינסטלעכע קאַריערע קענען נישט אויסוואַקסן פולשטענדיק אין וואָסערע דריי, פיר אָדער פינף יאָר. אז די פרוי זאָל אין דער אלמנהשאַפט אָדער דערוויזנענער עקרהשאַפט זיך ווידער אומקערן דערצו, קען מען נישט רעכענען..." א. א. וו.

טיילווייז מוז מען מסכים זיין מיט ג. סאָלאָוויאָווס מיינונג. איך וואָלט אָבער געראָטן יעדער פרוי אויסצוקלייבן זיך איינע פון די צוויי קאַריערעס, אָדער ביידע צוזאמען: לערערײ און עקאָנאָמיע.

ביז זי האָט חתונה, אין דער צייט, ווען זי האָט נישט קיין קינדער, אָדער אין אן עת־צרה, קענען זיי זיין א מקור פאַר חיונה, אין אלע איבע־ריקע אומשטענדן פון לעבן קען די פרוי טון איר ארבעט ביי זיך אין דער

היים. פעדאגאָגיק איז דער הויפּט־יסוד פון קינדער־דערציונג. אויך עקאָ־נאָמיע איז דער באַזיס פון דער באַלעבאַטישקייט.

אָבער געבנדיק אַט די עצה, בין איך אַרויס פון דעם אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט, אויב מיר זאָלן אָנעמען פאַר דערוויזן, אַז די ביזן איצטיקן מאָמענט גילטיקע אַרבעטס־פּאַרטיילונג צווישן מאַן און ווייב איז די ראַ־ציאָנעלסטע און אַנדערש קען עס נישט זיין. —

אוודאי וואָלט אונדז אויסגעזען אויסטערליש אַ פאַמיליע, ווו דער מאַן וואָלט אויפגעצויגן די קינדער און דאָס ווייב וואָלט געפאָרן קיין דאַנ־ציק! ווו דער מאַן זינגט „אַליע לוליע" און דאָס ווייב פירט דעם מיסחר. פאַרוואָס אָבער?

בילעמס אייזל פרעגט: „צי בין איך געוווינט אַזוי צו באַגיין זיך מיט דיר?" (געדענקסט עס?) אמת טאַקע, אייזלען רעדן בלויז וועגן געוווינ־הייטן; מיר זענען געוווינט צו זען אין דער פרוי אַ ניאַנקע, אַ דינסט אָדער אַ ליאַלקע, און אונדז קומט אויס אויסטערליש, ווען די אַ ניאַנקע און ליאַלקע ווערט מיטאַמאָל מגולגל אין אַ מענטש און הייבט אָן צו טון ווי אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט! —

מיר קוקן אויף דער פרויען־עמאַנציפּאַציע אַזוי ווי די פּוילישע פּרי־צים אויף דער באַפרייונג פון די פּויערים. —

אַפילו פרויען אַליין האָבן מורא פאַר אַט דער פרייהייט, דאָס איז אָבער אויך קיין וווּנדער נישט; מיט דער זעלבער מורא האָבן די נעגערס אויפגענומען זייער גלייכבאַרעכטיקונג; די וואָס האָבן נישט קיין פרייהייט, האָבן מורא פאַר איר, פילן זיך נישט בכוח זיך אַליין אויסצוהאַלטן!...

דעם מיאוסטן מין אונטערדריקונג פון דער פרוי טרעפן מיר ביי אונדז יידן.

נישט קענענדיק גענוג רוסיש, וועל איך זיך באַמיען דיר איבערצו־זעצן עטלעכע העברעישע סטראָפעס פון י. ל. גאָרדאָנס פּאָעטיש ווערק אויף יידיש.

יודישע פרויא, אים בעקאַנט איז דיין לעבען:
שטילל ווערסטי געבוירען, שטיל ווערסטי פערלוירען;
דיין פרייד, דיין טרויער, דיין האָפנונג דיין שטרעבען,
אין דיר פּלאַמ'ט אויף, אין דיר ווערט'ס פערפרוירען!
ווען יעדערער לעבט ווען יעדערער גענעסט,
אויף דער פרייער וועלט ווען יעדען איז גיט
איז דיר נעבעך פינסטער, איין אייביגע דיענסט

פין שטיעב, פון געוועלב מאכסטי קיין טריט
מיהערט נישט ווען דיא לאכסט, מיהערט נישט ווען די וויינסט!...
אין וואס איז גאר ווערט דיין לעבן אין דער טהאט?
דיא טראגסט, דיא האסט, זייגסט אין אנטוויינסט
קאכסט באקסט אין פארגייסט פאר דער צייט!
וואס טויג דיין געפיעל? וואס העלפסט אז ד'ביסט שיין?
אז וואס עס זעהען ד'אויגען מאכט נאך די האנד?
דיין געפיעל איז פערלאכט, א זינד איז דיין חן
דיין פעאיגקייט א פעהלער, נאריש דער פערשטאנד.
דיין קול איז אסור, מיטאר עס נישט הערען
(מיטאר גאר נישט זעהען) (דיינע זיידענע האהר)
דער שרעקליכער יצר־הרע, ליגט דיר אויפ'ן שטערען
אין דיא ביסט אין גאנצען איין אויסוואורף דער נאטור!
ווען דיא בעטסט פאר דיין מאנן אויף געזינד אין הצלחה
הערסטי וואס ע ה ר בעט? לייגט צי די אוירען
עהר דאנקט דעם ליעבען גאטט, עהר מאכט א ברכה:
אז עהר איז קיין ווייבעל אין איין הייבל געבוירען!"

. . . . . . . . . . . . . . . .

מיט ווענען האסטי חתונה? ועסטי לעבען ביינאנט?
צי קעננסט דיא דיין חתן? צי איז ער דיר האלד?
אפילו דיא פ ר א ג ע ן זעננין דיר אים בעקאנט!
דער מאמען איז געפעללען! דער טאטי האט געוואלט!
דיא האסט עהם נישט געזעהן? צי וואל זאלל עס דיר?
דארך אזוינע זאכען ווערען תנאים נישט געשטערט!
נאר איידער דיא ביסט געבוירען, נאך 40 טעג פריר
האטט דיר שוין דער מלאך דיין זווג בעשערט!
ווער עס איז איהר קונה? ווי עהר זעהט אויס?
פעדרעק דיך מיט'ן שלייער! מאך צי דיא אויגען
לייג די זיידענע האר, אינטער דער שעער
דיין פרייאהייט, דיין יוגענד זעננען אוועק געפלויגען
דיא הערסט נישט פון זייא, דוא זעהסט זייא נישט מעהר!
וואס ווארפסט דיא מיט ד'אויגען? קיקסט דיך ארים?
ווילסט זעהן דיין חתן? דיא יאגסט דיך געשווינד!
איך זאג דיר פריר: ער איז בלינד אין קרים!

נאָר צי קוממט נישט קיין ווייב אַז מ'איז קרים אין בלינד?
אַז מיפּאַרקויפט אַ קיע, צי ווערט זי גאָר פרעגען
ווער עס איז איהר קונה? וויא עהר זעהט אויס?

ווער עס וועט זיא מעלקען וואָס איז איר געלעגען?
אביע מ'וועט זיא פירען אויף דער פּאַשע אַרויס!

דער מאַנן איז וויא דיא! אויך אים ערצויגען
עהר האָט דיך נישט געזעהען, קיינמאָהל נישט געקענט!
נאָך דער חופּה פליהען די קעסט פייל פין בויגען
נאָך דיא קעסט דער נדן פליט אינטער דיא הענד
דעמעלט זיכט עהר זיך פּרנסה ווען איינס אין דער וויעג
דאָס צווייטע בייא דער בריסט, דאָס דריטטע אין חדר!
דיא פּרנסה איז קליין, פּאַר'ן עולם נישט גענוג,
פערקויפט ער דאָס דרשה־געשאַנק, פערזעצט מען דיא קליידער!

. . . . . . . . . . . . . . . .

2

דאָס איז אַ טרויעריקע, אָבער אויף קיין האָר נישט איבערגעטרי־בענע באַשרייבונג.

ווייטער וועגן דער אַרבעטס־פּאַרטיילונג

איך האָב שוין גערעדט וועגן דעם, אַז געוויינטלעך שרייבט מען צו דער פרוי די באַלעבאַטישקייט און דעם מאַן דעם מיסחר. די זעלבע מיינונג טיילט אויך מילל. ווען דאָס הויזגעזינט — זאָגט ער — שפּייזט זיך נישט פון אַ פאַרמעגן (רענטע), נאָר פון פאַרהאָרעוועטן געלט, האַלט איך, אַז דער געוויינטלעכער סדר, ווען דער מאַן פאַרדינט און דאָס ווייב פירט די הוצאה, איז די פּאַסיקסטע אַרבעטס־צעטיילונג צווישן מאַן און ווייב. אויב אַחוץ פיזישע לײדן, קימפּעטן און דער פּולער שווערער אַחריות פאַר די קינדער און דער זאָרג וועגן זייער דערציונג קליינערהייט, נעמט די פרוי נאָך אויף זיך אַ פיזיסיקן אָנטייל אין דעם מאַנס פאַרדינסטן לטובת דעם אַלגעמיינעם וווילשטאַנד פון דער מישפּחה, נעמט זי אויף זיך נישט נאָר די גאַנצע העלפט, נאָר אַ היפּש גרעסערע העלפט פון דער גייסטיקער און פיזישער אַרבעט..."

איך וועל טון א טובה דיין שוועגערן, אויב איך וועל ווייטער ברענגען די ציטאטע, טו איך עס מיט פארגעניגן.

„אויב זי (דאס ווייב), זאגט מילל ווייטער, נעמט אויף זיך נאך עפעס א זאך, ווערט זי דערמיט נישט באפרייט פון די דאזיקע היתחייבותן, נאר עס שטערט זי בלויז ווי געהעריק אויסצופירן זיי. זי נעמט אוועק ביי זיך די מעגלעכקייט צו פארנעמען זיך מיט די געשעפטן און מיט דער באלעבאטישקייט, און קיין אנדערער וועט אזוי וועגן דעם נישט זארגן".

אבער פארוואס נישט? ווייל דער שטייגער איז, אז פאמיליע-עיניגים,ווירטשאפט און קינדער-דערציונג איז נישט קיין עסק פאר א מאנצביל. דער שטייגער איז ווידער דער שטייגער. אבער אויב מיר וועלן אוועקווארפן אט דעם איבערגעשפיצטן פארעלטערטן אויטאריטעט, וועט אונדז אפשר בעסער געפעלן ווערן דער געדאנק פון לואיזע אטטא, 1) א מיינונג, וואס איז אינגאנצן דער היפך פון מיללס. דער אמאליקער געזעץ, זאגט זי, וואס האט ארויפגעלייגט אויף דעם מאן דעם חוב אויסצוהאלטן דאס ווייב 2), האט געהאט אין יענער צייט א געזונטן זינען: אין יענער צייט האבן באלעבאסטעם געהאט א סך באשעפטיקונגען; אין יעדער באלעבאטישקייט זענען אומבאדינגט נייטיק געווען פרויען-הענט. די אלע ווירטשאפטלעכע פרא-

1) לואיזע אטטא — א שרייבערן און קעמפערן פאר פרויען-עמאנציפאציע (1895—1819), גרינדערן פון „אלגעמיינעם דייטשן פרויען פאריין" (1865).

2) כדי דיך צו בארואיקן, קען איך דיר זאגן, אז דאס דאזיקע געזעץ אין רוס. אנד האלט נאך אן ביזן היינטיקן טאג!

אונדזער געזעצגעבונג איז מחייב דעם מאן אויסצוהאלטן, ליב האבן און שאצן זיין ווייב, שיצן זי און האלטן די געטריישאפט צווישן מאן און ווייב. דערפאר איז די פרוי מחויב פאלגן דעם מאן ווי דעם ר א ש פון דער פאמיליע, האלטן אים מיט ליבשאפט און כבוד און איבערגעגעבנקייט, נאכגיין נאך אים אומעטום, ווו אים וועט ווילגעפעלן צו זיין (ארט. 208, 209 און 210 פון דעם געזעץ וועגן מאן און ווייב פון יאר 1836). איך האלט, אז דער געזעצגעבער, נעמענדיק אין אכט, אז א פאמיליע, ווי א באזונדערע אינסטיטוציע, דארף אנגעפירט ווערן דורך איין ראש, האט, ווי ד ע ר מ י נ ה ג א י ז, אפגעגעבן דעם מאן אויך די דאזיקע פריווילעגיע.

אבער וואס פאר א באציונגען דריגגען ארויס פון דער-א פריווילעגיע און וואס פאר א צופאלן? וויפל מאל זעען מיר ווי א שיכור, אן אויסוואורף און אן אידיאט א מאן פייניקט און האלט אומבאשטראפט אונטערן שרעקלעכן יאך די אוידלסטע, פלייסיקסטע פרוי! פארוואס איז פארווערט דער פרוי אנצורופן זיך מיט איר אייגענעם פאמיליען-נאמען (ארט. 212 פון דעם זעלבן קאדעקס)? פארוואס פארלירט די חתונה-געהאטע פרוי איר אייגענעם ווילן און קען כמעט גארנישט טון אן דעם רשות פון מאן? אין בעסטן פאל דארף זי בעטן ביים געריכט א דערלויבעניש צו שיצן אירע אינטערעסן (82, 183 א. אנד. פון ציווילן קאדעקס)? פארוואס? נאר דערפאר, ווייל די געזעצמאכער זענען מאנצבילן.

דוקטן פון ערשטן געברויך, וואָס ווערן איצט צוגעשטעלט דורך פאַבריקאַנטן און בעלי־מלאָכות, פלעגן דאַן אויסגעאַרבעט ווערן אין יעדן הויז גופא. אין שטוב האָט מען געקווילעט בהימות, געבאַקן, געוואַשן, איינגעזאַלצן, געפּרעגלט און קאָנסערווירט כל־המינים גרינסן און פּירות. אין יעדער באַלעבאַטישקייט פלעגן די צוגרייטונגען צוגעריכט ווערן אויף אַ פאַרשידענעם אופן. מען פלעגט אַליין אַפילו מאַכן זייף, און דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אַזוי פיל געניטשאַפט, השגחה און האָרעוואַניע, אַז יעדער מאַנצביל האָט געהאַלטן פאַר נייטיק חתונה צו האָבן און געזוכט אַ ווייב, וואָס זאָל זיין בכוח אויסצופירן די אַלע זאַכן גוט און מיט פאַרשטאַנד. אין יענער צייט האָט מען באמת געקענט אַ סך זאַכן זיך אויסלערנען און אַ סך אויפהיטן אין דער באַלעבאַטישקייט, בשעת ווען איצט איז שוין אַזאַ שטייגער לעבן און פירונג איינגאַנצן פאַרשוווּנדן. איצט וואָלט מען געקוקט אויף אַזאַ מין פירונג ווי אויף אַ קאָמישן און צו גאָר נישט ברענגענדיקן לוקסוס.

„ביי אַזעלכע אומשטענדן איז נישט נאָר די טעכטער, נאָר אויך חתונה־געהאַטע פרויען, וואָס האָבן קיין קינדער נישט, וואָס פירן נישט קיין פּאַנסיאָן אָדער האָבן נישט קיין אַנדער טעטיקייטס־קרייז, מוזן ממילא צוליב מאַנגל אין באַשעפטיקונג זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט, נישט ווייסנדיק ווי מען טוט אהין די צייט. אַזאַ ווייב צו האָבן איז באמת אַ צו גרויסער לוקסוס פאַר אַ היינטיקן מענטשן, ווייל צו פירן בלויז די באַלעבאַטישקייט איז גענוג די דינסט, און דעם ווייב וועט אפשר איבערבלייבן מער נישט ווי מאַכן דעם מאַן זיינע באַליבטע מאכלים און פאַריכטן זיינע וועש, אָבער אויך די אַרבעט קען אָפּטון דאָס דינסטמיידל... כדי צו זיין אַ געראָטענע באַלעבאָסטע, דאַרף מען זיך גאָרנישט אָפּגעבן דערצו אין גאַנצן; יעדער אַנטוויקלט, געבילדעט מיידל, אויב זי האָט ליב איר מאַן און וועט וועלן זיין זיין חברטע און געטרייע העלפערן, וועט גרינג קענען תופס זיין די דאָזיקע קונסט".

וואָס־זשע טוען די פרויען, וואָס זייערע מאַנען זענען פאַרמעגלעך און האַלטן, אָדער דערלויבן זיי צו האַלטן אַ צוויי, דריי דינסטן? מיט די קינדער פאַרנעמט זיך אַ לערער, אַ גוווערנער א. א., דער מאַן... מיט אים דאַרף מען זיך גאָרנישט פאַרנעמען... וואָס־זשע טוען אַזעלכע פרויען? די שיינע פאַרנעמען זיך מיט סקאַנדאַליעזע פּאַסירונגען, די מיאוסע — מיט לשון־הרע א. א. וו.

קיין ווונדער נישט, וואָס מען פאַרמעסט זיך אויף דער מענטשלע־

בער ווערדע פון אזעלכע פרויען, גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס זיי זענען בלויז ליאַלקעס, וואָס פאַר א מענטשלעכע ווערדע קען האָבן א ליאַלקע, מעג זיין א גרויסאַרטיקע?...

---

זיי מיר מוחל, טייערע העלענע, וואָס איך האָב זיך דערלויבט צו־צונעמען ביי דיר אזויפיל צייט. מיר דאַכט זיך, אז דו וועסט נישט זיין אויף מיר בייז, אויב דיין צוקונפטיקער לאָזט זיך דיר דערקענען פון אַלע זייטן פון זיין שטייגער דענקען...

דיין דיך ליבנדיקער
לעאָן

זאמאָשטש (אָן דאַטום)

6

(איבערזעצונג פון פויליש)

העלענע! מיין טייערסטע העלע!

איך בין איצטער משוגע, פאַרשיכורט פאַר גליק, איך שפּרינג און וויין פאַר שימחה...

אָ! דו ווייסט נישט, וואָס עס האָט זיך געטון ביי מיר אין האַרצן, וואָס פאַר א קלעמענישן, וואָס פאַר א ליידן און וואָס פאַר א טאַנטאַלאָס־יסורים!

די מוטער איז איינע אַליין אין שטוב, ווייל דער פאָטער איז אוועק־געפאָרן צום ברודער; אָפּגעשוואַכט פון תענית און פון קלעמעניש איז זי קראַנק געוואָרן, דער ברודער שלעפּט זיך „מיטן עטאַפּ" א געשמידטער אין קייטן און איך — איך האָב נאָך קיין תשובה נישט געקריגן פון מיין העלען! נאָך נעכטן ביינאַכט האָב איך געוויינט ווי א קינד פאַר מיין שדכן, פאַר רובינשטיינען! כ'האָב געוויינט, ווייל ס'איז באמת געווען צו פיל... און וויינענדיק בין איך 2 ביינאַכט אוועקגעפאָרן קיין רובעשויו (8 מייל וועגס). איך קום צופאָרן היינט ביינאַכט און מיר נישט דיר נישט — א דרייפאַכיק גליק וואַרט אויף מיר: איך טרעף דעם ברודער פריי, די מוטער געזונט און זיי — גיבן מיר 2 בריוו, וואָס זיי האָבן געקריגן פון דיר! פון מיין העלען!

אויף יום־טוב וועל איך שוין מיסתמא ביי אייך נישט זיין! דו קלעמסט זיך דערפון, איך קלעם זיך אויך! אָבער שטעל זיך פאָר: אויף די ערשטע טעג סוכות קען איך נישט, ווייל דער ברודער איז ביי אונדז גע־

בליבן אויף די טעג און גאָט ווייסט, ווען איך וועל זיך מיט אים זען... אויף די אַנדערע (טעג) קען איך אויך נישט, ווייל הושענה־רבה איז אַן אַראָפּפאָר פון די פרידנס־געריכטן. אָבער שרעק זיך נישט! גלייך נאָך סוכות וועל איך אַריינפאַלן צו אייך ווי אַ באָמבע! כ׳וועל אַריינפאַלן אַ גליקלעכער, אַ צעשטראַלטער, כדי צו זיין טאָפּל גליקלעך און דריי מאָל אַזוי פיל צעשטראַלט.

אָבער נעמענדיק די זאַכן קאַלט, פאַרשטיי איך נישט דיין בריוו און דאָס איז צוליב אָט די סיבות:

„ווען נישט דאָס וואָס איך האָב רחמנות געהאַט (שרייבסטו), וואָלט איך זיך נישט געאיילט מיטן ענטפער אויף דיין לעצטן (בריוו), וואָס וועגן אים וועלן מיר ריידן  ג ע נ ו י ע ר  פּה־אל־פּה״.

נאָכן דורכלייענען די ווערטער האָבן זיך ביי מיר דערוועקט דריי פראַגעס:

1. צי אונדזער קאָרעספּאָנדענץ גיט זיך אויך אונטער קאַפּריזן פון דער מאָדע, און האָבנדיק וואָס מיר מודיע צו זיין, מוזסטו דערוואַרטן מיין ענטפער אויף אַ בריוו וואָס איז שוין אָנגעשריבן? מיר דאַכט זיך... נאָר ניין, כ׳וועל עס דיר נישט זאָגן, ביז דו אַליין, מיין טייערע, וועסט עס אויפקלערן.

2. פאַרוואָס מיידסטו אוים אַ שריפטלעכע פאַרשטענדיקונג וועגן מיין „לעצטן״ בריוו? אין מיין בריוו האָב איך געשריבן, אַז איך רייס אַי־בער דאָס ווייטערדיקע באַשרייבן מיינע ענינים ביז דיין באַשלוס; פאַר־וואָס האָסטו דעם נאָך נישט אָנגענומען?

3. דער הארבסטער עינין איז פאַר מיר דאָס וואָרט „גענויער״; וואָס קען עס באַטייטן, אויב דער בריוו איז אַריבער איבער דער פראַגע שווייגנדיק?

כ׳בין שוין דריי נעכט נישט געשלאָפן, אָבער די פראַגעס וועלן מיך היינט אויך נישט לאָזן שלאָפן...

דו ווייסט אפשר נישט, און איך וויל דיך דערמיט נישט באַליידיקן, אַז ריינע ליבע איז אַזוי ווי אַ ציטערדיק בלעטל, וואָס דער קלענסטער שאָרך, דאָס מינדסטע ווינטל מאַכט זי אומרואיק און מאַכט אַן אימאַגי־נערן שטורעם!

דו דאַרפסט מיך איבערבעטן, מיין העלינקע! אָבער נישט דורך אַ בריוו, נאָר  פּ ה ־ א ל ־ פּ ה  און דאָס אין פולן באַטייט פון דעם לעצטן

װאָרט. — מײן אָבער נישט, אַז איך זאָל זײן אַביסל אין כעס, װײל אױף דיר קען נישט זײן אין כעס דײן
לעאָן פּרץ װאָס האָט דיך ליב
ביזן טויט.

---

זאַמאָשטש, דעם 9־טן סעפּטעמבער 1877.

7

(איבערזעצונג פון פּויליש)

טײערע העלענע!

דײן בריװ האָב איך באַקומען נעכטן אָװנט, זיצנדיק מיט אַ גרופּע פרײנט און מיט די עלטערן, װאָס האָבן בײ מיר פאַרבראַכט ביז 12 בײ־נאַכט. דעמאָלט ערשט האָב איך זיך געקענט נעמען ראַדיקאַל איבערצו־לײענען דײן בריװ און ראַדיקאַל דיר צו ענטפערן, װאָס צוליב דעם בין איך אװעק שפּעט שלאָפן און בין אױפגעשטאַנען מיט אַ קאַפּװײטיק. ס׳דוכט זיך מיר, אַז עמעץ האַקט מיר מיט אַ בײטש איבערן מוח און צע־שפּאַלט אים אױף טױזנטער שטיקלעך. איך בין אָבער צופרידן דערמיט. דער פאָטער, שױן זײענדיק בײ מיר, האָט אױסגעפּרעסט פון מיר אַ צוזאָג, אַז כ׳װעל נישט אַרױסגײן, האָב איך, הײסט עס, אַ פרײַע מינוט פאַר מײן טײערער העלענע!

װעל איך דיר דערצײלן װעגן אַ טרױעריקער געשעעניש פון מײן אַדװאָקאַטישן לעבן. באַלד נאָך מײן עקזאַמען האָב איך אָפּגעקױפט, מיט דער כװנה צו קריגן פּראַקטיק, אַ װעקסל פון אַ ייד פון זאַמאָשטשער נײ־שטאָט אױף אַ סומע פון 24 רובל באַצאָלנדיק 50 פּראָצ. געװוּנען אין גערינכט, האָב איך נישט געװאָלט זײן קײן אַכזר און — איבערגעצײַגט זיך, אַז דער ניטען איז זײער אָרעם, האָב איך אים אײנגעטײלט דעם חוב אױף חודשדיקע (אײנרובלדיקע) ראַטעס. כ׳האָב געהאַלטן, אַז איך האָב געטון דעם חוב פון אַן אָנשטענדיקן מענטש, און אַז קײנער קען מיך נישט אָנרופן בעל־מחלוקת. ס׳איז מיר גאָרנישט אײנגעפאַלן, אַז דעם אָרעמאַן זאָל דאָס פאַלן צו לאַסט.

מע דערצײלט, אַז אײנער זײער אַ רײכער דײטש, אַן אונטעראױװוּנ־דיקער ליװלקע־ציער, האָט בשום־אופן נישט געקענט תופס זײן, װי אַזױ

שטאַרבט עס אַ מענטש פון הונגער. — מימה־נפשך: האָט אויסגעפּעלט לעבנסמיטל, קען מען דאָך עסן ברויט מיט פּוטער! — האָט געזאָגט אונ־דזער פילאַנטראָפּ, גלעטנדיק זיך איבערן בייכל, וואָס איז געשטאָפּט געווען מיט וואַלד־הינער און אויסטערן, נישט פאַרשטייענדיק, אַז פון דער שווער־סטער אַרבעט האָט מען צומאָל נישט אויף אַ טרוקן שטיקל ברויט.

און ווען ס'איז אַריבער זעקס אָדער זיבן חדשים, און כ'האָב נישט באַקומען פון בעל־חוב קיין איין שילינגער, בין איך געוואָרן אין כעס און פאַרגאַנגענעם פרייטיק האָב איך גענומען אַ דראָשקע און בין אַוועקגע־פאָרן מיטן קאַמאָרניק זיך נוקם זיין...

— מיר זענען אַריין —

פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס טרויעריקסטע בילד אין לעבן. דאָס שטיבל איז געווען פּוסט און העסלעך. די ווענט, אָפּגע־שיילט דורך די הענט פון דער צייט, האָבן געוויינט מיט טרערן און פייכט־קייט. קיין מעבל איז אינגאַנצן נישט געווען, אחוץ איין סאָפּקעלע פון מתושלחס צייטן. און אויף דער דאָזיקער סאָפּקע... איבערגעדעקט מיט שמאַטעס, איז געלעגן דאָס איינציקע לעבעדיקע נפש אין דער שטוב: אַ קראַנק מיידעלע מיט אַ בלאַס־געלער הויט און צוגעמאַכטע אייגעלעך.

די געלע הויט און דער אָפּטער מאַטערדיקער הוסט האָבן דערציילט וועגן אַ טרויעריקער קראַנקייט: וועגן דער האָפענונגסלאָזער שווינדזוכט.

דערהערנדיק אונדזערע טריט, האָט די קראַנקע קוים מיט מאַטער־ניש אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויפעפענענדיק די האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן, האָט זי מיט שרעק געקוקט אויף אונדז.

מיט אַזעלכע אויגן — האָב איך זיך אַ קלער געטון — קוקט אַ שע־פעלע אויפן אונטערקומענדיקן וואָלף...

— דער טאַטע איז נישטאָ, פאַניע — האָט זי אַרויסגעקרעכצט — די מאַמע איז געגאַנגען אין גאַס אַריין...

מיר האָבן געעפנט ס'מויל, אָבער קיינער פון אונדז האָט נישט גע־פונען וואָס צו זאָגן. אַ שטילשווייגן. און ווי שולדיקע האָבן מיר אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ. דאָס האָט דרייסטער געמאַכט ס'קינד.

— פאַרוואָס באַאומרואיקט איר אַ קראַנקע? — האָט זי געזאָגט מיט אַן אומעטיק קול וואָס האָט געריסן דאָס האַרץ, פאַרהוסטנדיק זיך אַלע ווײַלע — איר וועט מוחל זיין, וואָס איך קען אייך נישט אויפנעמען, האָט זי צוגענעבן מיט אַ געוויסן שטאָלץ און מיט אייזקאַלטער העפלעכקייט.

— מיר וועלן צוואַרטן — האָט ערנסט אַ זאָג געטון דער קאַמאָר־

ניק — מיר קומען אהער אין נאָמען פון מלכות און געזעץ; כ'בין נישט געוווינט צו בעטן, מען זאָל מיך אויפנעמען... דער קול איז געווען צו שארף.

דאָס מיידל האָט אַ קרעכץ געטון און האָט אומעכטיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן האַרטן צוקאָפּנס פון דער סאָפקע.

— נעמט כאָטש אַראָפּ ס'היטל — האָב איך שטיל אַ זאָג געטון צום קאָמאָרניק, ווען כ'האָב באַמערקט, אַז ער טוט דאָס נישט. צער האָט אַ שאַרף אויער:

— אַן איידעלער מענטש! — האָט ס'מיידל אַ זאָג געטון מיט אַ שטילער איראָניע. די ווערטער, קוים דערהערטע, האָב איך געטראָפן לויטן ציטער פון אירע ליפּן. כ'האָב זיך פאַרקלערט... כ'האָב זיך געפילט אַראָפּ־געפאַלן. כ'האָב זיך געפילט אומעכטיק קעגן אַ שוואַך, קראַנק קינד. כ'האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און ווען כ'האָב זיי אויפגעהויבן, האָב איך דער־זען אַ רחמנות־טרער אין דעם קאָמאָרניקס אויג; אַ טרער, וואָס האָט באַנעצט די וויעס פון אַ מענטש, וואָס מוז שטענדיק זיין אַן עדות פון פאַרשידענע צרות, וואָס זיין האַרץ, אויב ס'איז נאָר פעיק דערצו, דאַרף פלאַצן אויף שריט און טריט... יעדע מינוט, ביים אויספירן זיינע פונקציעס...

אָט דאָס טרויעריקע בילד איז געוואָרן פשוט שרעקלעך, ווען ס'איז באַלד נאָכדעם אַריינגעקומען די באַלעבאָסטע פון שטוב. דערזעענדיק אונדז, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ פון אַ דערשראָקענער היענע. זי האָט געקוקט אויף אונדז מיט צעמישטע, פאַריאושטע אויגן, און ווען דער קאָמאָרניק האָט, קומענדיק צו זיך, אין נאָמען פון מלכות און געזעץ דער־קלערט דעם ציל פון אונדזער באַזוך, האָט איר פאַרצווייפלונג נישט גע־האַט קיין גרענעץ. זי האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, די אויגן זענען איר פאַרלאָפן מיט בלוט און זי האָט אַרויסגעגעבן פון זיך שרעקלעכע, אָבער אומפאַרשטענדלעכע געשרייען...

— מאַמע! באַרואיק זיך — האָט וויינענדיק אַ זאָג געטון דאָס קראַנ־קע קינד — דער טאַטע וועט קומען און וועט זיך געבן אַן עצה. גאָט וועט נישט פאַרלאָזן...

אָבער דער מאַטערדיקער הוסט האָט איבערגעריסן די טרייסטווערטער. די ווערטער האָבן געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דער מוטער.

— ביסט גערעכט, טאָכטער — האָט זי געזאָגט — די הערן וועלן אונדז גאָרנישט טון... אַלץ איז פון דער השגחה. מען מוז ליידן! מיינע הערן! איך בין גרייט אייך צו דינען... מאַכט שוין אַ תל אינגאַנצן...

— אויב דער באַלעבאָס פון שטוב, אונדזער חשובער בעל־חוב,

איז נישטאָ, מוז ביים סעקוועסטער אַסיסטירן אַ פּאָרשטייער פון דער פּאָליציי... — האָט מיט ווערדע און כּלומרשטער קאַלטבלוטיקייט דער קאַמאַרניק אַרויסגערעדט — קומט, האָט ער זיך געווענדט צו מיר. מיר וועלן עמעצן אַ זוך־טון...

מיר זענען אַרויס אומגעזעגנט. דאָס וואָלט געווען צביעות.

אויף דער גאַס פרעגט מיך דער קאַמאַרניק:

—צי ווייסט איר, אַז נאָך אַ מיליציאַנט וואָלט איך געקענט שיקן וועמען ס'איז?

— כ'פאַרשטיי...

— און דאָ האָט איר זיך אַנגעשטויסן, פאַרוואָס כ'האָב אייך אַרויסגעפירט פון שטוב?

— כ'האָב זיך אַנגעשטויסן!

— ובכן?

— לאָמיר פאָרן

דער דראָשקער האָט אַ קנאַל געטון מיט דער בייטש און באַלד האָבן מיר דערזען די זאַמאָשטשער מויערן.

כ'האָב אָפּגעאָטעמט.

— וויפל קומט אייך? האָב איך געפרעגט אַ צערודערטער דעם קאַמאַרניק.

— אַ גלעזל ביר מיט פאַרבייסעכץ.

דער איידעלער קאַמאַרניק האָט געקראָגן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט און איך — פון דעמאָלט אָן — קויף איך נישט קיין וועקסלען פאַר קיין שום געלט נישט!

לעאָן

## 8

(איבערזעצונג פון פויליש)

טייערע העלענע!

מיר איז אומעטיק, דיר בענקט זיך — אָבער דאָס אַלץ וועט פאַרשווינדן ווי אַ חלום, מיר וועלן זיך אויפוועקן צו אַ נײַ לעבן...

כ'וויל נישט זיין אומעטיק, אונדזער שוועסטער איז אינגאַנצן געקרעכט! אין דער איצטיקער מינוט האָסטו שוין באַקומען מיין צווייטן בריוו, דער איז דעריבער געווידמעט דער צוקונפט.

דאָס מעבל איז שוין איינגעקויפט, איצט פאַרמאָגן מיר אָט־וואָס:
א גאַרניטער פאַר 90 רו"כ מיט א טישל אויף קאָרטן,
אַן אַלטן גאַרניטער,
א שאַפּקעלע אויף א קרעדענץ,
א שרייבטיש,
3 טישן (צום לייענען, א סאַמאָוואַר־טישל, און — צום שרייבן, אָדער אין עס־צימער אריין),
א ביכער־שענקל (א געפלאָכטנס),
אַן אייזערן בעטל (פאַר דער דינסט),
א טישלאָמפּ,
2 בעטן,
א שפּיגל
פון אונדזערע עלטערן א. א. וו., א. א. וו.

איצט רעכן מיר אויס, וואָס ס'פעלט נאָך:
פון מעבל,
פון קליניקייטן,
פון קיך־געשיר א. א. וו.

אַלץ איז אין אָרדענונג און דאָס אַלץ וועט ווערן איינגעקויפט. איך וואָרן דיך אָבער, אַז אָן דיין בפירושן באַפעל וועל איך נישט קויפן.

אחוץ דעם וויל איך זיך מיט דיר אָן עצה האַלטן בנוגע מיין גאַרדעראָב: כ'האָב צוויי שוואַרצע גאַרניטערס און איין פראַק, אָבער אַלע נישט קיין פרישע. צי וואָלט איך זיך נישט געקענט באַגיין אָן א גאַרניטער, אויב כ'וועל האָבן א נייעם פראַק?

וואָס פאַר א פוטער זאָל איך זיך מאַכן?

א שוואַרצער גאַרניטער קאָסט דאָס מינדסטע 40 רו"כ, א פראַק — 18, און א פוטער — 60 — 70.

כ'וואַרט מיט אומגעדולד אויף דיין באַפעל און עצה. זאָג מיר נישט אָפּ די בקשה און גיב מיר וואָס גיכער צו וויסן אי דאָס אי יענץ, ווייל טון דיין ווונטש וועט זיין פאַר מיר דער ליבסטער חוב.

קיין דירה האָב איך נאָך נישט געדונגען צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, ווייל גאָר א באַקוועמע איז נישטאָ, צווייטנס ווייל איר זענט מיר נישט מודיע, ווען ס'דאַרף זיין אונדזער פאַרייניקונג.

פון יעקבן האָב איך נישט קיין שום תשובה. דאָס דערנערווירט מיך. פאַרט עמעץ פון אייך קיין וואַרשע צי נישט? אויב דו וועסט פאָרן קיין

לובלין, לאָז מיך וויסן, ווען דו וועסט דאָרט זיין און קליב נישט אויס די טעג פון אראָפּפאָר.

דער משוגענער קאָרנגאָלד! מיר האָבן אָפּגערעדט צו מאַכן דיר אַ סורפּריז, דערוויל איז ער ערגעץ אַוועקגעפאָרן און מ׳זעט אים נישט, ער האָט אַ גרינעם בילעט. אַלטבערג — אַ וויסן.

און ווי געפעלט דיר דער בריוו? אמת, ס׳פעלט אים נישט קיין פראַזע, קיין קאַלטקייט און קיין אויסגערעכנטקייט? אָבער איך מוז זיין ניכטער און זיך פאַרנעמען מיט דעם, וואָס ס׳וועט אונדז אַמאָל אָנגענעם מאַכן דאָס לעבן. מען זאָגט אויף מיר, אַז כ׳שאַץ ווייניק אָפּ דעם ווערט פון געלט, וואָס ס׳איז נישט אמת. איך גיי נאָך ווייטער: איך שאַץ צו ווייניק אָפּ דאָס אַלץ, וואָס מען קען קויפן פאַר געלט! ווען נישט דער שמועס אין לענטשנע, וואָלט מיר אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז מעבל וכדומה האָט עפּעס אַ באַטרעף, אָבער כ׳מוז אייך צוליב טון און כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳האָב אייך שוין טיילווייז צוליב געטון. איך וואָלט גע־וואָלט, אַז דאָס אַלץ זאָלסטו אַליין שפּעטער איינקויפן, דו וואָלסט עס בעסער געמאַכט.

לאָז־זשע מיך נישט איבער אויפן האַלבן וועג און באַלערן מיך ווי אַזוי צו פאַרענדיקן דאָס אָנגעהויבענע ווערק. אויסטערלישע זאַכן קומען פאָר אין זאַמאָשטש! היינט האָט געדאַרפט זיין אַ באַל. איצט איז שוין 12 און כ׳בין נאָך נישט פאַרבעטן. כ׳טרייסט זיך, אַז ס׳איז אינגאַנצן קיין באַל נישט געווען, כ׳ווייס אפילו די סיבות!

אַ גאַנצן חנוכה האָב איך נישט געמאַכט קיין „אַקע", כ׳בין פאַר־נומען. —

פרעגסט זיך נאָך וועגן מיינע עניינים. איז אַזוי: בעת יענעם (?) אראָפּפאָר (פון פרידנס־געריכט) האָב איך געהאַט 9 עניינים, איינעם האָב איך בטל געמאַכט דורך אַן אויסגלייך, דריי פאַרשפּילט, דריי געוווּנען און איינער איז אָפּגעלייגט געוואָרן, כדי דורכצופירן אַ וויזיע.

היינט האָב איך צוגעגרייט 6 עניינים איינצוגעבן. כ׳האָב אָנגענו־מען 2 אויפן קומענדיקן אראָפּפאָר. מאָרגן וועל איך איינגעבן דעם ערשטן און איבערקוקן דעם צווייטן.

אויפן 5־טן אָקטאָבער האָב איך 5 צעטלעך צום גמינע־געריכט אין גראַבאָוויעץ, די טעג וועל איך באַקומען 6 צעטלעך קיין אַלט־זאַמאָשטש און איינעם קיין קאָמאַרעוו. גראַבאָוויעץ איז 5 מייל פון זאַמאָשטש; אַלט־זאַמאָשטש — 2, און קאָמאַרעוו 2 אַ האַלב. אויפן 1־טן אָקטאָבער האָב

איך 3 געריכטס־עינינים ביים פרידנס־ריכטער אין זאמאָשטש. דעם צווייטן — איין עינין דאָרטן גופא, דעם 3־טן און 4־טן אַן אַראָפּפאָר. אַט איז מיין גאַנצער רעפּערטואַר, חוץ וואָס עס קען און דאַרף נאָך צוקומען דער־צו. חוץ דעם דאַרף איך די טעג מאַכן 3 סעקוועסטערס 1) און זיין לכל־הפּחות אויף איין באַל.

קען מען דען אויסהאַלטן? „ווען וועט איך אויף אונדזער גאַס זיין יום־טוב" — זאָגט דער רוס. לאָמיר־זשע וואַרטן און זען, ווי מיר וועלן זיך נודען מיט די געסט. און אַז זיי וועלן אַוועקגיין? אמת, ס'וועט זיין בעסער?

מיין געהילף, דער קוזין מ. אַלטבערג, האָט זיך מיר געכטן מודה געווען, אַז ער האָט ביז אַהער בסוד געלייענט מיינע און דיינע בריוו. דיין סטיליסטיק געפעלט אים זייער, ער האָט דיר דאָס געהייסן לאָזן וויסן און גריסן דיך מיט „הכנעה"; אויב דו ווילסט, נעם אָן זיין שבח און זיין הכנעהדיקן גרוס. אַ פּראָפּאָ די גרוסן: סלאָמיצקי איז נאָך אין וואַרשע!

מיין בריוו איז לאַנג, אָבער מאָגער, כ'ווייס איך רייטל זיך, אָבער כ'קען נישט זאָגן קיין ליגן: כ'בין איצט נישט אין קיין פּאָעטישער שטי־מונג. כ'בין אין אַ ווירטשאַפטלעכער שטימונג. אַ גאַנצן טאָג האָב איך געשריבן און געקויפט מעבל.

צי וועסטו מיר נעמען פאַר אומגוט דעם בריוו? צי וואָלסטו גע־וואָלט, אַז כ'זאָל אָפּוואַרטן מיטן בריוו אויפן רוח־הקודש? צי איז דיר נישט גענוג דאָס וואָרט „כ'האָב ליב" אָן הויך שוועבנדיקע צוגאָבן?

אויב ס'איז אַזוי, טאָ זיי מיר מוחל! כ'וועל פאַריכטן מיין פעלער. בכל־אופן וועל איך דעם בריוו ענדיקן אינגדערפרי... דאָס וועטער איז אַזוי מיאוס, פינצטער, נאַס און קאַלט, אַז — וויל יאָ, וויל נישט — מוזט זיך אונטערגעבן דער נאַטור. ביז מאָרגן! ביז מאָרגן, מיין טייערע! וואָס ס'וועט זיך מיר חלומען, וועל איך דערציילן! איך זאָג צו זיך אויסצו־בעסערן. אַ גוטע נאַכט!

כקוש דיינע הענט
דיין
לעאָן

---

1) דאָס איז באַגלייטן דעם קאָמאָרניק ביים אויספירן זיינע פונקציעס און דאָס איז נישט זייער אייננעמנעם. אייננס וועל איך מאַכן ביי אַן איינגעשפּאַרטן פריינט אויפן חשבון פונעם אַנדערן! (?)

## 9

(איבערזעצונג פון פויליש)

טײַערע העלענע!

אָט איז שוין, גאָט צו דאַנקען, נאָכן אַראָפּפאָר! כ׳האָב געהאַט 7 עיניניס, פון זײ 2 קרימינעלע. כ׳בין אַרויס מיט אַ ניצחון, כ׳האָב געוווּנען 5, פאַרשפּילט אײנעם (אַ ציווילן), דעם 1־טן האָב איך בטל געמאַכט — די צדדים זענען דורכגעקומען. אָבער נאָך אַלעמען — וואָס פאַר אַ מאַטערניש עס איז דער אַראָפּפאָר. לכתחילה האָבן מיר כּמעט געהאַט געזעלשאַפט. אונדזער אַריסטאָקראַטיע פון בײדע מינים איז נײַגעריק געווען צו זען, ווי אַזוי מישפּט מען עס און מען פאַרטײדיקט אויף רוסיש, ד. ה. אין דער שפּראַך פון „סמאָלע״, אָבער זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז נישט קײן שטאָף פאַר וויצן, האָט מען זיך אויפגעהערט צו ווײַזן.

ס׳איז אויך געשען אַ סיבה, אײנער פון די פאַרטײדיקער האָט געלימן אַ פּיאַסקאָ — מען האָט אים געכאַפּט בשעת־מעשה, וואָס שמעקט מיט קרימינאַל. די אויספאָרשונג גײט. וואָס איז דערפון געדרונגען? איצט וועט מען זאָגן: „דער ייִד דער שווינדלער״.

אָבער, אָבער: כ׳האָב אַ פולן קאָפּ מיט אַראָפּפאָר, אַז כ׳האָב פאַרגעסן זיך צו באַדאַנקען פאַר דער פאָטאָגראַפיע, וועלכע איז מיר אַראָפּגעפאַלן ווי פון הימל. נישט באַקומענדיק דערצו קײן שום בריוו, קען איך נישט גלייבן, זי זאָל שטאַמען דירעקט פון דיר.

כ׳קען אָבער נישט פאַרשטײן דעם פּלאָנטער מיט דער פּאָסט! דאָס לעצטע מאָל האָב איך אויף מײַנע דרײַ בריוו באַקומען אײן פאָטאָגראַפיע.

נישט האָבנדיק קײן מעגלעכקײט צו קאָנטראָלירן, בין איך נישט זיכער, צי די דערמאָנטע בריוו זענען כּמעט דערגאַנגען צו דיר! גאָט ווײסט!

גאָט, מײַן גאָט! וואָס פאַר אַן אָרדענונג איז עס דאָרטן אויף דער פּאָסט!

דער יונגער קאָרנגאָלד וויל דײַן פאָטאָגראַפיע מאַכן אין קאָלירן. איך דערלויב אים אָבער נישט, ווײַל כ׳בין נישט זיכער, צי ער האָט טאַלאַנט. דעם אמת זאָגנדיק, איז די פאָטאָגראַפיע גאַנץ מיטלמעסיקע אַרבעט, די סיטואַציע איז עפּעס גאָר אָן אַ זינען, און ווען כ׳וואָלט דיך נישט געקענט, וואָלט איך געהאַלטן, אַז דו ביסט אומגעשיקט און עלטער מיט עטלעכע יאָר.

דײַן פאָטאָגראַפיע פאָדערט פּירושים. יעדן אײנעם מוז איך טײַטשן

עפּעס אנדערש. ווי ס'זאָל נישט זיין, האָט זי מיר אָבער פאַרשאַפט די גרעסטע הנאה און כ'דאַנק דיר אויפריכטיק פאַר איר.

כ'האָב מיך שוין עטלעכע מאָל געקליבן קיין לענטשנע, אָבער כ'האָב עס צוליב דיין שולד נישט געקענט דורכפירן. די מעשה איז, וואָס ביי אייך אין דער היים איז נישטאָ קיין איין מאַנספאַרשוין. דער פאָטער איז אין פּעטערבורג, דער ברודער אין דאַנציק, פּאַסט מיר נישט צו פאָרן, כ'וואָלט דיך באַליידיקט. האָסט מיר נישט באַדאַרפט אָנזאָגן, אַז דער פאָטער איז אַוועקגעפאָרן — וואָלט איך נישט געוווסט און פאַר־טיק. דאָס איז נאָך גאָרנישט וואָס איך ווייס, אָבער אַלע ביי אונדז ווייסן שוין אויך.

יאָ, יאָ, מיין העלענע, כּל־זמן ס'וועט נישט צוריקומען דער פאָטער אָדער דער ברודער, טאָרן מיר אַפילו נישט חלומען וועגן זען זיך. גע־זעלשאַפטלעכע מינהגים זענען אומבאַרירלעך. די עטיקעטע דאָס איז אַ גרויסע קאַלטע הארנטע, זי טרעט מיט איר פוס מענטשלעך גליק, און קיינער האָט קיין העזה נישט זיך צו קלאָגן.

און ווען דו וואָלסט אַזוי פון העלער הויט מיר מודיע געווען, אַז עמעץ פון זיי איז געקומען צופאָרן? וואָס מיינסטו? און ווען טאַקע מיינען עס צו קומען אָט די וואַנדערער? אויף יעדן פאַל וואָלט דאָס ערשטע גע־ווען אַ חטא, וואָס מ'קען פאַרענטפערן, איך וואָלט דיר דער ערשטער מוחל געווען דעם ליגן, נישט אמת?

העלענע! האָב רחמנות, זיי נישט אַזוי קאַרג אויף בריוו. שרייב אָפטער און מער, ווייל די נודע הרגעט מיך דאָ אַוועק. — כ'בין נישט געזונט שוין עטלעכע טעג, אָבער דאָס איז גאָרנישט. ס'רעגט מיך בלויז אויף דער דאָקטאָר, וועלכער וואַגט, שטעל דיר נאָר פאָר, צו האַלטן, אַז איך בין געזונט. אָבער אַ געלעכטער אָן אַ זייט. דער אַראָפּפאָר האָט מיך אויסגעמאַטערט, און ווען נישט די פאַרזיכערונגען פון מיין פריינט דעם דאָקטאָר, וואָלט איך געטראַכט וועגן די קאָנסעקווענצן פון דער קראַנקייט! אָבער ער האָט מיר פאַרשריבן אַ קאָטלעט מיט רויטן ווײַן; אַ ביטערע רפואה, אָבער מ'טאָר נישט איבערקלייבן! דער חולה מוז פאָלגן דעם דאָק־טאָר, זיסט קען ער נאָך גיכער — געזונט ווערן.

העלענקע! זיי מיר מוחל, וואָס אין מיינע בריוו איז דאָ אַ לייכטער שפּאַס... נעם נישט פאַר אומגוט מיין גוטע שטימונג, וועלכע וואַקסט ארויס פונעם גליק, וואָס דו האָסט מיר פאַרשאַפט!

אין גליק און אין פרייד

פרעג איך זיך אַליין:
אַן דיר, אָן דײן ליבע
װאָס װאָלט איך געװען?

װאָס איך װאָלט געװען? אַ לאַנגװײליקער, אַ קאַלטער, אַ לײדנדי־קער... און איצט?

כ׳װײס, פאַר װעמען כ׳אַרבעט שװער,
כ׳װײס, פאַר װעמען כ׳שטרענג זיך אָן;
און אױב יסורים שװערע װי שטײן,
רופן אַרױס אַמאָל אַ טרער,
ס׳בלײבט נישט אָן אָן אָפּקלאַנג דאָס געװײן,
װײל ליבע זי איז דער מלאך דער היטער
װאָס צירט דאָס לעבן
און לאָזט דעם טױט נישט זײן ביטער.

פּע! װאָס עפּעס טױט! צו יונג זענען מיר צו זינגען אַזעלכע ניגונים!

איך װיל לעבן — און מיט דיר — װײל אױף אײביק ליבט דיך
דײן משוגענער
לעאָן.

איך נעם זיך רשות דיר צו מאַכן אַ באַמערקונג, מײן טײערע, אַז באַנוצן אױף אַן עקספּרעס „יעװאָ װױסאָקאָראָדיו" איז — נישט... נישט... נישט אױפן אָרט און שױן! כ׳בין נישט קײן „בלאַגאָראָדיע", נאָר דײן אײביק דיך ליבנדיקער

לעאָן.

19־טן אָקטאָבער 1877.

## 10

(איבערזעצונג פון פּויליש)

טײערע העלענע!

דו שרײבסט, אַז איך קען זיך נישט פאָרשטעלן װאָס פאַר אַ יסורים מען שטײט אױס, װען מען באַקומט נישט קײן ידיעות. ס׳איז מאָדנע, װאָס דו פאַרשטײסט נישט, אַז די יסורים קען איך אַלײן! און מיר קומט אָפּטמאָל פאָר, אַז דו, מײן טײערע, קענסט גאָר קײן השגה נישט האָבן פון מײנע יסורים. װען כ׳װאָלט נישט מורא געהאַט, אַז דו װעסט מיר פירהאַלטן פאַרשװענדערישקײט, װאָלט איך זיך מיט דיר דורכגערעדט

טעלעגראפיש, מחמת די לענטשנער פּאָסט איז מיר שוין צו פיל אריין אין די ביינער. אזוי צי אזוי, איז דיין אומרו, גאָט צו דאנקען, געווען אומזיסט. דער ברודער מיינער איז ארויסגעפאָרן פון דאנען געזונט ווי א פיש. מיר האָבן שוין אפילו באַקומען זיינע בריוו פון לעמבערג און פון זבארעזש. מיר דאכט, אז אויך דיר האָט ער שוין געוויזן סימנים פון לעבן. — ס׳איז אונדז באמת שווער געווען זיך צו שיידן, אָבער מיין אויסדרוק: „מיט וועמען כ׳וועל זיך שוין גאָט ווייסט ווען זען״ — דארף מען נישט מעסטן נישט מיט אייביקייט, נישט מיט קיין יאָרהונדערט, נישט מיט קיין יאָרן אפילו, מחמת יוסף מוז זיין אויף אונדזער חתונה. און איך קען א דאנק דיר, העלענקע, נישט זיין אזוי אומגליקלעך. קרענקען איז נישט מיין טבע, און אויב דו באַקומסט פון מיר נישט קיין תשובה, מעגסטו פארשעלטן אייער פּאָסט, אָבער זיין אומרואיק, איז נישט וואָס. — דו ווילסט. איך זאָל דיר שרייבן וועגן די עינינים. דו ביסט גערעכט און האָסט רעכט צו פאָדערן פון מיר דערקלערונגען וועגן דעם מאטעריעלן יסוד פון מיין עקזיסטענץ, אָבער איך קען דיין פאָדערונג נישט אויספירן, מחמת דו ענטפערסט מיר נישט וועגן דעם עינין, כ׳קען דעריבער נישט וויסן, אויף וויפל דו האָסט מיך פארשטאנען, וועלכע אויפקלערונגען דו דארפסט האָבן א. א. וו. דו שרייבסט ווידער, אז ווען כ׳וואָלט געקאָפּירט מיינע בריוו אזוי ווי דו, וואָלט איך אזא מין בריוו ווי מיין פריערדיקער נישט אָנגעשריבן. דו זאָגסט, אז די סיבה פונעם בריוו האָט געמוזט זיין א שלעכטע שטימונג... ווייל ווען נישט דאָס, וואָלט איך דיך, האלטסטו, נישט חושד געווען, אז דיינע בריוו גייען דורך א פרעמדע צענזור!

פון די ווערטער דרינג איך, אז דו האָסט זיך באליידיקט, אז דאָס האָט דיר ווי געטון און דיך פארדראָסן — און אז אין דיין ברוגז האָסטו אָנשטאָט דער צענזור פון דיין אייגענעם שכל גאָר איינגעזען, אז איך שרייב וועגן א פרעמדער צענזור.

העלענע! צי האָסטו כאָטש געקענט אויף איין רגע טראכטן, אז איך וויל דיך באליידיקן, צי האָסטו געקענט דערלאָזן דעם געדאנק, אז שרייבנדיק צו דיר, ד. ה. טראכטנדיק וועגן דיר, האָב איך געקענט זיין אין א שלעכטער שטימונג? איך גלייב נישט... נאָר אויף יעדן פאַל, אויב דער בריוו מיינער האָט גורם געווען דיין ווייטיק, דיין כעס כאָטש אויף איין רגע, אויב דו האָסט אפילו אויף איין ווײַלע זיך געפילט אין גע־דאנק געטראָפן — בעט איך ביי דיר מיט טרערן: זיי מיר מוחל!

וואָס איז שייך קאָפּירן, זאָג איך זיך אָפּ בפירוש, ווייל אין אזא

פאל וואלט איך קיין בריוו נישט אנגעשריבן קיינמאל, מחמת ביים איבער־שרייבן מאך איך א ים מיט גרייזן, כ'מאך נאר קאליע באפיר און מער גארנישט. א ראיה האסטו פון מיינע רוסישע בריוו, וואס ווערן צוליב דורכגענעצטקייט איבערגעשריבן און זיי האבן אין זיך כמעט אזויפיל גרייזן וויפל ווערטער.

---

ווייסט וואס פאר א מעשה ס'האט פאסירט מיט דיין פאטאגראפיע? קיינער האט נישט געוואלט גלייבן, אז איך זאל נישט האבן דיין פאטא־גראפיע. ס'איז מיר געבליבן אדער שווערן פאלש אדער זי צו ווייזן. כ'האב אויסגעקליבן דאס לעצטע. כ'האב געוויזן. אויב אזוי, איז שוין נישט געווען וואס צו באהאלטן מער, האב איך געקויפט א רעמל און דיין פאטאגראפיע שיינט אויבנאן אויף מיין שרייבטיש. יעדער איינער פרעגט, ווער פון די דריי איז די הערשערן פון מיין הארצן און צוליב דעם האב איך געמוזט יעדערן איינעם דערציילן די גאנצע מעשה מיט דער פאטאגראפיע. יעדער איינער האט פירגעהאלטן, וואס דו האסט מיר נישט געגעבן דיין אייגענע. וואס־זשע האב איך געזאלט טון? אראפ־נעמען דיך פון טיש איז מיר געווען א שאד, כ'האב זיך נישט געקענט צע־שיידן מיט דיין בילד, לסוף איז מיר געקומען א גליקלעכער געדאנק: כ'האב דורכגעפירט א אפעראציע... ווי א רעזולטאט פון דער אפעראציע איז פרל. גאלדבערג איינינעם מיט דער צווייטער פריילן אוועק אין קויש אריין און דו ביסט ביי מיר פארבליבן איינע אליין אין מיניאטור. כ'האב מורא אריינצוקוקן אין קויש, ווער ווייס וואס פאר א נאז עס מאכט דארט פרל. גאלדבערג... ...!Requiescant in pace

---

נעכטן איז ביי מיר געווען א יידל פון שעברעשין (?)... ער איז א לענטשנער געבוירענער און קען דיין גאנצע מישפחה חוץ דיך... ווייל ער קוקט נישט אויף קיין יונגע פריילנס. ער האט דיך אבער זייער געלויבט פון הערן און ס'האט אים זייער פארדראסן, וואס דו קריגסט א מאן א „גוי", וועלכער זיצט אין דער היים מיטן בלויזן קאפ, מחמת דו קענסט נאך אליין קאליע ווערן!

אפשר שרעקסטו זיך אויך!

---

צו דיין דערמאנען וועגן די נודנע, לאנגע טעג פון די יום־טובים, קומט נאך צו מיין פארדראס, וואס כ'האב נישט געקענט פארן צו דיר.

אויך איך האָב גוט פאַרבראַכט, דעם גאַנצן שמיני־עצרת און שימחת־תורה האָב איך נישט גענעסן און נישט געשלאָפן און כ׳האָב קוים געקענט דאַווענען...

אוי, איז דאָס אַ מאַטערניש דער אַראָפּפאָר!

כ׳רייס איבער דאָס שרייבן, מחמת דער פרידנס־געריכט לאָזט מיך נישט לעבן אין פרידן.

כ׳פאַרבלייב

דיין לעאָן

די איבעריקע בריוו וועל איך אַרויסשיקן מיט דער צווייטער פּאָסט.

לעאָן.

געליבטע פרוי שוועגערן!

כ׳האָב מיט דאַנק געלייענט אייער בריוו. איך האָף, אַז איר וועט נישט לאַנג געדענקען דעם ברוגז און שטייענדיק אינגיכן אין אַ נעענטער קרובהשאַפט, וועלן מיר אונדזערע הערצער נישט לאָזן מיט זיך (?).

פאַרוואָס שרייבט צו מיר נישט העלענקע נומ. 2 אַליין? צי איז עס פאַר מיר אַ צו גרויסער כבוד? אָדער זי איז אַזוי נישט באַשטענדיק ווי „דער קאָרעק אויפן קלויסטער”. —

צו אייער מאַן, גנעדיקע פרוי, האָב איך געשריבן קיין טויערן און כ׳וואָרט יעדן טאָג אויף זיין בריוו.

כ׳פאַרבלייב מיט דרך־ארץ און דאַנק, גרייט אייך צו דינען,

לעאָן פּרץ

## 11

(איבערזעצונג פון פויליש)

טייערע העלענע!

דיין בריוו, וואָס פאַרשיכורט און איז פול מיט ליבע, האָפענונג און גליק, האָב איך באַקומען. אָ! וואָס פאַר אַ לוסטיקער חלום! מיר האָבן אין חלום צוזאַמען פאַרברענגט אין לובלין, געקויפט עפּעס קליינינקייטן און געפּלוידערט זייער פריילעך! דער חלום איז גאָר פּראַכטיק, אָבער ווי פאַר מיר צו אומשולדיק. מיינע חלומות זענען שענער! מחמת אַלץ שפּילט זיך אָפּ אין זאַמאָשטש און מיר קויפן קיין זאַך נישט איין, ווייל מיר זענען זאַט איינער מיטן אַנדערן און ס׳פעלט אונדז

קיין זאך נישט... מיר זענען אין אונדזער אייגענער דירה... דו קוקסט אויף מיר מיט דיין מילדן שטראליקן בליק און איך גנבע א קוש נאך א קוש פון דיינע ליפן... דו וועסט געווים מודה זיין, אז איך קען בעסער חלומען...

אבער ווייסט וואס פאר א פארדראס איך האב? שטעל זיך פאר, אז איינער פון דיינע בריוו איז פארפאלן געווארן אויף דער פאסט. כ'טרייסט זיך בלויז מיט דעם, וואס אינגיכן וועט שוין נעמען א סוף צו אונדזע־רע שריפטלעכע באציונגען.

ס'פרייט מיך זייער, וואס מיין יוסף איז דיר אזוי געפעלן געווארן, אבער ווארף זיך נישט אזוי מיט דיינע קושן, ווייל דאס איז מ י י ן אוצר. אייפערזיכטיק וועל איך אבער נישט זיין, ווייל קושן אויפן פאפיר האבן א קליינע ווערדע, איבעריקנס צוזאגן איז געגארן; אבער מיין יוסף איז גאר נישט קיין נאר...

אבער א געלעכטער אין א זייט.

דיין פאטאגראפיע געשיקט, אזוי ווי דו האסט עס פארלאנגט. כ'בין נייגעריק צו וויסן, ווי דו וועסט אים געפעלן ווערן, ווייל קיין שום בריוו האב איך פון אים עד־היום נישט באקומען, מחמת כ'האב צו אים ביז אהער נישט געשריבן. „אנשרייבן א בריוו איז איינע פון די שווערסטע זאכן אין דער וועלט" זאגן לייט. אוי, גלייב איך זיי! דערצו נאך, אז מען איז אזא פוילער ווי איך.

אין ווארשע האב איך א סך פריינט. פון יעדערן האב איך שוין בא־קומען צו עטלעכע בריוו און אנשרייבן א תשובה האב איך מכלומרשט קיין צייט נישט, ווייל כ'פויל מיך...

א דאנק דער פארשאלטענער פאסט האט זיך אין אונדזער קארעס־פאנדענץ אריינגעכאפט א כאאס. כ'וויים קיינמאל נישט, אויף וועלכן בריוו כ'האב דיר צו ענטפערן... פראגעס בלייבן נישט פארענטפערט און אויב איך דערוויס זיך שוין עפעס, איז שטענדיק נישט צו דער צייט... די געדאנקען ווערן פארפלאנטערט און פון קיין גאנצקייט איז קיין סימן נישטא... כ'קען קיינמאל נישט נאכקאנטראלירן, וואס כ'האב דיר גע־שריבן, און דערפאר ווייס איך נישט וועגן וואס כ'דארף דיר מודיע זיין, ס'רייסט זיך א פעדעמל נאך א פעדעמל, ס'פארבלייבט נאר איין גאלדע־נער פאדעם, וואס ארום אים פלעכטן זיך אונדזערע געדאנקען, ווי בלע־טער פון ווינשטאק — אונדזער ליבע און דער גלויבן אין ליבע... א, ווען וועט שוין מקוים ווערן מיין חלום! —

זיי מיר געזונט, מיין טייערע, ביז צום ליבן זען זיך, ווו ווילסטו, אין לובלין צי אין זאמאשטש? א גוטע נאכט!

עס ליבט דיך אייביק

דיין לעאָן

זאמאָשטש 21"טן אָקט. 1877.

טייערסטע שוועגערן!

דאנקענדיק אייך פון גאנצן הארצן דערפאר וואָס איר געדענקט גנעדיק אין מיר, ווענד איך זיך צו אייך מיט דער בקשה מודיע צו זיין מיר דעם אדרעס פון אייער מאן, פון מיין חשובן שוואָגער. איך דאר; אים עפּעס צו וויסן טון וועגן אונדזערן א שותפישן ענין. איך גרים מיין קליינער, חנעוודיקער העלענקען, כ'וואָלט וועלן זי א קוש טון, אָבער דירעקט, ווייל קיין צאצקעלעך האָב איך נישט ליב!...

מיט דרך־ארץ

לעאָן פּרץ

---

(איבערזעצונג פון פּויליש)

טייערסטע העלענע!

בין איך נישט געווען גערעכט, האלטנדיק אין איינעם פון מיינע בריוו, אז איבער אונדז הענגט עפּעס א פאטום פון אומפארשטענדעניש:

זאָג, ביז וואנען וועט שרעקן
אונדזער ליבע דער נישטיקער געשפּענסט,
צי וועט נישט פּטור ווערן פונעם געשפּענסט
די ריינע ליבע... דער שותפישער גלויבן?

ווידער אן אומפארשטענדעניש! ווידער א קלאָגן זיך! באשולדיקסט מיך... ווארפסט מיר פאָר — שאַרף, אָבער (דיינע ווערטער) פארדינטער־הייט!

איך ווער באשולדיקט אין אומקאָנסעקווענץ, צווייפּנימדיקייט... כ'האָב פארטיידיקט די עטיקעטע און כ'האָב עובר געווען אויף דער עטי־קעטע... נישט וואָר?

דו האָסט געזאָגט, אז דו ביסט צופרידן פון מיין גוטער שטימונג, וועל איך דיר אויפזינגען א קראקאָוויאקל:

וואַקסט אַ קוסטעלע אין פעלד,
מאַלינעס צעבליען זיך,
כ'האָב האַרציק ליב אַ מיידל,
בלאָזט זיך אָבער ס'מיידל!
ס'זינגט אומזיסט דער סאָלאָוויי
די רויז טוט נישט קיין ציטער,
מיין מיידל בייזערט זיך
און ס'איז מיר אומעטיק אויף דער נשמה.
אָדער אַנדערש:
וואַקסט אַ קוסטעלע אין פעלד
און גרעזלעך אויף דער לאָנקע,
אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק צו זיצן
איז נישט קיין שפּילעכל...
זיצן טו איך זיצן
אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק
און וואַרט אויפן פּסק־דין
אין דעם מישפּט מיינעם.
אָבער גאָט מיינער, גאָט, איך זינג מיר לוסטיק
און דער באַשולדיקער קנייטשט דעם שטערן פאַר כעס,
טרייסלט זיך איינגאַנצן פאַר כעס,
ווי יופּיטער שטרענג און גרויסמוטיק —
ער באַשולדיקט... דער שטראָם וועריטער קאַכט און שפּריצט
ווי דער ים צעוויגט דורכן ווינט,
וואָס וואַרפט מיט די כוואַליעס אין די אָפּגרונטן
ווי מיט אַ פּילקע.
זיין שטים הילכט איבערן זאַל מיט אַ שרעקלעכן דונער
ער איז שוין לאַנג אַנטשוויגן געוואָרן — דאָס עכאָ ציטערט נאָך!

---

ווער איז מיין באַשולדיקער?
דיין כעס, אַ האַרינטע!

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

ס'איז צוגעפאַלן די פינצטערע נאַכט,
חושך שטיל אומעטום!

א שרעקלעכער באשולדיקער —
ווער וועט מיך פארטיידיקן?
שטיל... פלוצלינג האט א געטלעך וואונדער־ליכט
באלויכטן דאס געריכט, מיט א שטראליקן שטערן
האט זיך באוויזן דער פארטיידיקער — אין בליק אזויפיל חסד,
אז כ׳האב פארשטאנען: ער איז א מלאך!
א וואונדערלעכער... די אויגן באטויט מיט א טרער...
א פערלדיקע טרער פון לייטזעליקייט!
און זיין שטימע איז אומעטיק, מלכותדיק,
דריקט ארויס א טרער רחמנות פון א שטיין.
א, די רירנדיקע שטימע, די מילדע,
טרויעריק, ציטערדיק, זינגעוודיק,
צי וועט זי נישט רירן די ריכטער?
נישט אויסלייזן מיין נשמה?
ער האט פארטיידיקט און איז אנטשוויגן געווארן — דער ציטער
פונעם עכא קלינגט נאך אפ אין זאל...
מען האט מיר פארגעבן...
ווער איז מיין פארטיידיקער?
דיין ליבע, א הארינטע!

---

דאס איז אבער דער פסק־דין פון דער ערשטער אינסטאנץ און לויטן אורטייל פון סענאט, אלציינס פון וועלכן יאר, נומער און עינין, קען מען זיך ווענדן מיט אן אפעלאציע. גלייבנדיק בכן אין מיין אומ־שולד — מעלד איך, אז איך נעם נישט אן די פארגעבונג און איך פא־דער בפירוש, מען זאל מיך אנערקענען פאר אומשולדיק.

מאטיוון:

איך בין מודה, אז די עטיקעטע קען קיניגן נאר אויפן פיעדעסטאל פון דער עפנטלעכער מיינונג, און אזוי ווי די עפנטלעכע מיינונג איז, ווי ס׳האט געזאגט איינער א ליטעראט, נישט עפעס אנדערש ווי די מיינונג פון א שוטה געכפלט אויף טויזנטער מיינונגען פון טויזנט נארישערע שוטים, הייסט עס, אז ווען מען ווארפט ארונטער דעם פיעדעסטאל, פאלט ממילא די גאנצע דינאסטיע פון דער עטיקעטע — איך בין דאס מודה, אבער נאר ווען עס גייט אין מיין פערזאן... ווען עס גייט אבער אין דעם טייערסטן באשעפעניש, — איז אוועק מיט דער מיינונג פון דעם חכם־

עתיק, איך וויל נישט פארליידן אפילו קיין שאָטן פון שטויב אויף מיין דימענט!

וואָס שייך דער פאָטאָגראפיע, איז שוין עפּעס אנדערש... אויב די גאנצע וועלט וועט מיר זאָגן, אז מיין טייערסטע איז נישט שלאַנק אָדער נישט שיין, וועל איך גלייבן, אז — די וועלט האָט פארלוירן די פיינסטע קליעפּקע, ווייל, זאָגט מיר, איך בעט אייך: צי קען א מלאך זיין נישט שלאַנק? נישט שלאַנק א מאָדאַנע? דאן וועל איך זאָגן, אז די וועלט איז א ריזיקער שפּיטאָל פאר בלינדע לא־יוצלחם און פארטיק.

דאָס איז בקיצור מיין גאַנצע פארטיידיקונג, בעט איך דעריבער מיט הכנעה דעם גנעדיקן ריכטער בטל צו מאכן דעם פּסק־דין אונטער די אויגן, אַנערקענענדיק מיך פאר אומשולדיק.

איך וואַרט אויף דער גנעדיקער רעזאָלוציע.

בריוו מיט „יעוואָ בלאַהאָראָדיו" האָב איך באַקומען דריי (נישט כסדר). קיין צושריפט צו דער חשובער געליבטער שוועגערן איז אין זיי נישט געווען... און הגם אין א ריכטער־טאָגע, זיי זיך מודה, אז דו קענסט זיך טועה זיין... כאָטש עס פארגעטערט דיך ווי א הייליקע

דיין
לעאָן.

דער בריוו איז נישט ריין געשריבן, כ'האָב אָבער נישט קיין צייט איבערצושרייבן — „טשע כאַטא באָגאַטאַ טעם ראַדאַ".

די גרייזן פארעכן אויפן חשבון פון איילעניש.

דיין
לעאָן.

## 12

(איבערזעצונג פון פויליש)

טייערע העלענע!

אַן ענטפער אויף מיינעם א בריוו (מיט פערזן דורכגעפלאָכטן) איז געווען דיין קלאָגן זיך, אז דו ביסט נישט פּאָעטיש. אָפּגעלייקנט האָט עס דער בריוו, וואָס איך האָב נאָר וואָס באַקומען. דו פילסט נישט מין־הסתם, וויפל אוצרות פּאָעזיע איז פאראן אין דיין הערצעלע! דער בריוו דיינער האָט די אוצרות אַרויסגעגעבן. ווי א בת־מלכה אין א מעשהלע איז גע־שלאָפן דיין פּאָעזיע, דער בן־מלך — דאָס געפיל — האָט זי אויפגעוועקט.

וואס פאר א שפיל פון געפילן!... אט ברעכט זיך איבער דער שטראל פון גליק אין דער פערלדיקער טרער פון בענקשאפט, אזוי טוט זיך דאס שטילע שעפטשען פון א תפילה פארבינדן מיט דער נאכטיגאל־שטים פון צארטער ליבע אין א כישופדיקן דועט.

דער שטראל פון זיסער האפענונג שטילט דעם טונקעלן ווייטיק און — איבער דעם אלעם הויכט דער הייליקער אטעם פון גלויבן!

„גאט מיינער! אויב כ'האב מיר נישט פארדינט אט דאס גליק, באַ־שער מיר, איך זאל צו אים ראוי זיין אין דער צוקונפט".

בלויזט אט די תפילה האב איך געקענט ארויסברענגען, בעת כ'האב איבערגעלייענט דיין בריוו אין געריכט, נאכדעם ווי כ'האב פארטיידיקט א שווערן עינין, וואס כ'האב פארשפילט. . . . . . . . .

כ'האב געהאט נישט קיין איבעריקס גוטן אראפפאר. פון 9 עינינים האב איך 4 פארשפילט און 2 בטל געמאכט דורך אן אויסגלייך. —

. . . . . . . . . . . . . . . .

מיר דוכט זיך, אז... אדער ניין, כ'וועל נישט אויסזאגן... ערשט אין עטלעכע טעג ארום... דאס מאל סודותדיקע רייד נישט קיין פוסטע. אבער מיר דאכט, אז כ'וועל ווידער זיין בלאס... כ'וועל זיך נאר באמיען נישט געשטרויכלט צו ווערן... אויסהאלטן דא קען איך שוין נישט . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

שרייב מיר גענוי: צי דו פארסט קיין ווארשע און ווען און ווי לאנג וועסטו דארט פארברענגען...

פארגעס נישט וועגן יעקבס אדרעס.

כ''איל זיך צום אראפפאר, מוז איך ארויסנעמען די מאנפאפירן פונעם קאמארניק.

נרים אלעמען און זיך!

דיין לעאן

נאוועמבער 18, 77.
לעוו יודאוויטש פרץ.

## ב. צו דער פרוי 1)

## 13

טייערע העלענע!

נישט מיט דעם איינעם וואָרט „זיי מוחל” האָב איך דיך געוואָלט איבערבעטן. צוליב דריי טעמים דאַרף איך קריגן דיין מחילה:

1) ס'איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז דו וועסט די ערשטע אַ בריוו אָנ־שרייבן! בעט איך דערפאַר צו געדענקען אין די הבטחות, וואָס מען גיט דעם מאַן!

2) כ'האָב דאָך נישט געקענט שיקן אַ בריוו פון וואַרשע, נישט האָבנדיק אויפגעטון נאָך גאָרנישט. און וואַרטן אויף יענקלען האָב איך דאָך געמוזט... וועגן דעם וועלן מיר רעדן פּנים־אל־פּנים. —

3) דער וויכטיקסטער טעם איז, אַז די ליבע איז מוחל... אין נאָמען פון דער אַ ליבע אונדזערער בעט איך, טייערע העלענע, זאָלסט זיך נישט נעמען צום האַרצן די ווייטערדיקע ידיעה: דער דר. הייסט מיך וואַרטן נאָך עטלעכע טעג! אָקאָרשט קער איך זיך אום פון אים און אָט ערשט האָב איך געקראָגן 4 רעצעפּטן, פאַר וועלכע כ'וועל מיסתמא דאַרפן באַ־צאָלן אין אַפּטייק ביי אַ וואָסערע 3 רו"כ.

דערפאַר אָבער פאַרזיכערט דער דר., אַז כ'וועל אָוועקפאָרן אַ גע־זונטער אָן שום מעגלעכקייט פון אַ רעצידיוו.

העלענע! וויינען ווילט זיך מיר, ווען כ'טראַכט וועגן דעם איינדרוק, וואָס די ידיעה וועט אויף דיר מאַכן! איך שטאַרק זיך איינצוהאַלטן, ווייל יענקל הייבט שוין אָן צו לאַכן.

איך דאַנק לוציאַנען פאַרן טאָג־בוך. לעאָפּאָלדס בריוו און שליסע־לע האָב איך אָפּגעגעבן, נאָך די ביכער האָט זיך קיינער נישט געמאָלדן. העלענע! קענסט זיך נישט אויסמאָלן, ווי דאָס בלייבן מיינס איז מיך

---

1) אַלע בריוו צו דער פרוי און צו דעם זון — איבערגעזעצט פון פּוי־לישן אָריגינאַל. — רעד.

מצער, אָבער דערויף איז קיין עצה נישטאָ! מען דאַרף איין מאָל א סוף מאַכן און אומקערן זיך א געזונטער.

ווייסט, וואָס ס׳איז מיר איינגעפאַלן? שרייב מיר וואָס דיר איז, וועל איך אַריינגיין צו טיפּכאָווסקין און זיך מיט אים מישב זיין.

העלענע! כ׳גיי איבער פון מיין האָטעל אין יענקלס האָטעל. ס׳וואָלט מיר אומעטיק געווען אַליין!

כ׳האָב געמאַכט א מלבוש און זיך געקויפט א קאַפּעליוש מיט א פּאָר באַקוועמע קאַמאַשן.

גערשזאָן נעמט זיך שוין גרייטן. זייט מיר געזונט און פריילעך.

דיין

לעאָן

אויב ס׳וועלן זיין עניינים פאַר מיר, בעט איך דיך נישט אָנצונעמען קיין שום מעלדונגען. אָדער — אונטערשרייבן מיך און באַשטעטיקן און דורך עמעצן באַזאָרגן.

דיין

לעאָן

לוציאַן! פיר זיך אויף ווויל. וואָס כ׳האָב צוגעזאָגט, האָב איך געקויפט. דיין בריוו איז אַלעמען געפעלן און מען האָט דיך געלויבט.

לעאָן

## 14

טייערע העלענע!

איך בין געווען ביים דאָקטאָר. ער האָט מיר געהייסן מאַכן א פּאָר וואַנעס און ערשט שבת וועט ער מיר ענדגילטיק געבן אן עצה. ער האָט מיר דערביי פאַרשריבן א רפואה. מאָרגן וועל איך געוווויר ווערן, צי זי וועט אין טעם זיין בעסער אָדער ערגער פון די זאַמאָשטשער רעצעפּטן. די ווירקונג — פאַרזיכערט דער דר. — איז גאַראַנטירט.

כ׳וועל זיך איבערטון אויף דעם „אָוונט". איז צום ווידערזעען! . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

1 אַזייגער. כ׳האָב זיך אַרויסגעגנבעט אויפן ענגלישן שטייגער. כ׳האָב זיך אַפילו מיט די באַלעבאַטים נישט געזעגנט. מיין גאָט! וואָס פאַר א קאָלעקציע נעז! נעז לאַנגע, געשוואָלענע און קרומע! קיין איין לייטישע נישט. אונדזער „אַלטע מאַדאַם" איז געווען די קיניגן פון באַל!

דאָס הייסט, זי וואָלט געווען, ווען זי וואָלט, ווי אַנדערע, געהאַט דעם גע־העריקן נדן! דער מענערישער מין איז אויך בכבודיק געווען פּרעזענטירט! נעז און נעז! כ׳בין זיכער, אַז צום ווייניקסטן אַ יאָר צייט וועלן זיך מיר חלומען סאַמע נעז. ס׳זענען געווען בלויז קרובים, עטלעכע באַקאַנטע, נאָ־טאַנס חברים, סטודענטן און... האָבן נישט אַנגענומען די פאַרבעטונגען. זיי האָבן אַ חוש־הריח, זיי האָבן דערשמעקט אַ קאַלטע וועטשערע! אַ פּראָ־פּאָ — וועטשערע — ס׳האָט מיר עמעץ געזאָגט, אַז אַ קאַלטע וועטשערע קילט אָפּ די גרעסטע היץ פון די קאָנקורענטן. זאָל ק. נישט האָבן גע־ווסט וועגן דעם? בערנאַרד איז נישט געווען. ער איז נישט קיין נאַר: ער האָט זיך פאַרענטפערט מיטן ווייבס קראַנקייט. וואָס וואָלט איך געגעבן, ווען אפילו גערשנזאָן וואָלט קראַנק געוואָרן? כ׳וואָלט בעסער געוואָלט צו אים רופן אַ קאָנסיליום, אויפּוועקן צען אַפּטייקן און אַ גאַנצע נאַכט אים צולייגן קאָמפּרעסן, איידער צו ווערן באַשטראָפט אויף — איבער־צוקוקן אַ קאָלעקציע נעז! —

— אין טעאַטער בין איך געווען נאָר איין מאָל! ווי אַזוי דאָס גע־שעט, ווייס איך נישט, נאָר די טעג אַנטלויפן ווי „שאָטנס פון פליענדיקע פייגל". כ׳האָב גאָרנישט געטון און ביז אַהער האָב איך קיין איין מינוט קיין צייט נישט געהאַט. כ׳הייב באמת אָן בענקען אַהיים. די טרויעריקע געדאַנקען פאַרטרייב איך ווי זלידנע פליגן. וואַרשע האָט שוין אויך באַ־וויזן איינצושרומפּן מיין פּאַרנאָ. כ׳ענדיק נישט דעם בריוו. כ׳בין שרעק־לעך מיד. און דו? דו שלאָפסט שוין אין דער צייט און איך וועל זיך באַ־מיען איינצושלאָפן, כ׳בין שרעקלעך מיד, די פען פאַלט מיר אַרויס פון דער האַנט. —

כ׳בין אויפגעשטאַנען אַרום 10. די נעז האָבן מיך יאַקאַש געלאָזט צו רו. כ׳בין געווען דערפאַר אין זאַמאָשטש אין דער היים. אָבער נישט מיט דיר. דו ביסט אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד. עטלעכע טעג האָב איך נישט געהאַט פון דיר קיין בריוו. כ׳בין געזעסן אויפן פּאָטעל אַ פאַרבענק־טער, אַן אומעטיקער און לוציאַן האָט ביים צווייטן טיש אָנשטאָט צו לער־נען אויסגעריסן פון דער לאַטיינישער גראַמאַטיק בלעטל נאָך בלעטל. כ׳האָב געוואָלט אָנשרייען אויף אים, נאָר כ׳האָב נישט געקענט, אין האַלדז איז מיר טרוקן געוואָרן, כ׳האָב געוואָלט אויפשטיין — זענען מיר די פיס ווי פאַרגליווערט געוואָרן. און ער רייסט און דער קויבער ווערט פול מיט בלעטלעך...

דאָס בלוט אין די אָדערן (...) כ׳האָב געכאַפּט דאָס ציגאַרן־מאַ־

שינדל און געוואַלט אַ וואָרף טון אויף דעם דיל, כדי דערמיט אָפּצורייסן לוציאַנען פון זיין רייס־מלאָכה, ערשט פּלוצים עפּנט זיך אויף די טיר און דו גייסט אַריין! באַלד איז דער פּאַראַליז אַוועק, דאָס לשון האָט זיך צוריק־געקערט און מיט איין שפּרונג בין איך געווען אין דיינע אָרעמס.

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך באמת נישט געקענט רירן פאַר פאַרמאַטערטקייט, אין מויל איז מיר אַזוי טרוקן געווען, אַז אַ האַלבן סיפון וואַסער האָב איך אויסגעטרונקען איידער כ׳בין געקומען צו זיך.

וואָס טוט לוציאַן? לעאָפּאָלד, כ׳האָב אַלץ געטון.

לעאָן

## 15

וואַרשע, דעם (...)

העלענע!

לעבן מיינס! ווי שטאַרק דיין בריוו האָט מיך גערירט! דו ליידסט, ביסט איינזאַם און איך, לויט דיין בריוו, וויל זיך, פאַרברענגג!

אָ! אויסגעצייכנט זענען מיינע פאַרוויילונגען! פּרעכטיק מיינע שימחות! כ׳האָב זיך געוויילט ביי ה׳ ק., כ׳וויל זיך כסדר מיט דער פרוי „באָקי", כ׳לערן יענקלען שפּילן אַ פּרעפעראַנס, מאַך זיך וואַנעס, שמיר זיך מיט שמעקעדיקע פּלאַסטערס, נעם איין זיסע רפואות.

כ׳האָב זיך געלאַנגווייליקט בלויז צוויי מאָל: כ׳האָב געהערט זשול־קאָווסקין און בין געווען איין מאָל אין עלדאָראַדאָ! סומאַ סומאַרום — צוויי אָוונטן פאַרברענגט אין טעאַטער.

ווען גערשזאָן איז געווען, האָט מען אין צווייען גיכער געקענט עפּעס טון — נעכטן אָבער אינדערפרי בין איך אויפגעשטאַנען 10 אַזייגער, בין אַוועק צו יענקלען און געטרונקען דאָרט טיי. פאַרבעטן צו ה׳ שאַטענ־שטיין — זענען מיר דאָרט געווען אַ פּאָר שעה, אין די פּאָר שעה האָב איך זיי אויפגעקלערט די יסודות פון פּרעפעראַנס־שפּיל — פאַר אַן אי־בערבייט זענען מיר אַראָפּ אויף מיטיק צו עקסעלמאַנען, נאָך מיטיק בין איך אַוועק צו דער פאַמיליע „ב אָ ק י" און געטרונקען דאָרט טיי. זע־נען געקומען ה׳ שאַטענשטיין און ה׳ פרישבערג. דער לעצטער האָט גריי־שען צוגענומען צו זיך אויף אַן „אָקע". מיר זענען ווידער אַוועק צו יענקלען, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט ביז 10. 10 האָבן מיר אָפּגעפירט ש. — מיר האָבן אָפּגעגעסן וועטשערע (צו איין אַכטל קאַוויאַר, ציבעלע, יענקל מיט צ.) און בין געגאַנגען שלאָפן. —

א נייס איז דעם טאָג געווען דער וויזיט ביי בערנאַרדן און — געראַשזאָנס אָפּפאָר נאָך א וואַרעמען געזעגענען זיך מיט צ.

העלענע, לעבן מיינס, מיינע ליידן זענען נישט קלענער פון דיינע, אָבער איך בייג דעם קאָפּ פאַר דער נויטווענדיקייט און לאָמיר וואַרטן אויף בעסערע צייטן!

בכל־אופן וועט די נעטין פון ליבע, — וואָס איר עקזיסטענץ (נישט פון דער ליבע, נאָר פון דער נעטין) איז באַוויזן געוואָרן פּונקט אזוי ווי די עקזיסטענץ פון גאָט אליין — דיר אָוועקשטעלן א 5 פּליוס פאַר דיין בריוו!

פאַר מיר איז דער בריוו א באַווייז פון דער העכסטער מאַכט פון געפיל, צו וועלכן דאָס האַרץ איז מסוגל, דערום — ווי זיס זענען מיינע ליידן! —

לוציאַן און לעאָפּאָלד, זייט מיר געזונט און לערנט זיך גוט!

לעאָן פּרץ.

## 16

טייערע העלענע!

דעם גאַנצן פּרייטיק בין איך אָפּגעווען ביי נאַטאַנען אין שטוב, שבת האָב איך געמוזט ענדערן דעם קאָנטראַקט מחמת דער נישט זייער קלוגער זאַמאָשטשער דעפּעשע. האָב איך דערפאַר ערשט היינט געהאַט דעם דר. נאַטאַנסאָן ביי ה׳ ראַבינאָוויטשן אין שטוב. כ׳האָב אויסגענוצט די האַר־ציקע גוטסקייט פון אָט די פריינט אונדזערע, ווייל דער אוקראַינישער האָטעל איז אַזאַ ברודיקער, אַזאַ געמיינער, אַז ס׳איז מיר געווען א בושה דאָרט אים אויפצונעמען. אַוועקצוגיין צו נאַטאַנסאָנען און אים פאַרבעטן צו זיך — האָבן מיר געראָטן די קאָרנגאָלדס און די יונגע. דר. נאַטאַנסאָן האַלט, אַז כ׳האָב א שטאַרקן, כאָטש נישט קיין כראָנישן מאָגן־קאַטאַר, ער קען אָבער גרינג ווערן א כראָנישער. דערביי איז לויט די סימפּטאָמען אָנצונעמען, אַז דער סאָליטער איז צוריק נולד געוואָרן, ס׳איז אָבער אויך מעגלעך, אַז דאָס זענען בלויז סימפּטאָמען פון קאַטאַר.

דעם קאַטאַר, זאָגט ה׳ טאַטאַנסאָן, וועט מען קענען גרינג אויסהיילן, וואָס נוגע דעם סאָליטער, איז דאָס געווענדט פון פאַרשידענע אומשטענדן. דערווייל האָט ער מיר געגעבן א פּראָבע־רעצעפּט. אויפן פינפטן טאָג נאָכן אויסנעמען אים, וועט דער קאַטאַר, אויב נישט אינגאַנצן באַזייטיקט

— גאָר היפש שוואַכער ווערן. דער וואָרעם, אויב ער איז נאָך דאָ, וועט זיך ווייזן, און דעמאָלט וועט ער אים אין משך פון צוויי־דריי (טעג) ארויס־טרייבן. ער פארהאלט מיך דעריבער מינימום 5, מאקסימום 8 טעג. גלייב מיר, אז די דאָזיקע פערספעקטיווע מאַטערט מיך. וואָס זאָל מען טון?

כ׳פארשטיי נישט יוספן. אויב איך טעלעגראַפיר „ווי געוואונטשן", הייסט עס: אז כ׳האָב געזען די חשבונות פאר דעצעמבער און יאַנואַר; אז די דערגרייכטע פּרייזן זענען גוטע; אז כ׳האָב איינגעזען, אז עס איז פאר אונדז נישטאָ קיין סכנה מיצד דער אַלגעמיינער שטעלונג פון נ. ר. — איז פארוואָס־זשע נישט נעמען פאַרשוס? פארוואָס נישט בעסער פּטור ווערן פון לעאָן מרגליות?

כ׳פאַרשטיי נישט, פארוואָס ער האָט מורא פארן פאַרשוס און מיט וואָס דער פאַרשוס בינדט אונדז? נאַטאַן זאָגט צו זיך צו פארבעסערן. ער האָט נישט באַהאַלטן פאר גאָלדבערגן זיינע ביכער... וואָס ווילט איר נאָך? ער האָט זיך נישט געקענט איבערצייגן, אז אונדז קומט אַזוי פיל; וואָרן זיינע ביכער זענען נישט „אַ זשור". אונדז ווידער האָט ער נישט געקענט גלייבן, אַז מיר זאָלן האָבן געקענט ביי „אונדזער קאַפּיטאַל" אַזאַ סומע פארזען, דערום איז ער געווען זיכער, אז ער האָט זיך אַליין טועה געווען אין די רעכענונגען.

ווי יוסף שרייבט, איז מעל אין ווארשע „פּלאַם פייער", כ׳האָב דעריבער נאַטאַנסאָנען אָפּן געזאָגט, אַז כ׳טעלעגראַפיר ארויסצושיקן בלויז 1 וואַגאָן, אויב דער צווייטער קען אויפן אָרט פאַרקויפט ווערן.

נאָר־וואָס האָט מען מיר געבראַכט דאָס פלעשעלע מיט דער רפואה, כ׳וועל איינעמען צוויי מאָל טעגלעך, 9 און 2. מילא וואָס פּאַר אַ טעם דאָס וועט האָבן, וואָסערע פּעולה — דאָס איז דער עיקר!

ס׳ווילט זיך מיר אַזש וויינען פאר כעס: רייכערן פארווערט ער מיר! נאָך נישט אַזוי גיך האָרך איך אים אָבער און טאַקע באותו־רגע פאַר־רייכער איך אַ פּאַפּיראָס. כ׳מוז ענדיקן דעם בריוו, ווייל אייזיק פּאַרט. די ראַבינאָוויטשעס גריסן דיך האַרציק.

לעאָן פרץ.

## 17

טייערע העלענע!

דיין בריוו האָב איך באַקומען נעכטן אינדערפרי, כ׳האָב אָבער בשום אופן נישט געקענט דיר באַלד ענטפערן און כ,האָב פארלוירן אַ טאָג פּאָסט.

היינט איז נפתלי אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. כ'האָב אָבער אים נישט געוואָלט מיטגעבן דעם בריוו, אוים מורא, אַז ער וועט אים פאַר־לירן, אָדער וועט פאַרגעסן אים אָפּצוגעבן.

דערווייל גיי איך ווי אַ בלינדער.

קודם־כל פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס דו פאַרלאַנגסט נישט קיין געלט?

איך קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס דו פירסט דיך אַזוי, אַז איך (?) מוז בלייבן אָן געלט?

אַזוי ווי ס'איז נישטאָ די מאַסע (?), וואָס דו שיקסט מיר נישט איבער קען איך פּשוט אין די אייליקסטע עינינים גאָרנישט טון, און דער משוגענער שעראַקאָווסקי דערדריקט מיך ממש מיט בריוו — איז דען נישטאָ קיין פּאָסט?

דריטנס דערקלער מיר, ווי אַזוי מען פאָרט קיין טשעכאָטשינעק דורך זאַמאָשטש? פאַרוואָס שרייבסטו מיר אַגב נישט, ווען דו רעכנסט צו פאַר־לאָזן וואַרשע?

צי קענסטו טשעכאָטשינעק? מען זאָגט, אַז דאָרט איז זייער אומ־באַקוועם, דריי מאָל ערגער פון ערגסטן פּוילישן קוראָרט: נישט קיין לייַ־טישע דירות, נישט קיין עסנס — און ביכלל קומט דאָרט נישט פאָר קיין שום פאַרווייַלונג.

צי וואָלט שוין דערום נישט בעסער געווען צו פאָרן קיין אויסלאַנד?

כ'פּיל, אַז מיין בריוו איז נישט איבעריק זיס... אָבער כ'וועל אים אוועקשיקן. כ'בין אַזוי פול מיט ביטערניש און ספיקות, אַז אויב כ'וועל אים צערייסן, איז אָדער כ'וועל גאָרנישט, אָדער כ'וועל גאָט ווייסט וואָס אָנשרייבן.

איז זיי מיר מוחל... און שרייב אָן אַ בריוו ווי ס'באַדאַרף צו זיין, כדי כ'זאָל וויסן, וואָס ס'קומט פאָר, וואָס דאַרף מען טון און ווען וועסטו מיך באַפרייען פון שעראַקאָווסקין.

באמת, מען קען משוגע ווערן!

לעאָן פּרץ.

8—29

## 18

טייערע העלענע!

נעכטן האָב איך דיר אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו, נאָר ווייל כ'האָב (נישט) געקריגן קיין מאַרקע, האָב איך אים נישט געקענט אָפּשיקן. דער־

ווייל איז ער מיר ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען און שוין צוויי שעה ווי איך זוך אים אומזיסט אַרום. שרייב איך דיר אַן אַנדערן.

דו פרעגסט זיך נאָך קודם־כל אויף מיין קוראַציע. איז נעכטן האָב איך פאַרבעטן דעם ה׳ דזיעווישעק. ער האָט מיר געהייסן לאָזן דאָס וואַסער, וואָס איך טרינק, ווייל די ווירקונג איז נישט קיין קענטיקע, און נעמען קאַרלסבאַדער זאַלץ.

היינט האָב איך פאַרזוכט דאָס ערשטע לעפעלע. מיין צונג איז לחלוטין נישט אין אָרדענונג. די שווערקייט איז אָבער אין גאַנצן אַריבער. איך שלאָף נישט מער פון 6 ביז 7 שעה א מעת־לעת און פיל נישט קיין שום מידקייט. אדרבא, ס׳דוכט זיך מיר אַלץ, אַז כ׳בין צו פיל געשלאָפן. לוציאַן אין טאַזשימיעך מאַכט מיר אַן נישט ווייניק פאַרדרייעניש. כ׳האָב נישט קיין גוט וואַסער — איז דאָ אַן אויסרייד אויף טענות און מענות. צוויי מאָל בין איך שוין געווען ביי אים, נאָר ער האַלט אין איין ווייגען און וויל צוריק אַהיים. און אין דער היים וואָלט ער מיסתמא געוואָלט צוריק אויפן דאָרף, ווייל ער וואָלט זיך שרעקלעך גענודעט. די חברים זענען זיך צעפאָרן, ווי ביז אַהער בין איך תמיד פאַרנומען, און איך וואָלט אים געקענט אָפּגעבן זייער ווייניק צייט. ער וואָלט געווען אינגאַנצן פאַר־איינזאַמט.

לעאָן

10—6, 83.

# 19

טייערע העלענע!

ביז איצט האָב איך נישט געהאַט קיין צייט צו ענטפערן דיר אויף דיין בריוו. אין משך פון די לעצטע עטלעכע טעג בין איך געווען ממש איבערגעלאָדן מיט אַרבעט — כ׳געדענק באמת נישט די צייט. דער פאַר־דינסט איז אָבער נישט געוואַלדיק. כ׳פאַרשטיי נישט, וואָס דאָס איז.

ביי אונדז איז פאָרגעקומען אַ גרויסער שינוי.

דער פאָרזיצער פון אַראָפּפאָר האָט אונדז אַלעמען צונויפגערופן און פאַרווערט אַנצונעמען געריכטס־עינינים דורך די זאַמאָשטשער פּאַק־טוירים. וועגן דעם האָט ער געהייסן אונטערשרייבן אַ דעקלאַראַציע. נישט אויספירן די דעקלאַראַציע קען ברענגען צו פאַרלירן דעם פּאַטענט.

דעם אמת געזאָגט לייד איך דערפון קיין שום היזק נישט, ווייל די לעצטע צייט פלעגן אַלע פּאַקטוירים פירן בלויז צו מאַלטאַנסקין.

ס'איז זייער פּאַרוועדט אריינצוקומען אין געריכט אריין. די פּאָליציי דאַרף זיי נאָכקוקן, צי זיי נאַרן נישט אָפּ די פּויערן וכדומה. אָבער איך קער זיך אום צו אונדזערע ענינים.

אין דעם טאָג, ווען כ'האָב באַקומען דיין בריוו, האָב איך אַרויסגע־שיקט קיין ווארשע 100 רובל. ס'פרייט מיך זייער אונדזער ביידנס פאַר־ענדערונג: דו האָסט צוגענומען וואָג און איך האָב אָנגעוווירן. —

לוציאַן הוסט, האָט נישט ווו צו שלאָפן, מיט וועמען זיך צו שפּילן — און פונדעסטוועגן איז זיין אויפירונג אַ מוסטער. ער שלאָפט שוין 3 שעה (איצט איז 2). איך האָב נאַר־וואָס געענדיקט באַזאָרגן 12 ענינים פון ה' בערנאַרד מרגליות, וואָס כ'האָב היינט באַקומען און מאָרגן וועל איך זיי איינגעבן.

די אַרבעט ביים טיש איז מיין ישועה פון דער שרעקלעכער לאַנג־ווייליקייט. ווען כ'וואָלט נישט געהאַט אַזוי פיל אַרבעט, וואָלט איך זי־כער שוין לאַנג געווען ביי דיר!

ס'הייבן זיך ביי מיר אָן די נסיעות. קאָמאַרעוו, אַלט־זאַמאָשטש, זדאַנאָוו א. א. וו. כ'האָב אַפילו אַן ענין אין רובעשוויוו! וועט באַטראַכט ווערן דעם 16־טן אויגוסט. די באַלוינונג איז זייער אַ קליינע, אָבער דער ענין האָט אַ שם.

געליבטע העלענע! כ'האָב גרויס עגמת־נפש, כ'האָב מורא, אַז אונדזער דירה וועט נישט זיין פּאַרטיק דיך אויפצונעמען און דו וועסט מוזן דיך פאַרהאַלטן אין ווארשע. וויפל קללות האָט שוין אויסגעהערט פון מיר דער נידערטרעכטיקער באַלעבאָס. קיין זאַך העלפט נישט, ס'רירט זיך ווי אַ שטיין. אפשר אָבער וועט מיר פּאַרט געראָטן! ווען ס'וואָלט אַזוי נישט געווען, וואָלט איך זיך געהאַלטן פאַרן אומגליקלעכסטן מענטש. די עטלעכע געפּטערטע טעג וואָלט שווער געווען אַדורכצולעבן!

אַ קאַלטער שוויים באַגיסט מיך, ווען כ'קלער וועגן דעם. און דאָ האָב איך אַפילו נישט קיין צייט אַ קוק צו געבן אויף דער אַרבעט.

לוציאַן בלאָנקעט אַרום ווי אַ שאָף — איך ווי אַ שאָטן... נו, מיר וועלן זען.

וואָס נוגע דעם לאָמפּ טו ווי דו ווילסט. שיפּמאַן וויל אים האָבן! —

מיינע בריוו זענען געשריבן אָן שום סדר און זענען אָנגעפּיקעוועט מיט גרייזן, כ'בין נישט בכוח צו דענקען ווי ס'געהער צו זיין.

צווישן די אדוואָקאַטן איז אַ געוואַלדיקע קאָנקורענץ. מ'רייסט זיך איבער די קליענטן ווי חדר־קינדער איבער נאַשוואַרג! אָבער וועגן דעם שפּעטער. דערווײַלע אַ גוטע נאַכט דיר —

דײַן
לעאָן

## 20

העלענע! טײַערע העלענע מײַנע!

צי איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ פּעיקע פּעדער, וואָס זאָל קענען באַשרײַבן דאָס וואָס איך האָב געפילט, בעת איך האָב באַקומען דײַן דעפּעשע! די שרעק פאַר און די פ־ייד נאָכן דורכלייענען זענען באמת געפילן, וואָס קענען דערהרגענען! אָבער די שו־עק איז אַריבער, די פרייד איז געבליבן און די האָפענונג, אַז אינגיכן, נאָכדעם ווי דו וועסט אָפּ־פּטרן די איבעריקע עינינים, וועסטו זיך מיר אומקערן אַ גליקלעכע און אַ געזונטע. און איך וואַרט אויף אַ בריוו מיט אַ גענויער דערקלערונג ווי און וואָס עס איז געווען. איך גיי אויף צוריק און איך קער זיך אום צו דײַן בריוו. ס'האָט דיך פאַדראָסן, וואָס דו האָסט נישט געפאָלגט מײַן עצה... זעסטו! אַלע מאָל פאַרדריסט, ווען מען פאָלגט נישט אַ מאַן, כאָטש נישט איין מאָל פאַרדריסט דעם מאַן אויך, וואָס ער האָט נישט געפאָלגט זײַן ווייב! דער מאַן איז דאָך דער מוח פון דער מישפּחה, און דאָס ווייב איר הארץ. דאָס הארץ אָן דעם מוח און דער מוח אָן דעם הארץ, איינס און דאָס אַנדערע באַזונדער טויג פאַרן טייוול, צוזאַמען אָבער זענען זיי די שענסטע גאַנצקייט...

אמת, אָפט האָט דער מאַן קיין שכל נישט און דאָס ווייב איז אָן אַ הארץ, ד ו כ ט ז י ך אָבער, אַז דאָס איז נישט ביי אונדז, נישט וואָר? —

און טאַקע צוליב דער גאַנצקייט איז נייטיק, אַז דו זאָלסט וואָס גי־כער אַלץ אָפּפּאַרטיקן און וואָס גיכער זיך מיר אומקערן אַ גליקלעכע. — פונדעסטוועגן וואָלט איך וועלן, זאָלסט אַביסל הנאה האָבן אויך. ווייל צו אונדז קלויבט זיך אַ שווערער און אַן אומעטיקער ווינטער.

— אין לובלין האָב איך געקויפט:
פאַר לוציאַנען — אַ פּאַסעק —
פאַר זיך:

6 קראַגעלעך, אַ פּאָר הענטשקעס, אַ שניפּס (דערויף האָב איך חרטה, ווייל אומנייטיק) און... מער גאָרנישט. בכן דאַרף איך האָבן אַ ווינטערדיק היטל, אָבער אַ ביליקס, אַ פּשוטס, אויף אין דער וועגנס — אשכנזי און אבעש בעטן היטלען... דער לעצטער מיט אַ בפירושן רשות פון דער מוטער, דער פּרייז איז 4—5 רו"כ, משה אַלטבערג — קאַפּטעלעך. איך ווייס נישט, צי דיר וועט זיך וועלן אויספירן דאָס אַלץ. לוציאַן האָט זיך אויפגעפירט, בעת איך בין נישט געווען, אויסגעצייכנט. ער האָט גע־קראָגן אַ פיר און צוויי 5. ברענג־זשע צו פירן פאַר אים גליטשערס — „אמעריקאַנקעס" מיט אַ ספּרענזשינע.

ווי האַלט עס מיט דיינע פינאַנצן? — באַלד איז פיר אַזייגער, מוז איך דעריבער אָפּשיקן דיין בריוו און דער המשך קומט. — איך בין נאָך פאַרמאַטערט און נישט אויסגעשלאָפן. די סיבה — מילא, וועגן דעם שפּעטער.

דיין

לעאָן פּ.

אַ גליק וואָס לוציאַן האָט מיר דערמאָנט — אַ באַשליק!—

ל. פּרץ.

## ג. בריוו צום זון

### 21

געליבטער זון!

דיינע צוויי בריוו האָב איך אָפּגענומען און זיי האָבן מיך זייער דערפרייט, ווייל איך האָב דערזען, אַז דו ביסט רואיק און צופרידן. איך ווינטש זיך נאָר, אַז מען זאָל פון דיר אויך זיין צופרידן; דאָס וועט זיך דיר איינגעבן זייער גרינג, אויב דו וועסט זיך גוט לערנען און וועסט האָבן דרך־ארץ פאַר עלטסטע א. א. וו. איך האָף, אַז דיינע ווייטערדיקע בריוו וועלן זיין גענויער, און אַז דו וועסט שרייבן וועגן דיינע ברייטערע באַציִונגען מיט די לערער און מיט די חברים.

איך בעט דיך, דו זאָלסט שרייבן צו אונדז בריוו אַלע זונטיק, ווייל דאָס איז דיין פרייער טאָג, און דו זאָלסט נישט נוצן קיין אָפענע קאַרטלעך, ווייל קיין מאַרקעס וועט דיר נישט פעלן.

איך מוז ציִען דיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַן אומטאַקטישקייט, וואָס דו ביסט באַגאַנגען אַנטקעגן אַ פּערזאָן, וואָס איז פאַר דיר געווען אַ צווייטע מוטער — און דערביי די בעסטע מוטער, אַ פּערזאָן, וואָס דו האָסט איר אַ סך, זייער אַ סך צו פאַרדאַנקען.

אין דיין ערשטן בריוו דערמאָנסטו וועגן איר אָפּילו נישט, אינעם צווייטן בריוו דערמאָנסטו זי פאַרבייגייענדיק, עפּעס אַזוי ווי פון איידל־קייט וועגן. איך ווייס אָבער, אַז די סיבה איז נישט קיין שלעכטער ווילן, נאָר דו האָסט פאַרגעסן. ווי דאָס זאָל נישט זיין, טוסטו שלעכט. וואָרן אויף דיינע בריוו וואַרטן מיר ב יי ד ע ג ל יי ך אומגעדולדיק און ביים לייענען זיי זענען מיר ב יי ד ע ג ל יי ך גערירט. ד ו ד אַ ר פ ס ט וועגן דעם געדענקען.

איך בעט דיך: לערן זיך גוט. געדענק, אַז די צייטן זענען שלעכט און דאָס אויסהאַלטן דיך קאָסט טייער, און ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגן קען ברענגען. וואָס פריער דו וועסט ענדיקן די גימנאַזיע, אַלץ גיכער קענסטו רעכענען אויף אַ צוקונפט.

ס׳איז נישטאָ קיין איבעריקע ווי סנשאַפט. ס׳זענען פאַראַן מער אָדער ווייניקער נוציקע (וויסנשאַפטן). הייסט עס, אַז אויב דער שינוי אינעם לערן־פּלאַן הענגט נישט אָפּ אין אונדז, מוזן מיר זיך אונטערגעבן יענעמס ווילן און לערנען זיך אַזוי ווי מען הייסט. אגב ביסטו צו יונג, דו זאָלסט קענען ענדגילטיק פּסקענען, צו וואָס דו האָסט צום מערסטן פעיקייטן און וועלכע צוגרייט־וויסנשאַפטן עס וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר נייטיק צום מערסטן, אָבער העלפן וועלן דיר אַלע. בכן לערן אַלץ.

אויב דו ווילסט, וועל איך דיר געבן ידיעות וועגן דיינע געוועזענע חברים (אויב דו וועסט זיך נאָכפרעגן!). דאָ ביי אונדז אין זאַמאָשטש איז קיין נייס נישטאָ. —

עטלעכע וואָכן פאַר דיין אָפּפאָר האָסטו אַרויסגעוויזן חשק צו לערנען זיך העברעיש. אויב דו האָסט עס נאָך אַלץ בדעה, אויב דו רעכנסט באמת צו דערקענען די שפּראַך פון דיין פאָלק, אַ שפּראַך, וואָס איז אגב די שענסטע און די פּאָעטישסטע, די שפּראַך, וואָס אין איר איז געשריבן דער תנ״ך, וואָס אנטקעגן אים בלייבן אין שאָטן די האָמערס, און די ווירגילס באַהאַלטן זיך אין אַ ווינקל — שרייב אָן און קיין הילף און געלט וועט דיר נישט פעלן.

דאַרפסט וויסן, אַז ה׳ פּאַפּירנאַ איז איינער פון די קענטיקסטע מחברים־קריטיקער אין דער העברעישער ליטעראַטור, און אַזאַ מעגלעכ־קייט צו נעמען לעקציעס וועט זיך דיר אפשר נישט מאַכן.

איך ספק נישט, אַז אויף דיין פאַרלאַנג וועט ער דיך לערנען. איך בין זייער צופרידן, וואָס דו שרייבסט אויף פּויליש. קיין גרייזן פעלט נישט, אָבער ביכלל גענומען שרייבסטו נישט שלעכט. מיר איז שוין אויך שווער צו שרייבן פּויליש, און נאָך שווערער אָנצושרייבן פאַר דיר דייטלעך, דו זאָלסט קענען גוט און גרינג לייענען. — איך באַהאַלט דעם בריוו פון דער מומען, ווייל איך וויל נישט, זי זאָל לייענען דעם אָנהויב צוליב גרינג פאַרשטענדלעכע טעמים. כדי דיר צו געבן צייט צו פאַריכטן דעם פעלער, וועל איך זאָגן, אַז ערשט נאָכן דריטן בריוו וועל איך דיר אָנשרייבן. דער־מאָן דעריבער נישט אינעם ענטפער וועגן דעם.

דיין פאָטער וואָס האָט דיך ליב

לעאָן.

פּ. ס. חוץ דעם זענען נאָך דאָ אַנדערע פּערזאָנען, וואָס זענען ווערט, מען זאָל זיי דערמאַנען, נישט אמת?

15־27־טן אויגוסט, 1886.

## 22

געליבטער זון!

איך האָב אַ לאַנגע צייט צו דיר נישט געשריבן. פריער האָב איך געוואַרט אויף משהם בריוו און אויף דער רעכענונג פאַר ה׳ ב. מרגליות, דערנאָך איז געקומען די לאַנגע קאַדענץ פונעם אַראָפּפאָר, וואָס האָט מיך שטאַרק איינגעמאַטערט. פאַרוואָס האָסטו אָבער נישט געשריבן? פאַרוואָס האַלטסטו נישט דיין הייליקן צוזאָג, אַז דו וועסט שרייבן אַלע וואָך? כ׳וואָלט וועלן גלייבן, אַז דו האָסט אויך קיין צייט נישט, אַז דו ביסט באמת פאַרנומען מיטן שטודיום!

מיר דוכט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום דאַרפסטו קריגן דעם בילעט. שיק אים גלייך צו.

אין דער היים איז נישטאָ קיין נייס. די מומע וועט איינגיכן פאָרן קיין וואַרשע, איז אָדער זי וועט פאָרן צו דיר אָדער דו וועסט פאָרן צו איר קיין וואַרשע; וועגן דעם וועלן מיר דיר מודיע זיין אין אַ פּאָר טעג אַרום.

איך מאַך דעם בריוו בקיצור, ווייל איך בין פאַרנומען מיט זייער אַ וויכטיקן ענין.

גיב אָפּ די האַרציקסטע גרוסן ה׳ פּאַפּירנאַן און ה׳ אַלטבערגן, צו יעדערן פון זיי וועל איך איינגיכן באַזונדער אָנשרייבן. איך בעט דיך זייער נאָכאַמאָל, שרייב רעגולער אַלע וואָך, לערן זיך גוט.

דיין פאָטער וואָס האָט דיך ליב

ל. פּרץ.

2־טן נאָוועמבער, 86־טן יאָר.

## 23

געליבטער, טייערער זון!

דאָס וואָס עס גייט דיר שלעכט אין מאַטעמאַטיק, האָט מיך געמאַכט טרויעריק. איך האָף אָבער, אַז איינגיכן וועסטו מיך דערפרייען! פאַרגעס נישט און ניץ אויס די צייט. קיינער ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ מאָרגן דער גורל גרייט אים צו. ביסט אַ קינד, פאַרשטייסט אָבער, אַז דו לעבסט אין שטאַרק אומזיכערע צייטן, וואָס זייער סוף קענען מיר נישט פאָרויסזען. ס׳איז אמת, אַז נאָך יעדער פינצטערער נאַכט קומט אַ ליכטיקער טאָג... אָבער די נאַכט פון לעבן איז צייטנווייז שרעקלעך לאַנג... און שוין סאַמע פאַרטאָג קען דער טוי אויפעסן די אויגן...

ווער א לייט! אויף אזויפיל קענסטו נאָך מאטעמאטיק, אז דו זאָלסט קענען פארשטיין, אז א טאָג באשטייט מער נישט ווי פון שעהן, א יאָר פון טעג און דאָס גאנצע לעבן פון א קליינער צאָל יאָרן... פארלירן א שעה פאַרן אויספירן די פליכט הייסט פארלירן א געוויסן טייל פון לעבן.

משה שרייבט מיר, אז דו ביסט פארטראָגן, פריער פארלירסטו אומזיסט די צייט, און נאָכדעם וויינסטו וואָס דו קענסט נישט די לעקציעס, און ער בעט איך זאָל דיך וועגן דעם דערמאנען. אין משהן האָסטו אן אמתדיקן פריינט. ער פארבייט דיר מיך און די מומע, און דערפאר איז שוין שלעכט, אויב ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זיין אויטאָריטעט און זיין עצה זענען פאר דיר צו ווייניק און אָן רעזולטאט. נאָר אויס דאנקבארקייט צו אים וואָלסטו זיך געדאַרפט פאריכטן. און אז דו וואָלסט קענען, ווען דו וואָלסט נאָר וועלן, דערין איז קיינער נישט מסופק.

דאָס וואָס דו האָסט געקריגן א רעפעטיטאָר איז זייער גוט, פארגעס אָבער נישט, אז לערנען זיך און ארויסווייזן די ידיעות אָנשטאָט דיר קען ער בשום־אופן נישט.

נעם נישט אָן מיינע ווערטער ווי פאָרוווּרפען צוליב דעם וואָס איז געווען, נאָר ווי וואָרענונגען פון א פאָטער אויף להבא.

זאָלן זיי דיך נישט מאכן אומעטיק, נאָר אויפוועקן צו אקטיווקייט. ווער עס פארלייגט די הענט און באווייזט זיינע פעלערן, דער וועט קיינמאָל נישט אויספירן זיינע פליכטן. ווער עס פאריכט נישט וויינענדיק, דער וועט גיך נישט האָבן וואָס זיך פירצוהאלטן.

איך בעט דיך נאָכאמאָל, זיי נישט שוואך און גרינג אויף טרערן. פארליר נישט די צייט אומזיסט און זאָל דאָס לערנען זיין ביי דיר בילכער ווי דאָס שפילן.

ניץ אויס די הילף, וואָס עס גיט דיר ה' אלטבערג, אן איידעלע הילף, וואָס איר מקור איז נישט געצאָלט, נאָר ליבע. —

בעט די חשובע הערשאפט פאפירנא אין מיין נאָמען, אז מען זאָל לאָזן פאריכטן דיין וועש אויף מיין רעכענונג נאָך יעדן מאָל וואשן.

מיר דאכט זיך, אז דיינע חברים האָבן געשריבן א בריוו צו דיר. וועגן הערשן ווייס איך נישט קיין ספעציעלע זאכן, איך הער נאָר, אז ער לערנט זיך גוט.

דיין פאָטער וואָס האָט דיך ליב

לעאָן.

געליבטער זון!

דיינע אָפטע בריוו פרייען אונדז זייער, אָבער דאָס וואָס עס גייט דיר שלעכט אין געוויסע לימודים מינערט אַביסל די פרייד אונדזערע. זע דעריבער, ליב קינד, זיך צו פאַרבעסערן. וועגן דער וועש האָט דיר שוין דער פּאַפּאַ געשריבן, אַז פרוי פּאַפּירנאַ זאָל זיין אַזוי פריינטלעך און הייסן נאָך יעדן מאָל וואַשן עפּעס אַ נייטאָרן דורכקוקן און פאַריכטן. אויב דו רעכנסט צו שרייבן צו לעאָפּאָלדן, איז ער אין דער היים ביי די עלטערן, הייסט עס „ר י נ ג ע ל ה י י ם א י ן ל ע נ ט ש נ ע". צוליב דעם, וואָס עס פעלט אויס אָרט, קען איך מער נישט שרייבן. נעם צו מיינע ווונטשן פון געזונט און פון הצלחה אין לערנען.

דיין מומע העלענע וואָס האָט דיך ליב

## 24

ליבער זון!

איך פריי זיך באמת, וואָס דו האָסט זיך גענומען צו דער אַרבעט און די שלעכטע מיינונג שרעקט מיך כלל נישט און מאַכט מיך נישט טרויעריק. פאַרליר נישט דעם גלויבן אין זיך — מיט אַרבעט וועסטו אַלץ בייקומען. פאַל בכן נישט אַראָפּ ביי זיך, אַרבעט מיט זיכערקייט, מיטן זיכערן געדאַנק, אַז אַן אַרבעט, וואָס מען נעמט זיך פיר מיט חשק און מען פירט אויס ווי ס'געהער צו זיין, ברענגט אַ גוטן רעזולטאַט.

ווען דו וועסט קריגן דעם בריוו, וועט די מומע שוין אפשר זיין ביי דיר, ווייל זי איז אייערנעכטן אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע. איך ווייס נאָר נישט, ווען זי וועט קענען אַריינכאַפּן זיך צו אייך. אויף יעדן פאַל שרייב איך היינט צו דער מומען, זי זאָל וואָס פריער אַוועקפאָרן צו דיר.

צוליב דוחק אין צייט פאַרקירץ איך דעם בריוו, כאָטש גאָט איז אַן עדות, אַז כ'וואָלט נאָך מיט חשק אַ שמועס געטון מיט דיר, אָבער היינט איז ווידער אַן אַראָפּפאָר פון קרייזגעריכט און איך דאַרף נאָך פאַרטיידיקן אַן ענין.

דיין לעאָן.

## 25

געליבטער זון!

כ'האָב עטלעכע טעג נישט געשריבן צו דיר, ווייל כ'האָב געוואַרט, עס זאָל קומען צופאָרן די מומע, וועלכע איז טאַקע היינט 12 אַזייגער אינדערפרי געקומען פון וואַרשע.

די מומע פילט זיך גוט.

בכן קער איך זיך אום צו דיין בריוו. ווערליק מיר קומט אויס, וועסטו ווידער האָבן אַ שלעכטע מיינונג אויף לאַטיין. און אפשר נישט? מיר וועלן זען.

ס'איז אָבער דאָ אַ חילוק צווישן דיין בריוו און צווישן שלומה אַלטבערגס בריוו, באַשר־בכן ער באַשולדיקט דיך, אַז... דו לערנסט צו ווייניק לאַטיין. איך חזר איבער: מיר וועלן זען.

אויף יעדן פאַל וועלן שוין זיין איינגיכן די רוסישע חגאות און דעמאָלט וועלן מיר זיך זען. וואָרום איך וועל זיין אין וואַרשע, איז אָדער כ'וועל צו דיר אַריינגיין, אָדער כ'וועל אָנשרייבן נאָך דיר.

הייסט עס, מיר וועלן זיין צוזאַמען עטלעכע טעג און דאָס וועט זיין מיין גרעסטער פאַרגעניגן נאָך אַזאַ לאַנגער צעשיידונג און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אַזוי לאַנג נישט געזען. און פאַר דיר?

אויב דו וועסט ווידער האָבן אַ 2 אויפן בילעט, וועסטו זיך שעמען, אָבער דאָס וועט אויך איבערגיין. אַלץ וועט זיך לאָזן פאַריכטן. גרים די פאַפירנאָס, די אַלטבערגס און שלומהן.

דיין פאָטער וואָס האָט דיך ליב

לעאָן.

7־19־טן דעצעמבער, 86.

## 26

ליבער זון!

כ'האָב דיר שוין לאַנג נישט געשריבן מחמת פאַרשידענע סיבות. קודם־כל האָב איך, נאָכדעם ווי איך האָב באַקומען דיין פאָרלעצטן בריוו צוזאַמען מיט ה' אַלטבערגס בריוו, בכיוון זיך אָפּגעהאַלטן, כדי נישט צו שרייבן אונטער אַ נישט גאָר אנגענעמען איינדרוק... אפשר וואָלט דער בריוו אַרויסגעקומען צו שטרענג, דו וואָלסט זיך צו שטאַרק געקלעמט, און דאָס האָב איך נישט געוואָלט ! . . . . . . . . . .

נאָכדעם האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן עטלעכע טעג, ווייל כ'האָב דיר געוואָלט מודיע זיין אויף זיכער, צי איך וועל דיך קענען באַזוכן... נאָכדעם ווידער איז אונטערגעקומען דער אַראָפּפאָר, וואָס האָט זיך געענדיקט ערשט נעכטן און דערצו שפּעט ביינאַכט.

אויב די קאָפּיע פונעם בילעט איז גלייך צום בילעט גופא, איז האָסטו אַ 2 מער נישט ווי אויף דייטש.

צי איז עס אזוי אינדערראמתן? און אפשר האסטו נישט געוואלט, איך זאל זיך קלעמען? פארוואס האסטו נישט געבעטן ה. פאפירנאן, ער זאל די קאפיע באשטעטיקן?

ווי עס זאל נישט זיין, זע איך שוין, אז דיין פראמאציע הענגט אויף א האר; אויב דו קענסט, קער אפ דאס שלעכטס, וואס שרעקט מיך, ווייל ס'איז נישטא קיין ערגערע זאך, ווי פארלירן א גאנץ יאר פון לעבן...

זיי כאטש אפנהארציק און באהאלט קיין זאך נישט פון מיר.

כ'האב געוואלט פארן צו דיר... איך בענק זייער שטארק, עס מאטערט מיך דאס אויסגעליידיקטע בעט, די שטול, אפילו דאס, וואס איך הער נישט דיין אפט געוויין!

... אבער וואס זאל מען טון — איך קען נישט! א שאד דאס געלט, וואס קען דיר צוניץ קומען, און סוף־כל־סוף וועסטו דאך אין 8—10 וואכן ארום זיין אין זאמאשטש...

הערש איז געקומען צו פארן. כ'האב אים נאך נישט געזען, אבער מען זאגט, אז ער האט בעסערע מיינונגען פון דיר... און ער איז דאך יינגער און פארדינט גיכער איינזעעניש! וואס זאל מען טון...

משהס בריוו איז א באשולדיקונגס־אקט קעגן דיר, כ'האב דיך פארטיידיקט פאר זיך אליין, אבער דיין שולד איז קלאר!

ביז אצינד האסטו נישט געקאנט איינטיילן דיין צייט צום לערנען און אויף פארוויילונג, און דערפאר טוסטו אלץ צו שפעט.

פונדעסטוועגן איז נישט זייער שווער צו געדענקען, וויפל א טאג האט באמת שעה, וויפל עס נעמט צו דער שלאף, דאס עסן, כדי צו וויסן וויפל מען קאן אפגעבן אויף בטלען!

נאר איך פאל שוין ווידער אריין אין אן אומאנגענעמען טאן, און אנטון דיר קלעמעניש וויל איך נישט. פארבעסער זיך!

דיין פאטער וואס האט דיך ליב
ל. פרץ.

זאמאשטש, דעם 28"16־טן יאנואר, 1887.

## 27

געליבטער זון!

איך קלייב מיך שוין פון זייער לאנג דיר אנצושרייבן א לאנגן בריוו, אבער די ארבעט ארום דער באלעבאטישקייט שטערט מיר צום גרעסטן

טייל. אָבער איצטער האָב איך בדעה דיר צו ענטפערן אויף אַלע דיינע פראַגעס, וואָס דו האָסט מיר אין משך פון דער צייט געשטעלט אין דיי־נע בריוו: קיין קיישל האָב איך נישט געקויפט, ווייל איך האָב נישט דורך וועמען דיר איבערצושיקן; אַז דאָס קאַפּטנדל האָט זיך צעריסן — איז די שולד פון דער פאַבריק — איך האָב ביים קויפן עס געהאַט די בעסטע כוונות, כ'האָב געוואָלט, דיר זאָל זיין ווארעם; מיט די הענטשקעס איז די זעלבע געשיכטע — אָבער דאָס אַלץ זענען זאַכן פון אַ קליינער וואָג, בעת דיין נאָענטסטן זיין אין ווארשע וועט זיך לאָזן דאָס אַלץ פאַריכטן, ביפרט, אַז איך און דיין פאָטער רעכענען דיך אויף דער צייט אָפּצוווארטן אין ווארשע. — ביז יענער צייט אָבער לערן זיך גוט, זיי געדולדיק אינעם לימוד פון דער דייטשער שפּראַך, ווייך נישט פון דיינע חברים, דערנענ־טער זיך צו מענטשן, קריג זיי ליב, אויב דו ווילסט, מען זאָל דיך אויך ליב האָבן — און דערמיט וועסטו פאַרשאַפן דעם גרעסטן פאַרגעניגן

דיין מומען העלענע וואָס האָט
דיך ליב.

---

נעליבטער לוציע!

פליים זיך צו קענען העברעיש. כ'וואָלט דיר אָפט געשריבן, נאָר אויף פּויליש, ווייסטו, איז מיר נישט גרינג צו שרייבן. דעריבער מוזטו זיך באַנוגענען מיט אַ קליינער צושריפט. זיי מיר געזונט, לערן זיך אַלץ מיט התמדה פאַר דיר צו גוטן און מיט נחת פאַר דיינע עלטערן און פאַר דיין זיידן, וואָס האָט דיך ליב

יודה פּרץ.

(צוגעשריבן מיט העלענעס האַנט)

פּ. ס. מיינע האַרציקע גרוסן פאַר משהן, פאַר זיין חשובער פרוי, פרוי טשעסלאַווע, שלומהן און דעם קליינעם לוציען.

## 28

טייערער לוציאַן!

נאָך מיין צוריקער פון ווארשע און פון פּלאָצק האָב איך געהאַט אַ סך ארבעט און איך בין עטלעכע מאָל געווען אַרויסגעפאָרן אין די פּראָווינציעלע געריכטן. כ'האָב דעריבער נישט געקאָנט אַזוי גיך שרייבן צו דיר.

דו פאַרשטייסט אַליין, וואָס פאַר אַ פרייד איך האָב געהאַט פון דיין לעצטן בריוו, וואָס פּולסירט מיט אַ לחלוטין ניי, געזונט לעבן.

גלייב מיר, ס'איז נישטאָ קיין נאַרישערע זאַך ווי אַ רעזיגנירטע, נישט קעמפנדיקע יוגנט. ווער עס איז שוין צוגעדריקט ביי 15 יאָר לעבן, ביי וועמען איין נישט מקוים געוואָרענער ווונטש דריקט אַרויס ביטערע טרערן, ווער עס ווערט אַזוי יונג געשטרויכלט און האָט נישט קיין ווילנס־כוח זיך צו דערהייבן, דער איז נישט ווערט קיין הילף און איז נישט ווערט וואָס ער לעבט! אַן אמתע קרענק רופט אַרויס רחמנות, אַן איינגערעדטע קרענק — ביטול! אָבער דו האָסט זיך דערהויבן, ווי איך זע, קעמפסטו איבעראַניים! איך האָב דיך צו שטאַרק ליב, אַז דאָס זאָל קענען פאַרשטאַרקן מיין ליבע; נאָר איצט געטרוי איך דיר מער, איך גלייב אין דיינע כוחות און איך בין זיכער אין ניצחון!

געליבטער זון מיינער, ווי שטאַרק דאַנקבאַר איך בין דיר פאַר דיין בריוו! . . . . . . . . . . . . . .

און אפשר ביסטו געוואָרן אַ לייט אין אַן אַנדער זינען אויך? אפשר האָסטו שוין פריינט און נאָך דער אמתער און געזונטער אַרבעט זוכסטו פאַרוויילונג? אפשר!...

פון מענטשן אַנטלויפט געוויינטלעך אַזאַ איינער, וואָס וואָלט וועלן אַנטלויפן פון זיך אַליין אויך. ווער עס איז נישט צופרידן פון זיך אַליין און פון זיין פירונג, פילט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט צו האָבן צו טון מיט מענטשן און צו זוכן ביי עמעצן הילף, פרייד, פאַרוויילונג, ווייל פאַר די אַלע מתנות קען ער קיין זאַך נישט געבן אַנטקעגן; אַ פאַרטרויערטער מענטש קען קיינעם נישט פריילעך מאַכן; אַ מענטש, וואָס איז נישט קיין באַלעבאָס איבער זיין אייגענעם ווילן, איז נישט בכוח צו געבן יענעם קיין טרייסט און קיין אויפמונטערונג...

דאָס אַלץ וועט נישט זיין, אויב דו וועסט נאָכן אויספילן אַלע דיינע פליכטן דערשפירן אַן אמתע באַפרידיקטקייט, דו וועסט צוריקגעווינען די אייגענע ווערדע ביי זיך אַליין — און אויב דו קומסט דעמאָלט אין אַ געזעלשאַפט, וועסטו קיין זאַך נישט נעמען אומזיסט, קיין נדבה נישט, דו ברענגסט אַריין פרייד, הילף, זיכערקייט, מאָראַלישע ווערדע — ביסט אַ מענטש און דו גייסט צו מענטשן. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

די זאַכן, וואָס דו בעטסט, וועט מען דיר אַרויסשיקן ערשט די אַנדערע וואָך.

. . . . . . . . . . . . . .

דו שרײַבסט, אַז איך האָב בײַ אַלעמען אױסגענומען. װײסט פאַר װאָס? דערפאַר װײַל כ'האָב זיך ערלעך באַמיט, כ'האָב אַלעמען אַנט־קעגנגעטראָגן מײַן האַרץ אָפענערהײט, פאַר יעדערן האָב איך געהאַט אַ האַרציקן װוּנטש, דאַנקבאַרקײט; אַלעמען האָב איך ליב געקריגן און דערפאַר האָב איך געקענט אױסנעמען בײַ מענטשן, כאָטש איך בין אומעטום געװען איך — אָדער דװקא דערפאַר. שפּיל נישט קײן ראָלע פון אַ „דזיקאָן", זײַ דאָס װאָס דו ביסט, זײַ אױפריכטיק, זײַ דאַנקבאַר גוּ־טע מענטשן, זײַ אָפנהאַרציק; האָב אַן אײגענע מײנונג און דרך־ארץ פאַר יענעמס אױפריכטיקער מײנונג; האָב ליב דעם אמת, זײַ מוחל פעלערן און רודף נאָר פאַלשקײט, צביעות... און אַלע אין פּלאַצק װעלן דיך ליב האָבן, ביפרט דער שײנער מין, װאָס דו בענקסט בסוד אױסנעמען בײַ אים.

זײַ געזונט, אױפריכטיק; אַרבעט, װעסטו זײַן גליקלעך און דו װעסט באַגליקן דײַן פאָטער.

דײַן
ל. פּרץ.

די מומע און די איבעריקע װעלן דיר אָנשרײַבן.

---

טײַערער זון!

אַזױ װי איך בין זיכער, אַז דאָס אָפּריכטן די יום־טובדיקע שׂמחה קען דיר ברענגען אַ גרױסן נוצן, און אַזױ װי איך האָף, אַז דו װעסט נישט פּטרן קײן צײַט, בין איך מיט אַ שװער האַרץ מסכּים, אַז דו זאָלסט נישט קומען צו פאָרן. װאָס זאָל מען טון? דײַנע ראיות זענען חוץ זײער לאָגישקײט געשטיצט מיט דער עצה פון דער גוטער און אײדעלער פרוי אַלטבערג...

דרײַ טעג װי איך האַלט בײַ זיך דײַן לעצטן בריװ, דרײַ טעג האָב איך זיך געראַנגלט מיט זיך אַלײן, ביז איך האָב מיך דיר לסוף אונ־טערגעגעבן.

געדענק אָבער, אַז אױב ס'װעט זיך אַרױסװײַזן, אַז דער קרבן איז אַרױסגעװאָרפן, װעל איך האָבן אַ ביטער האַרץ אױף דיר.

---

דו פרעגסט װעגן לעקציעס, ענטפער איך דיר אײן מאָל פאַר אַלע מאָל: פרעג הער פּאַפּירנאָ, הער אַלטבערגן און טו לױט זײער אָנװײַז. זײַ

זענען נאָענט, זיי קענען גיכער און בעסער אָפּשאַצן דיינע פּלענער און אַלץ, וואָס זיי וועלן אַפּראָבירן, וועט זיין גוט און נוציק.

צו די אַלטבערגס, פּאַפּירנאָ א. אנד. וועל איך אָנשרייבן באַזונדער; אין דעם מאָמענט קען איך דאָס נישט טון צוליבן דוחק אין צייט.

בעט ה' אַלטבערגן, ער זאָל אַזוי גוט זיין און איינאָרדענען אין מאַ־טעריעלן זינען אויף מיין חשבון דיין פאַרברענגען די יום־טובים אין פּלאָצק.

די מומע וועט צושרייבן אינעם צווייטן בריוו.

דיין פאָטער וואָס ליבט דיך

ל ע אָ ן.

# צו דער דאַמע ביים מעער

(די אַלע בריוו, וואָס קומען דאָ ווייטער, זענען געשריבן דורך פּרצן צו זיינער אַ באַקאַנטער פון וואַרשע. די דאַמע האָט דאַן געוווינט ביים באַלטישן ים. דערפאַר איז אָנגערופן דורך פּרצן „דאַמע ביים מעער". — די בריוו זענען פאַרעפנטלעכט אין דער וואָכנשריפט „דאָס אידישע לעבן" (לאָנדאָן 1923, נומ. 2—6, 1) מיט אַ קורצער „איינלייטונג" פון מאָרים מייער. לויט מ. מייער זענען די בריוו געשריבן זומער 1912. ס'איז נישט ריכטיק, ווי מיר זעען פון די ערטער, וואָס ווערן דערמאָנט אין די בריוו, זענען די בריוו געשריבן זומער 1911. די בריוו ווערן דאָ געגעבן אין דעם סדר, ווי זיי זענען געדרוקט אין „דאָס אידישע לעבן").

## 1

(פּון אַ קאָפּיע)

דאַמע ביים מעער,

אייער קאַרטע איז געלעגן, און געלעגן, אויף דער פּאָסט. איר האָט אדרעסירט נישט „טע־זעט", האָט מען אַלע מיינע אָנפראַגן געענטפערט מיט ניין. איך האָב שוין נישט געוווסט, וואָס איבערצוקלערן...

ענדלעך איז דעם פּאָסט־באַאמטן איינגעפאַלן צו פרעגן, צי איך שרייב נישט מיין פאַמיליען־נאָמען אמאָל אנדערש און אַזויערנאָך איז דער בוימל אַרויף אויפן וואַסער. —

דער בוימל — אַ קורצע קאַרטע (קיין צייט נישט געהאַט!) מיט

1) די קאָפּיעס פון די בריוו האָט נ. מייזיל באַקומען דורך אַ. גורשטיין און ש. ניעפּאָמיאַשטשי (מאָסקווע).

צוויי פראַגע־צייכן, איין צייכן — אָפּן, דער צווייטער איינגעשלאָסן...
און — אַ קעלט, ווי אין דער אייז־גראָטע, וואָס איך האָב באַזוכט אויפן
וועג... נאָר די אייז־גראָטע איז געווען אַ קינסטלעכע, איז די קעלט פון דער
קאַרטע אַ גאַנץ נאַטירלעכע. וואָס נייַן?

וואָס איר מאַכט, ווי אייַך גייט, וואָס פאַר אַ שטימונגען איר האָט,
וואָס פאַר אַ שטימונגען עס האָט דאָס מעער — דאָס אַלץ איז געבליבן
אין נעפּל...

איין גוט וואָרט איז געווען אין דער קאַרטע. פאַר דער אונטער־
שריפט. איז עס ווירקלעך וואָר? איר האָט שוין געוויס דאָס וואָרט פאַר־
געסן...

איך בלייַב אין סט.־מאָריץ־באַד (אַזוי דאַרף מען אַדרעסירן), אין
„עדעלווייס", ווו חתנים טרעפן זיך מיט כלות, און עס כשר... איבעראַל
באַזעצט. קיין אָרט אַ שפּילקע צו וואַרפן. און אומגעהייער טייער, טייער.
נאָר אויסגעצייכנטע בעדער, הערלעכע לופט, גרויסאַרטיקע אויספלוגע.
נאָר דערפון אַן אַנדערש מאָל. איך בין דענערווירט און וואָלט געשריבן
נישט דאָס וואָס מען דאַרף.

אייער י. ל. פּ.

## 2

(פון אַ קאָפּיע)

נעוועזענע „דאַאַטשניצע", יעצט — דאַמע ביים מעער.

אַזוי איז גוט... איך דאַנק אייך פאַרן הערצלעכן בריוו.

אָבער פאַרוואָס ווילט איר „שטימונגען"?

אַ שטימונגס־לעבן איז אַ בוך, וואָס מען האָט געזעצט פון אַ נישט־
איבערגעזעענעם מאַנוסקריפּט און געדרוקט אָן אַ קאָרעקטור...

איז דאָס א יי ב י ק ע נישט שענער פאַרן מאָמענט?

און וואָלטן די מאָמענטן נאָך בליצן געווען; זענען זיי אָבער
ש אָ ט ן . . .

זאָל אייך דאָס מעער געבן די קראַפט פאַרן אייביקן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס זאָלט איר פון מעער פאַרלאַנגען, נישט, ווי איר טוט, פאַר־
געסנהייט. אַ דרייַפאַכיק לעבן פירט אַ מענטש. ער לעבט זיין י ע צ ט
אין דער טעטיקייט, זיין צוקונפט אין דער ה אָ פ ע נ ו נ ג און לעבט

איבער זיין פּארגאנגענהייט אין דער ערינערונג. פון דריי טיילן באשטייט דאָס לעבן. נאָך וואָס ווילט איר אייך אָרעם מאַכן אויף א דריטל?

האָט איר אין אייער פּארגאנגענהייט (!) קיין איין שטראל, קיין איין פונק?

טרייבט נישט איבער.

און איז געקומען אייער „יעצט" אלס „ק ע נ ג נ ז א ץ", שרעקט אייך נישט. פאַלט ביי זיך נישט אָפּ.

— — — — — — — — — — — — — — —

לעבן איז עבן דער פּראָצעס, וואָס פירט ארויס סינטעזן פון טעזן און אנטיטעזן. און איז עפּעס וואָר, איז אויך, און פּונקט אזוי פיל, וואָר זיין אנטיפּאָד; און איז עטוואָס גוט, איז אויך, און פּונקט אויף אזוי פיל, גוט — זיין קעגנזאץ. אינעם באגריף פון ג ע ט ל ע כ ן שטעקט שוין דער טייוול; אינעם גליק — אומגליק; פון ביידע קומט דאָס לעבן, פון טעזע און אנטיטעזע...

נאָר נישט דאָס אָפּפאַלן ביי זיך אליין. מ ו ט י ק א ק ע ג נ־ ג יי ן ד ע ם ס י נ ט ע ז...

נ אָ ר נ י ש ט ט ר ו י ע ר ן!

הערט,

מען האָט אמאָל איינעם געפרעגט, וויפל קלוגע עס זענען פאַראַן אין שטאָט, האָט ער געענטפערט:

— זייער לייכט צו וויסן: נעמט די אלגעמיינע צאָל איינוווינער; שלאָגט אָפּ די צאָל פון די, וואָס וויינען; דערנאָך נאָך פון די, וואָס ל א כ ן... די רעשט, אויב זי וועט אייך בלייבן, וועט זיין די צאָל פון קלוגע.

און ווילט איר, מאַדאַם ביים מעער, נישט קלוג זיין, זייט, ווייניקסטנס — פריילעך!

זוכט, וועט איר געפינען מאָטיוון... אין זיך אליין זוכט, אין אייערע אויגן זוכט...

ע, דאַאַטשניצא...

— — — — — — — — — — — — — — —

א קלוגער ברייי.

מער קענט איר נישט פאַרלאַנגען.

צווישן דיביימער אין זאַקסישן גאָרטן באווייזן זיך ראיערן נישט אייגענע... שוואַרצע פעדערן — פרעמדע...

און באנקירן, און טוך־הענדלער, און באַלעבאַטים פון הייזער, און נאָך און אויערן־דאָקטוירים שפּאַצירן — מיט די בייכלעך, מיט די שטעקעלעך... מען ווערט קלוג...

איך וועל אייך נאָך שרייבן...

אייער י. ל. פּ.

3

(פון א קאַפּיע)

דאַמע ביים מער,

פאַרוואָס נישט יידיש?

פון וואַנען דער פאַרדריסלעכער טאָן?

איך האָב אייך פון יעדער שטעלע אַן „אויסזיכט" געשיקט. עטלעכע מאָל געבעטן, איר זאָלט עפּעס שרייבן וועגן זיך אַליין און — די דאַמע אם מעער שווייגט — שמאָלט...

איז מיר, און נישט דאָס ערשטע מאָל, נאַטירלעך, אַן אומרעכט געשען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

כאָן מאָריטץ און איבערהויפּט גאַנץ ענגאַדין איז זייער מאָלעריש, און דאָך באַשרייבן, טיילן זיך מיט אייך בריוולעך מיט די איינדריקע איז נישט אַזוי לייכט, ווי איר מיינט. וויניקסטנס פאַר מיר. מיך אינטערעסירט מער דער מענטש, די זעלע. ביי דער טויטער נאַטור, ווי שיין זי זאָל נישט זיין, האָב איך גענוס, אָטעם איך פרייער, רו איך בעסער. אָבער מיין שאַפונגס־עלעמענט איז עס נישט. ווען איך גיי אָדער פאָר דורך ביינאַכט איבער אַ שלאָפנדיק שטעטל, מיט פאַרמאַכטע לאָדן פון אין שאָטן איינגעהילטע הייזלעך, כאַפּט מיך אָן אַ בענקשאַפט, אַ נאָגנדיקער ווייטיק. הינטער די לאָדן לעבט מיינע גלייכן, ליבט, האַסט, ליידט, האָט נחת, און דאָס איז פאַר מיר פאַרשלאָסן... די שענסטע אויסזיכט שאַפט מיר נאָר פאַרגעניגן... און נישט שטענדיק. פון הינטער די שענסטע וועגן, וואָס וויקלען זיך אַרום באַרג, הערט זיך אַ געקלאַפּעריי. די שיינע הערן און דאַמען הערן עס נישט. דאָס אַרבעטן איטאַליענער אין הייזלען און האַקן אויס שטיינער, פון וועלכע עס קומען אַרויס פּאַלאַצן, קונסט־ווערק און ד. ג. גיי איך אָבער זעלטן מיטן „גלייכן" וועג, און זע די איטאַליענער, און זיי — הונגערן...

דער ענגאַדינער איינוווינער — אָדערן, אָן אַ מענטשלעך אויסזען. די פרויען — אַרבעטס־קי... איבערגעבויגענע קעפּ, פלאַכע בריסטן, טעמ־

פע אויגן... „ער" און „זי" האַלטן מילחמה, און אַ שווערע מילחמה, מיט דער ערד, איבער וועלכער מיר, די טוריסטן, די שפּאַציר־גייער, די קור־לייט, טראָגן זיך, ווי אויף פליגל, פון גענוס צו גענוס. אין אַ לאַנד פון האָטעלס. אין לוצערן איז פאַראַן אַן אוניווערזיטעט פאַר האָטעל־וועזן...

איך ווין אין „עדעלווייס". דער נאָמען פּאַסט דעם האָטעל, נאַ־טירלעך, נישט. גאַנץ שמוציק, פאַר דאָס כשר. דורך די היצן אונטן, איז אויבן איבערגעפּולט, און עס איז קיין פּלאַץ צו געפינען. מיר וואָלטן גע־מוזט אָפּפאָרן, ווען נישט טרונק, וואָס איז גראָד געווען אָן דער פרוי, און האָט אונדז זיין צימער אָפּגעטרעטן. ער האָט זיך אַ צייט אַרומגע־וואַלגערט. דאָס צימער איז ענג. נאָר אַ פענצטער האָט עס צו זעע. און די זעע איז ביינאַכט שיין. אַרום ב ר ע נ ע נ ד י ק ע האָטעל־פענצטער. פאַרגעסט דעראָן און זעט נאָר, ווי די באַלייכטונג שלאָגט זיך אָפּ אין דער זעע. פייערדיקע זיילן. אַ פייערדיק פרוכת — אַ ריינע פּאַבל. מוז מען אָבער די האָטעלס פאַרגעסן און דאָס וועט ערשט קומען מיט דער צייט, און מיט דער צייט וועל איך אייך די זעע־פּאַבל פאַרציילן...

פאַראַן אָבער־אַלפּינאַ. גרויסאַרטיקע וואַלד־וויזן. אַ ווילד צעליינגטער טעפּיך. אונטן — צוויי איינגעשלאָסענע זעען... ווי צוויי שפּיגלען... פאַר וועלכע פּעען?

נעכטן אָוונט איז געוואָרן ווינט. רוחות האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער די בערג. דאָס רוישן פון די פליגל וואַרפט אָן אַ שרעק. מיין צי־מער איז הויך, אין דריטן שטאָק, אַזוי נאָענט צו די רוחות. ווייטער אַ פּאַבל. עסט מען אָבער נאָך אונטן, אַרבעט מען מיט גאָפּל און מעסער, אין וועסטיבל רעדן ווייבער דייטש... האָבן זיך די רוחות דערשראָקן, און דאָס פּאַבל־געשפּענסט האָט זיך איבערגעריסן...

זייט נישט בייז. איך קען דעם פּאַפּיר נישט אַזוי פיל פאַרטרויען. ווען איר זאָלט וויסן, וואָס איך פיל און טראַכט, וואָלט איר מיר נישט געצירנט. ווירקלעך נישט.

שרייבט וועגן זיך. שרייבט.

ביי אונדז איז איצט י אַ נ ע ק, לאָזט ער קיין רגע רו. מיטוואָך פאָרט ער צוריק צו דער מוטער און מיט איר קיין וואַרשע...

עס איז אַ טריבער מאָרגן. דאָס שרייב־צימער איז פאַרנומען מיט געסט! מען שרייבט אין אַ טונקעלן וועסטיבול און געסט גייען אויף און אָפּ. צום און פון פרישטיק... און מען רעדט דייטש, משוגע צו ווערן.

אייער י. ל. פּ.

4

(פון א קאָפּיע)

דאַמע ביים מער,

איר מאַכט אַן איינדרוק פון אַ קינד, וואָס האָט, אין אַ צייט פון לענגערן רעגן־וועטער, פאַרגעסן, ווי אַ שיינער זומער־טאָג זעט אויס און קען זיך, אויף קיין פאַל, נישט דערמאָנען די זון.

ווייזט אייך נישט דאָס מעער, ווי פאַרענדערלעך די אייביקייט איז?

פאַרוואָס האַלט איר די שלעכטע שטונדע פאַר אייביק, דעם וואָלקן פאַר אומבאַוועגלעך פאַרגליווערט?

עס וועט אייך נאָך זיין, ווי עס ווינטשט אייך

אייער י. ל. פּ.

5

(פון אַ קאָפּיע)

(געשריבן אויף אַ פּאָסט־קאַרטל מיט פּרצעס פאָטאָגראַפיע)

ווי איר זעט — דער זעלבער.

געענדערט, אָבער אויף דער געפּערלעכסטער אַרט, האָט זיך נאָר דאָס אַרומיקע. פאַראַן „זאַכן", וואָס דערשטיקן, אויב זיי גיסן זיך נישט אויס אין געשטאַלט פון אַ קונסט־ווערק. איילט נישט. באַרואיקט אייך. עס וועט זיך אַלץ ערקלערן און אויפקלערן. מען מוז אַמאָל עמעצן, וואָס איז עס ווערט, פּ א ר ה י ט ע קענען זיין ווילן, וואָס איז זאָנסט געזעץ.

אייער י. ל. פּ.

6

(פון אַ קאָפּיע)

געוועזן אין טאַראַספּ — אַ חלום!<br>
האַלדזן זיך שבט איז (און) מאַי!<br>
צווישן זון און שניי<br>
אַן אייביקער שלום!

טאָלן —<br>
צום טאָלן!<br>
שליכטן — אומגעהייער!

אין זילבערנעם כלה־שלייער
בערג — צום אנטציקן!

לייכטע אבאזשורן־בריקן
איבער אָפּגרונט געשאָסן!

ציגן־גלעקלעך קלינגען...
דער „אין" יאָגט צעפלאָסן,
זילבער־וועלן זינגען,
לאַכן, צירנען און ברומען...

געווען, אהיים געקומען,
א העקסן־שום באַקומען.
דעם ייד שטעכט דער קרייץ —
אוים שווייץ!

דער דאַטשניצא א גרוס
פון — העקסנשוס!

י. ל. פּ.

7

(פון א קאָפּיע)

פעקסטאַל.

א גרינער טאָל, ארומגעשלאָסן מיט הויכע בערג — פון איין זייט — דער ווייסער גלעטשער, פון וועלכן דאָס לוסטיקע טייכל רינט, קלינגענדיק, און שניידט דורך דאָס טאָל אין דער לענג.

איבערן איינגעשלאָסענעם טאָל — הענגט א שטילער בלאָער הימל; בלאָ ווי די בלאָסטע כלה־אויגן, און אויך אזוי שטיל גערירט און אזוי אומשולדיק...

איבער דעם הימל מוז זיין א גוטער, א גוטהערציקער גאָט, וואָס קען קיינמאָל נישט צירנען, וואָס קען נישט דונערן און בליצן, און שטורמען...

און די געזעלשאַפט, וואָס לאָזט זיך צום גלעטשער, זענען אויך אזוינע גוטע...

א רומעניש רייך פּאָר מיט א יונג קינד, אַ מיידל, פול יידישן חן, נאָר אָן אַ וואָרט יידיש. רעדט דייטש און רומעניש. דער פאָטער, איינער פון דער קליינער צאָל יידן „מיט רעכט" אין רומעניען, האָט זיך שוין דערמאָנט, אז ער האט יידיש געקאָנט... רעדט שוין אמאָל מיט א גמרא־ווערטל, וואָס דאָס ווייב, אָן ערשט געקומענע פון קארלסבאד, קען קוים פארדייען... נאָר זי האָט ליב און פארגעטערט איר גרויסן, שטארקן, פול־בארעכטיקטן מאַן, פארקרומט זי זיך שטיל און האָנאָרירט מיך אויך; איר מאַן רעדט מיט מיר, מיטן ייד... זי ווייסט נאָר וואָס כשר, אָבער נישט, וואָס יידיש איז. כשר עסט זי, א כשרע קיך פירט זי. אפשר שאדט עס צום מאָגן? קען זיין, נאָר אז דער יידישער דין וויל אזוי! מען דאַרף, מען מוז זיין רעליגיעז. איר מוטער איז געשטאָרבן שמייכלענדיק אין די גרעס־טע יסורים — זי האָט געהאט רעליגיע...

איך לויב דאָס טעכטערל מיטן יידישן חן; זי נעמט עס אָן פאר ליב. זי ווייסט, איך בין א דיכטער. וואונדערבאר איז עס; פון יידישע מעשות, יידישע מעשהלעך, יידישע וויצן... האָט זי געהערט. יידישע פּאָ־עזיע, פאָעזיע אין דער „שפּראך"?!... דאָס וואָרט „שפּראך" באנוצט זי אויך מיר צוליב, דעם „דיכטער" צוליב. זי האָט, אייגנטלעך, נישט גע־גלייבט, נאָר זי האָט געהערט פון שטרוק. און שטרוק איז פרום, רעדט פיין דייטש. איז „דייטשער מאָלער", מען רעדט פון אים אין בערלין... און א שיינע באָרד ער האָט! און וואָס פאר א אויגן...

און זי מעסט מיך מיט אירע מאַמיש אויסגעבלאַקירטע אויגן און מוסטערט: אָן א באָרד, גאַנץ אַנדערע אויגן און דאָך א „דיכטער"... א יידישער!

זי קען זיך נישט איינהאלטן:

— איר שרייבט מיט גראמען אויך?

— — — — — — — — — — — — — — —

אונטערגעקומען אַנדערע, פון רוסלאַנד, צוויי ברידער מיט צוויי ווייבער מיט קינדער, איינער געקומען אויף נאכקור, דער צווייטער וווינט שוין דאָ א צייט, צו ראטעווען א יינגל, וואָס האָט א קרענקלעכן האלדז... מיט זיי — א דאַמע, א בריליאַנטן באהאָנגענע, פון בריסק. זי קען מיך, האָט קאָרעספּאָנדירט וועגן א פאָרלעזונג אויף אָרעמע לייט, נאָר דער גובערנאטאָר, דאָ מעג מען פריי רעדן, איז א הונט. איינער פון ברידער פאריכט: „סאָבאַטשיא נאטורא", דער צווייטער זעצט איבער: א כלב שבכלבים... און עס קומען נאָך און נאָך. און אַלע אזוי זאָט, אזוי רייך.

מען רעדט און עס קלינגט געלט — — און די געלט־בייטלער מוזן זען דעם גלעטשער...

איך צי מיך צוריק... כ׳פיל מיך, זאָג איך, נישט אין גאנצן... כ׳פיל מיך צו אָרעם פאר די רייכע ליט, וואָס טוען מיר און דעם יידישקייט א גרויסע טובה מיט דער „אָנערקענונג"... מען ברויך עס! נישט פאר זיך. זיי דאַרפן עס נישט, נאָר פארן פאָלק... איך צי מיך צוריק אין קאפע־הויז און שרייב צו׳ן אייך.

זאָל זיין איין גלעטשער וויניקער...

וואָס מאַכט איר?

אייער י. ל. פ.

8

(פון א קאָפּיע)

מארטעראטש גלעטשער.

דאָס מאַכט אן איינדרוק — קאָלאָסאַל.
אָבער נישט אַלץ (מאַכט) עס פארגעסן...
שטארקער וועקט זיך מאַנכער קוואַל...
און שטארקער פרעסן מאַנכע ווערמיקע צוויפל.

י. ל. פ.

9

(פון א קאָפּיע)

סילוואַ פּלאַנאַ.
בערגער מיט שניי, שנייענדע בערג,
אַלץ דאָס זעלבע ענגאדין.
שוין געוווינט... נאָר אַלפּן — בליען
דאָס איז ניי... דאָס ציט...
און אַזוי בליט. . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

י. ל. פ.

10

(פון א קאָפּיע)

גאַטירלעך, וויל סאַן מאָריץ פון דעם אַליין נישט וויסן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער ריבונו־של־עולם האָט א טעות געהאַט. קיין סאַן מאָריץ, אין

ווילא ערעלוויים, צו די דייטשע רבנים, צו די שיר־המעלות־זיננערנס מיטן שטיקעכץ אין די הענט און צו דער ווארשעווער־לאדזשער יונגער דאמען־קאלאניע, האט ער געדארפט שיקן שלום־עליכמען. ער וואלט רייך געווארן — א מענאזשעריע!

י. ל. פ.

11

(פון א קאפיע)

(געשריבן אויף אן אילוסטרירט פאסט־קארטל אויף וועלכן ס'איז א לאנדשאפט פון כורער וואסער־פאל)

דא בין איך געוועז צווישן טאג און נאכט,
פון עמעצן נעטראכט...

י. ל. פ.

12

(פון א קאפיע)

הערצלעכן דאנק פאר די קארטן. — איך האב דא געזען פיל שיינע זאכן און נאך מער נישט אינטערעסאנטע מענטשן. יעצט האב איך דא צוויי זייער אינטערעסאנטע מענטשן: דר. ראפאפארט (א געלערנטער) און דער ערשט־געקומענער שטרוק. דאס, צוזאמען מיט אייערע עטלעכע גוטע ווערטער, ווירקט...

זייט געזונט, שרייבט מער. באדט אייך אין ים. שווימט און לערנט אייך, ווי זיך צו באגיין מיט פאליעס...

גאנץ אייער
י. ל. פ.

13

(פון א קאפיע)

זאל אייביק זיין,
ווי דער ריינסטער הימל ריין,
און דער עבאן־ריים
דיין קעניגלעכער שטערן. —

און זענען באשערט טרערן
פאר דיין ברעם,
זאלן עס זיין טרערן פון פרייד!

זאָל דיין אויג נישט זען קיין לייד.
זאָל דיין אויער קיין שלעכטן קלאַנג נישט הערן!
און פון דעם, וואָס איז געמיין,
זאָל דיין האַנט באַרירט נישט ווערן!

פליסן זאָל דיין לעבנס־צייט
ווי אַ צויבער־טרוים, —
ווי אַ זילבער־שיפל זאַכט
איבערן פערל־שוים
פון דעם שטילסטן זעע,
אין דער שענסטער נאַכט...

י. ל. פ.

14

(פון אַ קאַפּיע)

ליבע דאַמע אַם מעער,

היינט האָב איך דעם ערשטן שבת־טאָג פאַר די אויגן; עס רעגנט! אַלץ איז איינגעהילט אין נעפּל, אַלץ פאַרוויינט, אַ שבת אַ טרויעריקער, אַ תישעה־באָבער.

איך האָב אייך, דאַכט זיך, שוין געשריבן, אַז „עדעלווייז" איז אַ פאַלשער האָטעל־נאָמען. דער פּאַנסיאָן איז נישט איידל, נישט ווייס, נאָר כשר... איך האָב אייך געשריבן, אַז איך האָב קיין צימער נישט, נאָר אַ פענצטער. אַן ענג בוידעם־שטיבל, נאָר אַ פענצטער אויפן זעע אַרויס.

נעכטן פאַרטאָג — קיין צייכן פון קיין זעע. אינעם קליינעם טאָל, אַרומגעשלאָסן מיט שוואַרצלעכע בערג, ציטערט אַ ווייסער וואָלקן ווי אַן אומגעהייערע ווייסע מאַליוסקע. נאָר אָט האָט זי פון אַ פייל געטראָפן — אַ טונקעלע ווונד. פון דער ווונד, וואָס פאַרשפּרייט און פאַרגרעסערט זיך סעקונדנווייז, שווימט אַרויס די בלאָע, בלאָע זעע און שמייכלט צום בלאָען הימל. דער ווייסער וואָלקן ציט זיך צו די באָרטיען, ווערט ווי איינגעזאַפּט אינעם זאַמד, דער זעע שטראַלט און באַלד לאָזט זיך איבערן שטראַלנדיקן זעע אַ קליין זעגל־שיפל, דזשיאָזעפּאַ (אַ גוט־באַקאַנטער איטאַליענער שיפל־פירער) אַרבעט שנעל, גראַציעז, פירט איבער אַ פּאָר פון ס"ן מאַריץ צום וואַלד־הויז צו דער מייעריי, פּיליכט צו דער באַן. דאָס פּאָר זע איך פון הינטן, נאָר יונג מוז עס זיין, שטראַלנדיק ווי דער מאָרגן,

וואָרום דזשיאָזעפּאָ, וואָס זיצט זיי אַקעגן, לאָזט פון זיי קיין אויג נישט אַראָפּ און זיין פּנים שטראַלט... און אַ מבין איז ער, דזשיאָזעפּאָ.

נאָכמיטיק האָב איך אייך אַרויסגעשיקט אַן „אויסזיכט" פון פּאָנט־רעזינאָ, ווו איך האָב אַן אויספלוג געמאַכט. צווישן און איבער צוויי גראָע בערג־ווענט — אַ ווייסער שטראַלנדיקער גלעטשער. אויפן וועג צוריק, ביים אונטערגאַנג פון דער זון, האָב איך נאָך עפּעס געזען. איבער אַ גאָלדיק פאַרביקער וויזע שווימט, זי דורכשניידנדיק, האַסטיק־קרעפטיק אַ שמאָלער, שווערער אַלטזילבערנער גלעטשער־פלוס. פון דער צווייטער זייט פלוס באַוואַכט פון איינצלנע, פאַריתומטע, קראַנקע לערכן מיט וואָ־לענע, צוזאַמענגעוואַקסענע קאָלטן־בלעטער. „איך בין געזונט", — מורמלט שטאָלץ דאָס וואַסער, — „איר שטאַרבט!" און העכער — אַ גאַנצער לערכן־וואַלד, — אַ הקדש... זיי שטאַרבן אויס די לערכן... און איבער אים אַ גלאַטער, זאַמדיקער ריזן־באַרג, וואָס גאָלדיקט זיך קעגן דער אונ־טערגייענדער זון. ער שפּעט אים נאָך: „איך בין אויך רויט, אויך גאָלדן"! די זון איז אַראָפּ, און אַ בלאַסע לבנה איז אַרויסגעקומען, פאַרחלומט־שאַטנהאַפט... און קוקט זיך אום, באַזעט איר מלכות...

שיין, אָבער טרויעריק. שרעקלעך טרויעריק — קיין איינציקער פויגל, קיין איינציקער טריל. דאָס אויער באַקומט נאָר דאָס פייפן פון דער עלעק־טרישער בערנינאַ־באַן. דאָס אַראָפּראַסלען פון די שטיינדלעך, פון אונטער די בערג־שטיינער פיס, אַמאָל — דאָס ווייטע רוישן פון גלעטשער־וואַסער, אָדער — גאָרנישט. אין דער הייך — רוי, שטרענג... אונטן דייטשן, אי־טאַליענער, פראַנצויזן, וואָס לויפן מיט גענעגלטע שטיוול, איינזאַפּן וואָס מער שיינקייט און באַקומען וואָס מער אַפּעטיט...

היינט וועט שוין גאָרנישט זיין...

עס רעגנט...

וואָלטן דאָ ווייניקסטנס בלומען געווען.

קענט איר די אַלפּנדיקע, האַרטע, שטעכנדיקע אימאָרטאַלען?...

„עדעלווייס" האָב איך ליב געהאַט אַמאָל, היינט נישט... געדענקט איר די מעשה מיט דוד־המלך, וואָס איז דאָרשטיק געווען און זיינע דריי גיבורים, וואָס האָבן דורכגעשפּאָלטן דעם שונאס אַרמיי און אים פריש וואַסער געבראַכט? דוד האָט דאָס וואַסער, וואָס איז געקומען פון לעבנס־געפאַר, אויסגעגאָסן...

איר זאָלט זען, ווו די „קינדער" — יינגלעך און מיידלעך, 5 — 7־יעריקע, — רייסן די בלימלעך, און די וועגן, מיט וועלכע זיי קומען אַראָפּ

אויף די שטראָסן, צו לאָקערן אויף די „שפּאַצירער״ און אויסצובעטלען
אַ פּאָר סאַנטים פאַר די בלימלעך...

באַהאַלט אייך דעם שטרויס, וואָס איך האָב אייך געשיקט, אויב
ער געפעלט אייך, נאָר גישט אַלס אָנדענקען פון מיר. ווען מיר זאָלן ריכ־
טיקע אויגן האָבן, וואָלטן מיר די בלימלעך געזען רויט, קינדער־בלוט־
רויט...

דער ווירט (אַ ייד מיט אַ קראָפּ, וואָס איז אַזוי אָפט צו טרעפן צווישן
די בערג) קומט צו, פאַרלייגט דעם קאָפּ אַזוי, ווי ווייט מעגלעך דעם
קראָפּ צו פאַרבאָרגן, און, ווילנדיק מיר זאָגן עפּעס גוטס און פיינס צום
גוט־מאָרגן (איך שרייב אונטן, עס איז צו פרי פאַר געסט!), מאַכט ער:
אַ הערלעך וועטער פאַר קאָרטן־שפּילער...

זייט געזונט, י. ל. פּ.

15

(פ ו ן א ק אַ פּ י ע)

עס רעגנט. וואָלט ווינט, וואָלט געוויטער געווען; עס רעגנט —
דער הימל וויינט, ווי אַן אַלטע אומבאַהאָלפענע תחינה־יידענע. אין
פינצטערן „עדעלוויים״־וועסטיבל דרייען זיך ארום פאַרחושכטע פּנימער...
מען הערט נאָר: מיאוס... לאַנגווייליק. אָדער: 20, 40 — דאָס ווערט 66
געשפּילט. איך ווינטש אייך אַ בעסער וועטער.

י. ל. פּ.

16

(פ ו ן א ק אָ פּ י ע)

און דאָך געפעלט מיר ס״ן מאָריץ היינט בעסער. עס איז מער
מ יי ן; אַלע האָבן אים פאַרלאָזט, אַלע פאַרשעלטן זיינע נאַסע וועגן,
פאַרוואָלקנטן בערג, טריפנדיקן הימל, שלעכטע קאַפעען און זענען זיך
נוקם אָן רעסטאָראַטאָר — נאָר איך איינער האָב אים אַצינד ווירקלעך
ליב, ליב אין זיין טרויער, אין זיין טריבן וואָלקנשלייער...

י. ל. פּ.

17

(פ ו ן א ק אָ פּ י ע)

אַ זון נאָך אַן איינגעשפּאַרטן רעגן. די שאָטן־זייט פון די בערג
איז סאַמעטן, זאַפטיק־גרין, טיף, ערנסט. די באַהעלטע — שמייכלעריש,

זינגריש. דאָקעגן דער הויכער באַרג רויכערט זיך. אַ מיזבח מיט קרבנות פֿאַר אַ בייזן גאָט, אַ טיר — און פֿיליכט — מענטשן־פֿרעסער!

עמעץ קלאַפּט מיר אין אַקסל: „קומט שפּאַצירן!” — פּויליש — אַ דאַמע פֿון לאָדזש. זי זעט נישט, ווי באַשעפּטיקט איך בין... בלינד.

י. ל. פּ.

18

(פֿון אַ קאָפּיע)

ליבע דאַמע ביים מעער,

סט. מאָריץ זעט אויס, ווי אַ טרויער־פֿאַרשלייערטע כּלה. און דער טרויער פֿון אייער בריוו גיסט זיך מיט אַלעם צוזאַמען. פֿאַרוואָס זייט איר אַזוי מוטלאָז? איר האָט נאָך פֿאַר זיך אַזוי פֿיל לעבן, אַזאַ ווייטן וועג; איך בין זיכער, עס וואַרט אייך נאָך אַזוי פֿיל פֿרייד... נאָר דאָס אַלץ וואָלט איך אייך אַזוי גערן געזאָגט, פֿון מויל צום אויער. דאָס אויפֿגעשריבענע וואָרט איז אַזוי קאַלט... און ווען אַ וואָרט שיין איז, איז עס קריסטאַל.

עס ווערט באַנג פֿון אייער בריוו. און איינזאַם, וואָס גרעסער דעם עולם איז, איז מען אַזוי אויך. איר דערמאָנט יאַנעקן, העלען, טרונק: יאַנעק איז שוין אַ וואָך נישט דאָ, די אַנדערע — שוין ד ר י י. עס דרייען (זיך) פֿאַר די אויגן פֿילפֿאַרביקע פּופּן אָדער גראָע דייטשקעס. עס איז מיר אַלץ אַזוי פֿרעמד. און די מענטשן עסן נישט, נאָר פֿרעסן, טרינקען נישט, נאָר זויפֿן, שפּאַצירן נישט, נאָר ווילן אויסטרינקען די לופֿט, די זעען; די בערג איינזאַפּן. און נישט אויס ליבשאַפֿט — עס קאָסט געלט!

דאָס מעער איז שיין, שרייבט איר, פֿילפֿאַרביק; איך האָב ערשט קיין לוסט צום מעער. איך וואָלט זיך ערגעץ געוואָלט באַהאַלטן, נאָר איין מענטש זאָל וויסן די אַדרעסע.

אויב איך האָב עמעצן באַליידיקט, איז עס אייער שולד. שפּאַסט נישט וועגן דעם, וואָס איז עמעצן הייליק... אָבער — נעמט מיין ענטפֿער אויך אַלס שפּאַס, אויב איר קענט; איך קען נישט. דאָס איינציקע קען איך נישט. און דאָך קען איך פֿיל, פֿיל ליידן, זייער פֿיל אויסהאַלטן, זאָגאַר סט. מאָריצער דאַמען־געזעלשאַפֿט...

דאָ איז אויך היינט אַ „ציוניסטיש־יידישער” אָוונט. אַזוי זאָגט דער אַפֿיש. די רעדל־פֿירער: דר. באָדענהיימער, הילדעסהיימער און אַנדערע היימערס. איך „נעם אַנטייל” אַלס נ י ש ט ־ צ י ו נ י ס ט, בפֿירוש

אלס אזעלכער. איך וועל מעשות פארציילן... די דייטשן וועלן נישט פאר־
שטיין די שפראך, די פויליש־יידישע געזעלשאפט — דעם אינהאלט; איך
וועל פארציילן ע מ ע צ ן, וואס וועט נישט הערן. זענט איר אוונט
ביים ים? אלע וואסערן פאלן אין ים אריין. פיליכט וועט אייך א פאליע
ברענגען א קלאנג פון א יידישער פאבל, דערקענט!

איך פאר נאך א פאר טעג אהיים. נישט דירעקט, און ווייס נישט
ווו ארום, און קען אייך קיין אדרעס נישט אויפגעבן. כ'וועל זיין אביסל
נע־ונד, אן א ווארט פון אייך. שרייבט נישט, אבער פארגעסט נישט.

אייער י. ל. פ.

## 19

(פ ו ן א ק א פ י ע)

דאמע ביים מעער,

איך האב אוועקגעלייגט צו אייך א טרויעריקן בריוו — עס איז
נישט גוט געווען אויפן הארץ — און צינד האב איך חרטה, וואס איך
האב צו א יי ע ר ע נאך מ יי נ ע צוגעגעבן. — דאס קעסטל אבער
נעמט און גיט נישט צוריק. פארצייט. איך וועל עס מער נישט. —

זייט און מאכט פריילעך!

י. ל. פ.

## 20

(פ ו ן א ק א פ י ע)

דאמע אם מעער!

א מענטש דענקט און זיין ליבער נאמען לענקט.

איך האב אייך געוואלט שרייבן, אויב נישט יעדע שטונדע, ווײ־
ניקסטנס יעדן טאג, — שיקט ער מיר א גערשטן נאך א גערשטן...

וואס מאכט דער באלטיק?

אייער י. ל. פ.

## 21

(פ ו ן א ק א פ י ע)

דאמע ביים מעער!

מאנטיק מיטיקצייט פארן מיר אריין קיין סאן מאריץ (שפעטער —
טאראספ) איבער ווין...

איז מעגלעך, איך זאָל אין סאַן מאָריץ אייער אַ פּאָר ווערטער באַ־
קומען — זיי זאָלן מיך אָפּוואַרטן? יאָ?

איר זייט אַמאָל אַזוי גוט, אַזוי גוט, ווי אייערע בריוו...
אויס די אויגן, טיפער אין האַרץ.

י. ל. פּ.

## צו יהואָשן, ניו-יאָרק

(פּאָסט-קאַרטל)

וואַרשע 1892 26-טן אַפּריל

(אַלטן סטיל)

(איבערזעצונג פון העברעיש)

מיין פריינט!

איך גיב איבער צום דרוקן דעם דריטל טייל, 1) און כ'בעט דיך ווידער זאָלסט מיך נישט פאַרלאָזן. כ'האָב איבער מיר אַ סך משוררים, וואָס „טוען שאַלן אַ שאַלונג", אָבער כ'האָב נישט קיין איין לייטיש ליד צום דרוקן. זאָלסט נישט אָפּזאָגן דיין גוטס „דער ביבליאָטעק".

דיינע לידער און מיינע האָבן אָנגעמאַכט אַ מהומה צווישן אונ-דזערע „משוררים". די וועלט איז געוואָרן אַ פאַרדרייטע און אַלע בריקן זענען פאַרברענט געוואָרן און ס'איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צוצוקומען צו זיי.

אויב דו וועסט מיר נישט שיקן דיינע לידער, וועט אין „דער ביב-ליאָטעק" חיין לידער איננאַנצן נישט זיין. ראָזאַ גאָלדשטיין2) וועט טאַ-קע ברומען ווי אַ טויב און איך פ ו ן כ ע ס וועל זיין פאַרביטערט און שרייען ווי אַ לייב, נאָר דער סאָלאָוויי איז נישטאָ.

מיין פרוי גריסט אייך.

דיין ברודער

ל. פּרץ.

---

1) חלק ג — דריטער טייל פון זיין „דיא יודישע ביבליאָטעק" וועלכע איז אַרויס ערשט אין 1895 (צענזורירט דעם 16-טן מערץ (אַלטן סטיל) 1895).

2) געדרוקט לידער אין פּרצעס „ביבליאָטעק".

(צו דעם זעלבן)

(פּאָסטקאַרטל)

(פּאָסט־שטעמפּל)

וואַרשע, 1892, דעם 15־טן אַפּריל

(אַלטן סטיל)

(איבערזעצונג פון העברעיש)

מיין פריינט!

דיין טרויעריקן בריוו האָב איך באַקומען. און דאָס איז טאַקע דאָס בילד, וואָס דו האָסט מיר שוין לאַנג פאַרגעשטעלט פון דעם פרייהייטס־לאַנד. ווען איך בין דאָרט, וואָלט איך נישט געגאַנגען העלפן דעם פּראָ־לעטאַריאַט, ווארום דער ווייל זיך בשום־אופן מיט מיר מיתחתן זיין. איך זוך אין יעדער באַוועגונג אַ מאָראַלישן יסוד. די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג האָט אַזאַ יסוד, אָבער ער ווייל אים נישט קענען. אָבער דאָ איז נישט דאָס אָרט זיך אָפּצורעדן דאָס האַרץ וועגן באַוועגונגען. פון דיין בריוו ווייס איך נישט קלאָר:

1) צי האָסטו באַקומען האָנאָראַר פאַר די לידער, וואָס זענען אָפּ־געדרוקט געוואָרן אין דער ביבליאָטעק דורך בן־אביגדור.

2) צי דו קענסט מיר נישט העלפן ווייטער מיט עפּעס.

דיינע לידער אין דער ביבל זענען געפעלן געוואָרן אַלע לעזער און מבינים. ס'איז דאָ אפילו אַ סך, וואָס פאַרגינען נישט און זוכן חסרונות. אָבער זיי זענען נידעריקער אין כמות און אוודאי אין איכות.

זיך צו באַטייליקן מיט לידער אין דער ביבליאָטעק איז — ווי מיר דאַכט זיך אמת און אויפריכטיק — אַ חוב, וואָס דו ביסט שולדיק דעם אָרט, וואָס דו ביסט אַוועק פון אים, און צו שרייבן וועגן די יידן אין אַמעריקע, זייער לעבן און אָנשטרענגונגען, וועט דיר לייכט זיין. האָסטו נישט קיין רייזע־לידער? ים־לידער? אָנקום־לידער (קיין אַמעריקע!)? קאָנסטו נישט עפּעס דערציילן וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע?

זאָג נישט אָפּ די טובה דיין ברודער דאָ און איך בלייב

דיין פריינט און פאַרערער ל. פּרץ.

מיין פרוי געדענקט דיך און גריסט דיך. אַ סך דאָ דערמאָנען דיין נאָמען. ד"ז.

דער יידישער פּאָעזיע דאַרף מען איצט אָפּגעבן כבוד און אַכטונג! און די לעזער הייבן אָן צו פאַרשטיין.

(נישט דאַטירט: 1907)

ליבער יהואש,

אייער בריוו האָט מיך ווירקלעך דערפרייט. כמעט ווי אַ גרוס פון יענער וועלט. די שרייבער פון צעזייט־ און צעשפּרייטן פאָלק זענען צע־זייט און צעשפּרייט, ווען זיי וווינען אפילו אין איין וועלט־טייל, אין איין לאַנד, אין איין שטאָט. אייער גרוס אַן דינעסאָן וועל איך אָפּגעבן נאָך היינט, מיין פרוי ערשט נאָך יום־טוב; זי איז אויף אַ זומער־וווינונג. און אייער בוך האָב איך שוין אַ מאָנאַט צייט געלעזן — אין קראָקע.1) מי־לער (אַלכסנדרוב),2) וואָס האָט געוווילט אין קראָקע, ווו איך בין אויך, פאַרנדיס קיין זאַקאָפּאַנע, געוועזן, האָט מיר דאָס בוך געגעבן, און איך האָב עס איינגעשלונגען 3). דאָס באַפרייט אייך דאָך נישט פון שיקן איין עקזעמפּליאַר. מיין אדרעס: וואַרשע, צעגלאַנאַ 1, ווייל דאָס עקזעמפּלאַר, וואָס איך האָב געבראַכט פון קראָקע, קורסירט אַרום; מען לעקט פון אייך די פינגער. אָנפאַנגס איז מיר דאָך שווער געווען זיך צוצוגעוווינען צו אייער אַמעריקאַנישן סטיל. די וואַרשעווער זאַכן (מיזמור שיר ליום השבת... בית שני...) 4) זענען (פאַר אונדז) ווייכער, מעלאָדישער. צום צווייטן און דריטן מאָל בין איך דאָך צום געשמאַק געקומען. אַמבעסטן געפעלן מיר די נאַטור־באַשרייבונגען; זיי זענען די אָריגינעלסטע. די ראָמאַנצן, אָנגעשטעקט מיט היינע, פילן זיך שלעכט נאָך — היינע... איך פאַרשעלט די טעג, ווען כ'האָב'ם געלעזן, און די זאַכן, ווו איך האָב אים נאָכגעמאַכט. דאָס „געניעניאַלע" ליצנות איז דאָך נישט מער ווי — אימפּאָטענץ... אין בעסטן פאַל: זעלבסט־פאַראַכטונג. מיר טאָרן נישט ליצנות טרייבן... עס מוז געבויט און געפלאַנצט ווערן; מוז מען זיך אַמאָל פאַרקרומען, איז צווישן פיר ווענט, פאַרן שפּיגל, נישט פאַרן פּובליקום. לאָמיר נביאים און פירער ווערן, נישט מאַרשאַליקעס...

נאָר דאָס געהער שוין נישט צו דער זאַך... דער עיקר, איר האָט אונדז אַ פּראַכטפאָלע מתנה געגעבן! אויב איר ווילט אַן עצה פון אַן

1) פּרץ איז געוועזן אין קראָקע אויגוסט 1907.

2) ה. אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אָ וו (1869—1909), באַקאַנטער יידישער שריפטשטעלער. זע: ז. רייזען, לעקסיקאָן 1, 102—104 און דער זעלבער אין „יוואָ־בלעטער" 5 (1933), 137 — 151.

3) אין יענעם יאָר זענען אין ניו־יאָרק אַרויס יהואשעס „געזאַמלטע לידער" 388 זייטן.

4) ביידע געדרוקט אין פּרצעס „יידישער ביבליאָטעק" ב. 2, 186—180.

עלטערן: באַפרייט אייך פון ענגליש־אַמעריקאַנישן סטיל, ווערט צוריק אונדזערער, צוריק פּליסנדיק! צוריק ציטער־קלאַנגען.

איך פאַרזיכער אייך נאָך אַמאָל: אויף מיר און אויף אַלע אַרום האָט דאָס בוך אַן אומגעהויערן איינדרוק געמאַכט. איך קאָן אייך שיקן גריסן, דאַנקבאַרע, הייסע פון יינגלעך, מיידלעך און ווייבלעך און דווקא — שיינע. זייט געזונט. שרייבט.

ערב יום־כּיפּור.

פּ. ס. איר האָט גאָר קיין פאַמיליען־נאָמען נישט?

אייער

י״ל פּרץ.

---

## (צו דעם זעלבן)

(נישט דאַטירט; סוף 1907).

ליבער יהואש,

מיט אַ ייד זאָגט מען, איז נוט צו גיין אין באָד אַריין. וואָס ווילט איר פון מיין לעבן? פון וואָס זענט איר אומצופרידן? אַ יונגער מענטש, וואָס שענקט זיין פאָלק אַ בוך פּאָעזיע, דאַרף זיין שטאָלץ, זעלבסטבאַוווסט, נישט נידערגעשלאָגן און נישט שמאָלנדיק, ווי אַ באַלעבאַטיש־פאַרצוינגן נאַריש ווייבל. וואָס פעלט אייך? וואָס ליגט איר (זיך) איבער דער באַנק, בעטנדיק שמיץ?

שעמט אייך. איך האָב אייך געבעטן אַ באַנד, ווייל, ערשטנס האָב איך געוואָלט האָבן אַ באַנד פון א י י ך, צווייטנס גייט דאָס באַנד וואָס איך האָב געבערענגט פון קראָקע אַרום אין די הייזער און אויב איך וועל עס אַמאָל צוריק באַקומען, וועט עס אויסזען, ווי אַן אַלט אויסגע־וויינטע תּחינה — מען לעקט די פינגער, איבערהויפּט יונגע ווייבלעך — — וואָס קרעכצט איר.

וואָס פאַר אַ קאָמיש־קינדיש־נאַריש בלעטל האָט איר צוגעקלעבט צום באַנד וואָס ליגט איך (איר) אייך?

איר ווילט אַן אויספירלעכע מיינונג וועגן סטיל, נאַכאַמונג היינע א. ד. גלייכן? מהיכא־תיתא. דעריבער טאַקע האָט זיך מיין ענטפערן אַביסל פאַרשפּעטיקט. איך האָב געוואַרט אויפן בוך.

אַצינד האָב איך עס און מיש צופעליק אויף און טרעף:

1) „אַ שפּראַך מיט אַ מאָל די נאַטור קריגט די שטומע". היינע זאָל עס: די שטומע נאַטור קריגט מיטאַמאָל אַ שפּראַך.

2) „דער קום אונדז וועט אויף טויט פארסמען" אויפגעוויקלט וועט זיך אויסנלייכן גאָר גלייך: אונדז וועט דער קום אויף טויט פארסמען.

3) „די אויגן דיינע מיט לוסט פון ראַכע ברענען". מיינען מיינט דער פסוק: „ברענען מיט לוסט פון ראכע". און אינגאנצן איז עס אביסל שווערלעך. אפשר: צ ו ראכע? אפשר ראכע־לוסט?

4) „פאר קינדער פון גליס העלער טאָג איז געמאכט". לאָגיש איז: דער העלער טאָג איז געמאכט (בעסער: באשאפן) נאָר פאר קינדער פון גליק. יידישלעך: גליקלעכע קינדער. די פערזאָניפיצירונג איז געקינסטלט אין א יונגער ליטעראטור, וואָס שטאמט נישט ארויס פון א מיטלעלטערי־שער און האָט נישט געירשנט קיין חכמות.

אין אייער(ע) ווארשעווער זאכן זענען אזוי(נע) נישט־געשיקט־לעכקייטן נישט פאראן, האָב איך גערעכנט, אז עס איז אמעריקאניש, ענגליש; קיין ענגליש קען איך נישט.

און אויב עס איז נישט ענגליש נאָר איינפאך צוליב ריים און פערז־מאָס פארקריפלט, האָט טאטי (טאקע) אייער שיין פּאָעטיש פנים עטלע־כע קליינע אויסוווקסן צום אָפּשניידן. מאי כולי האי?

איר מישט אין דער פראגע אריין העברעיש, מיט וועלכן איר ווילט אייך פארטיידיקן, און — איך (איר) באשולדיקט אייך נאָך מער. שיין איז אָן אַלטע קירכע, שיין א נייע באן־סטאציאָן; בויט א הויז האלב אויף האלב פון ביידע סטילן. נאָר די העברעישע ווערטער, וואָס זענען פאר־יידישט געוואָרן, נאָר די, וואָס ווערן באנוצט אין מ א ר ק, אָדער אין בית־המדרש, ווען עס פּאסט לויט טעמאט און פערזאָן קענען באנוצט ווערן. אנדערע — זענען דיסאָנאנסן, אויערקראַצנדיקע.

און אין דעם פאל האָט איר נאָך מער אויפן געוויסן. אייער שפּראַך איז דעריבער געוואָרן (אין ווארשע איז זי געווען) ווייניקער מו־זיקאַליש...

דארף איך אייך באווייזן, אז עס איז געווען א צייט, ווען אלע יידישע דיכטער און שרייבער האָבן נאָכגעמאכט היינען? בין איך דען דערביי נישט געווען און ארום זעלבן ענגל גלייך מיט אלע, אויב נישט פריער פאר אלע, געטאנצט?

דארף איך אייך באווייזן, אז איר האָט אין יענער צייט געשריבן און דערפון נישט פריי געווען?

ווייסט איר נישט, אז דאָס זענען שטימונגען, נישט קראפט; בענק־

שאפטן, נישט ליבע; אימפּאָטענץ, וואָס האָט זויערע וויינטרויבן, (!) ווייל — אייליקע ציין?

אַז מען קען קיין הויכן צים, אלא שעלי, נישט ארויסגעבן (!) פון קראַנקן האַלדז, ענדיקט מען מיט אַ ווּליוּנגערישן פייף...

קראַפּט! קראַפּט! קראַפּט! נישט געניאַלע בדחנותדיקע זיס־וויניק־וויציקע אימפּאָטענץ־רעמינעסצענצן. האָט ליב אָדער פיינט, נאָר קווענקלט נישט...

און זייט שטאַרק, זיכער, פעסט, שטאָלץ און אַרבעט, ווי עס ווינטשט אייך אייער ווירקלעך גוטער ליבנדער פריינט

י"ל פרץ.

## צו די זילבערס, ניו־יאָרק

(געשריבן קיין ניו־יאָרק 1889)

(איבערזעצונג פון פּויליש)

געערטע הערשאַפט זילבערס, 1)

טיילווייז איז הער ווינער געזעצט, האָט אייער בריוו מיך זייער דערפרייט. ער איז געווען פאַר מיר אַן אָפּקלאַנג פון בעסערע, יונגע צייטן, ווען דער ספּלין האָט נאָך נישט ארומגענומען דעם מענטשן, ווען דאָס בלוט האָט נישט צירקולירט אַזוי פויל און די נערוון זענען נישט געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט. און דאָך: עס ליגט ביי מיר אייער בריוו שוין צען טעג און איך האָב נישט געענטפערט. ער וואָלט אוודאי פאַרלוירן געגאַנגען נאָך אַביסל צייט, ווען נישט דער צופאַל, ווען נישט יום־טוב. איך האָב גענישטערט אין טיש און אים געפונען.

עס פרייט מיך זייער, וואָס אייך גייט גוט, ווייל איר זייט ווילע מענטשן. דעם אמת געזאָגט, גייט מיר אויך נישט שלעכט.

עס פעלן מיר שוין נישט קיין קאָפּיקעס, נאָר רובלס, אָבער איך בין נרוי געוואָרן, חושך געוואָרן. די אויגן ווערן קאַליע, דער הומאָר איז נישט וואָס אַמאָל. מיט איין וואָרט איך גיי באַרג אַראָפּ. איך אַרבעט אָבער אַ סך.

1) זילבער איז געווען פּרצעס אַ שותּף אין אַ ברויז אין צוויזמער (ז. רייזען, לעקסיקאָן 2, 980), שפּעטער האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע. ער איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק.

וואָס איז שייך דר. ווינער 2) האָט ער רעכט, ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, אָבער נאָר טיילווייז: 1־טנס, ער האָט אָנגעשריבן זיין אדרעס אזוי נישט קלאָר, אַז איך קען אים נישט ענטפערן. 2־טנס, דאָס שיקן דעם בוך האָט נישט געקאָנט פארבונדן ווערן מיטן ענטפער אויף א בריוו, ווייל דר. ווינער האָט זיך מיט מיר באקענט פערזענלעך און ער ווייסט זייער גוט, אז איך וואָלט בעסער געהאַקט האָלץ איידער געענטפערט אויף ליטעראַרישע בריוו.

אָבער דאָס איז א קלייניקייט. איך האָב צו אייך א בקשה, אייגנטלעך עטלעכע בקשות. זיי זענען אייך מחייב אויף אזוי פיל, אויף וויפל איר קענט זיי אויספירן אָן אָנשטרענגונג אין אַרבעט און צייט.

1. איך וויל אייך בעטן דר. ווינערס אדרעס, ווייל איך דאַרף עפּעס אָפּנעמען ביי אים 3).

2. אפשר וואָלט איך געקענט דורך אייך באַקומען א קאָמפּלעקס אויסשניטן פון מיינע אַרבעטן, וואָס זענען געווען געדרוקט אין „צוקונפט" און „אַרבעטער־צייטונג". די קאָסטן וועל איך מיט פארגעניגן און דאַנקבאַרקייט אומקערן.

3. אפשר וואָלט איך געקענט דורך אייך פארקויפן אין אַמעריקע די מאַטריצן פון מיינע ווערק.

צום סוף נאָך אַן עינין:

4. דער פאַרלאַג שרהזאָן עט זאָהן 4) (185 ע. בראָדוואַי) האָט מיר פּאָרגעלייגט (דעם 6־טן יאַנואַר!) מיטצואַרבעטן אין זיינע אויסגאַבן. איך ווייס נישט, ווי מען צאָלט דאָרט — אויב מען נאַרט נישט אָפּ, ווי אין אַנדערע ערטער, ווו מען נעמט צו דעם כתב־יד אָן געלט א. א. וו.

אפשר וואָלט איך געקענט שיקן צו אייך די מאַנוסקריפּטן פאַר יענער פירמע? און אפשר דאַרף מען נישט? איז דאָס א ראַיעלע פירמע?

---

2) דר. לעאָן ווינער, דער מחבר פון דעם פּיאָנערן־ווערק איבער דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור (אויף ענגליש). ווינער האָט זיך באַקענט מיט פּרצן אין וואַרשע, אין 1898.

3) פּרץ האָט אַנטליען ווינערן זיין זאַמלונג יידישע פאָלקס־לידער, דער דאַזיקער מאַנוסקריפּט געפינט זיך איצט אין דר. י. שאַצקיס באַזיץ, געשאָנקען טאַקע פון ווינערן גופא.

4) די אַרויסגעבער פון „יידישן טאַגעבלאַט". וועגן די באַציונגען פון טאַגעבלאַט צו פּרצן זע די אינטערעסאַנטע הערה אין יעקב מילכס שריפטן: „יידישע פּראָבלעמען", ב. 2, ז. 18 — 19.

איך וואַרט אויף אייער תשובה און פאַרבלייב מיט אויפריכטיקער פריינטשאַפט

ל. פּרץ.

די אויפריכטיקסטע גרוסן פון העלענען.

---

קולטור־אויסגאַבן
י. ל. פרץ
וואַרשוי, צעגלאַנאַ 1.

(נישט דאַטירט; אַן ערך 1899)

(צו די זילבערס, ניו־יאָרק)

(איבערזעצונג פון פּויליש)

געערטע הערשאַפט זילבער.

קודם־כל אַ ידיעה וועגן לוציאַנען 1). מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער געענדיקט אין וואַרשע דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט, איז אַוועקגעפאָרן ווייטער זיך בילדן קיין בערלין און שווייץ... און נאָך אַ יאָר פון וואַנדערן געקומען אַהיים מיט אַ כלה. דאָס איז העלענע, די טאָכטער פון ש. אייזענמאַן פון וואַרשע. אין אַ יאָר אַרום איז פאָרגעקומען די חופּה. פאַרשטייט זיך, אַז הער ש. אייזנמאַן קען נאָך נישט פאַרדייען די „חרפּה"; אָבער נישט מיך און נישט אונדזערע קינדער גייט אָן זיין מאָראַלישער מאָגן. לוציאַן האָט אַ שטעלע ביי נאַטאַנסאָנען 2). ער באַקומט דערווייל 75 רובל אַ חודש, מען קען דערפון לעבן, ווייל מיר ווינען צוזאַמען. מיר מאַכן אַביסל חובות, אָבער דאָך נישט אַזוי פיל.

לכתחילה איז די באַציונג צווישן מיר, אַ באַאַמטן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, און אייזענמאַנען, אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג, געווען אַביסל אַן אויסטערלישע, אָבער אויך דאָס האָט זיך אויסגעגליכן. ער פרעגט נישט, איך דערמאַן נישט און געענדיקט. די קינדער לעבן גליקלעך און געזונט 3).

---

1) לוציאַן — פּרצעס זון.
2) אַ באַנק־הויז אין וואַרשע.
3) וועגן די פאַמיליען־באַציונגען צווישן שלומה אייזענמאַן, „אַ חסיד בן חסיד" און פּרצן זע דעם אינטערעסאַנטן בריוו פון יעקב דינעזאָן, וואָס דר. י. שאַצקי האָט פאַרעפנטלעכט אין „פּינקס", ניו־יאָרק, 2, 61—69 .1929

איך בין מסופק, צי אין איצטיקן מאָמענט וועט מיר געראָטן עפּעס צוצושיקן קיין אַמעריקע, ווייל איך הייב אַליין אָן ארויסצוגעבן. דערפאַר אָבער וואָלט איך שטאַרק געוואָלט פאַרקויפן מאַטריצן. איז די פראַגע: וואָס וועט מען געבן פאַר אַ בויגן? ווען איך וואָלט געהאַט דעם פּרייז, וואָלט איך זיך באַמיט צו דערגיין וואָס-וועט קאָסטן דאָס ארויסשיקן און דאָן געקענט וויסן, צי דער גאַנצער עסק וועט זיך לוינען.

אויף יעדן פאַל וואָלט איך געפאָדערט, אַז ער זאָל דעפּאָנירן ביי אייך אַ נישקשהדיקן אַדערויף, וואָס זאָל לכל־הפּחות דעקן די הוצאות פון אַ טאָפּעלן איבערשיקן.

אויב דער בעלן וואָלט געהאַט עמעצן אין וואַרשע, וואָלט איך געוואָלט אָפּגעבן די סחורה אויפן אָרט.

וועגן ארויספאָרן קיין אַמעריקע איז שוין שפּעט צו רעדן. נישטאָ שוין קיין כוח!

אפשר טרייב איך אַביסל איבער, ווייל איך בין נערוועז, אָבער איך פיל זיך זייער נישט גוט, עפּעס אַ בענקשאַפט און מען ווייסט נישט נאָך וואָס...

דר. ווינערן האָב איך געשריבן. אויב איך וועל נישט קריגן דאָס ווערק אין משך פון אַ געוויסער צייט, וועל איך עס קויפן. —

וואָס הערט זיך ביי אייך?

אייערע בריוו לעבן אויף די אַלטע, אָרעמע, זייער אָרעמע, אָבער פריילעכע צייטן.

גרוסן פון פרוי און קינדער. —

**אייער**

**לעאָן**

(אונטן איז פאַראַן אַ באַמערקונג: „דאַברע פּיוראָ" — אַ גוטע פּען).

---

## צו דוד פּינסקי

(נישט דאַטירט; אָן ערך 1906)

ליבער פּינסקי,

איך האָב היינט אייער בריוו ערהאַלטן און ענטפער שוין; דאָס איז אַ סימן־דלות און איינגעוועגס אָן ענטפער אויף דער פראַגע „וואָס איך מאַך". אַז מען פאַרדינט, גיט מען אויס, דערנאָך האַקט זיך אָפּ, בלייבט

מען נאָל. דער „וועג" 1) צאָלט נישט, בין איך „אַראָפּ פון וועג"; פון ערשטן (לויטן אַלטן סטיל). און דאָ פיל איך מיך אָפּגעשוואַכט און וואָלט נעדאַרפט ערגעץ פאָרן. נאָר אַזוי גייט עס שוין און זיין ליבער נאָמען אָדער ער העלפט אָדער נישט.

עס פרייט מיך אויף אייער „היינריך היינע", אויבוואָל דער אַלטער היינע האָט ביי מיר לאַנג שוין דעם חן פאַרלוירן. מיר, וויניקסטנס, האָט ער פיל שאָדן אָנגעמאַכט. „כאַפּט'ן דער מצה־רעדלער", ער האָט מיך אָנ־געשטעקט מיטן לייכט־אָנריירן און פאַרקרומען זיך, וויניקסטנס אין די ערשטע אַרבעטן מיינע, נאָר אויך אין די ערנסטע לאָזט מיך דער לאַך־מענטש נישט אָפּ. דער חשק, איבערצודרייען דעם שפּיגל אויף דער פינצ־מערער זייט איז געפערלעך.

אייער „מוטער" 2) איז געווים נישט דאָס, וואָס עליאַשעוו 3) מיינט, נאָר מיין מיינונג קען איך צוריק נישט נעמען. איך ווייס נישט, ווי די „פרוי פון מעטער" זעט אויס אין אָריגינאַל; איך ווייס נישט, וועלכע אי־בערזעצונג איר האָט געלעזן [illegible] איך ווייס נאָר, אַז ד י. וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען גוט. די [illegible] פון [illegible] רעדט א י ר שפּראַך. מעגלעך איז אָבער אויך, [illegible] טעאַטער, ווו די בעסטע פון די אַקטערן [illegible] שפּילן נישט. אַריינטראַכטן זיך אין אַ טיפּ, אויסשטודירן זיינע באַוועגונגען, באַשאַפן דאָס ר ע אַ ל ע פאַרן א י ד ע אַ ל ן — אָט דאָס איז דעם יידישן אַקטער נאָך פרעמד, זייער פרעמד. ער שטייט אימער מיטן אויער צום סופלער און דעריבער מוז דער צושויער אים אין מויל אַריין קוקן. פאַרהערט מען עפּעס, אויב־וואָל מען זעט, פאַרלירט מען דעם צוזאַמענהאַנג. און גוט שפּילט דאָך נאָר דער, וואָס שפּילט מיטן מויל פאַרן אויער און מיטן גאַנצן קערפּער פאַרן אויג. ערגער איז נאָך מיט די דעקאָראַציעס. פון „מיליע" באַקומט מען קיין באַגריף. אַ שטוב צי אַ וואַלד? אַ פאָדערהויז צי סאַלאָן? אַמע־ריקע צי האָציפּלאָץ? איין גאָט ווייסט...

אַצינד בנוגע צום ניסיון.

---

1) „דער וועג" — די ערשטע טעגלעכע יידישע צייטונג אין וואַרשע, רעד. צבי פּ ר י ל ו צ ק י, אָנגעהויבן אַרויסצוגיין דעם 1־טן אויגוסט 1905, לעצטער נומער אַרויס דעם 14־טן יאַנואַר 1907.

2) פּינסקים פּיעסע, געשריבן אין 1904, פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „דאָס לעבן" 1905.

3) בעל־מחשבות.

אייער קריטיק איז ריכטיק: דער דריטער אקט איז עפּיזאָדיש. און דאָס האָב איך שוין געוווּסט באַלד נאָכן אָוועקשיקן דאָס עקזעמפּלאַר. אייער עצה אָבער, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן איז נישט די ריכטיקע. ערשטנס: פאַרוואָס האָב איך ג ע ז ע ן דעם דריטן אַקט? וואָס האָב איך, נישט וויסנדיק, געוואָלט? אמת, די „תורה" ישראלס איז לאַנגווייליק, אָבער וואָס האָב איך געמיינט דערמיט?

איך האָב נאָר שלעכט אויסגעפירט מיין פּלאַן, ווייל כ'האָב'ן גענומען צו ליטעראַריש און צו ווייניק סצעניש.

און אָט וואָס איך האָב דערקלערט:

די פּראָבלעמע איז: 1) אַ מענטש אָן גלויבן קען נישט לעבן (אין גאָט, אין וועלט, אין זיין אידעאַל...); 2) אָפט קומט פאָר, אַז דער אמתער מענטש מוז נענאַרן; אַנישט וועלן אַנדערע נישט קענען לעבן, און ער פעלשט שוין פאַר רחמנות צו דער שלעכטער, וואָס גלייבט אָן זיך, וועט זינגן איבערן ערלעך־גוטן, וואָס האָט קיין גלויבן נישט.

דער ג ל ו י ב ן דאַרף אין דראַמע זיין אַ דרייפאַכער און דרייפאַך זיך שפּאַלטן:

1) דער ח ס י ד י ש ע ר, פּלאַצט, ענדגילטיק ביי יונתן אין 4־טן אַקט.

2) דער מ י ת נ ג ד י ש ע ר — דאַרף פּלאַצן ביי גבריאלן.

3) דער השכלהלישער (!) — ביי לאהן.

נומער 2 איז שלעכט אויסגעפירט. גבריאלן פאַלן אָן גלויבן זעט מען נישט.

אויסער דעם קומט נאָר אויס, אַז יונתן ווערט רבי צוליב פּרנסה און געוואָלט האָב איך נאָר עפּעס אַנדערש: יונתן צווייפלט און ווערט פאַרבליפט דורך אַ ו ו נ ד ע ר! דורך אַ נס! וואָס ישראל האָט באַוויזן. —

פאַריכטן די דראַמע וועל איך אויף אַזאַ אופן:

1) אין ערשטן אַקט וועט פאָרקומען בולטער ר' חיימל, אַ שלעכטער, וואָס גלויבט, אינטריגירט און (!) פירט אויס; נאַטירלעך אין 4־טן אַקט.

2) אַ קליינע השכלהשע ליבעס־סצענע, און דאָס — לויט אייער אויפטו. דאָס דאַרף זיין.

3) אין דריטן אַקט הייבט זיך אויף די קורטינא ביים ש ל ו ש־ ס ע ו ד ו ת ש ו י ן. ישראל זאָגט קיין תורה נ י ש ט. ער וויל קיין מיתנגדים קיין תורה נישט זאָגן (און דאָס וועט זיין אַ פּראַכטפולע סצע־

נע), לאה קומט אָן אינדערמיט. פון איר געשפּרעך ביים ווייבער־טיש, ווען די מענער עסן מיט יונתנס ווייב, איר שוועגערן, קומט בולט ארויס די גאַנצע געשיכטע. ביים ווייבער־טיש ווערט אינמיטן געשפּרעך שטיל, ווייל דער מענער־טיש, וואָס האָט ביז אהער געגעסן, הייבט אָן רעדן. ישראל שטעלט נאָכאמאָל די פראגע פון פאָרן. יונתן וויל נישט, קרובים לאַכן, גבריאל וויל זיך נישט אריינמישן. ישראל וואָרנט גבריאלן, אז ער זינדיקט דערמיט; יכול למחות ואינו מוחה. „פאָרט אויף איין נאָגל... די גאָלדענע קייט... גאָט שטראָפט. ווי ער זאָגט עס אַרויס — דער שטאָפּעט! גבריאל האַלט זיך. יונתן ווערט פאַרבליפט, פרעגט ביי לאהן: וואָס טוט זיך? זי ווייסט נישט. ער פרעגט: יאָ גלייבן? אזוי פיל שקרים געזען! נישט? אזוי פיל ניסים, און האָט נאָר אַ גבאי, אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט — די שטראָף איז דאָ. לאה: איך בין אזוי קראַנק... יונתן: אָבער דו! דיינע ביכער... דיין מאַן? לאה פארעדט, נאָר פאַרעדנדיק אַנטפּלעקט זיך איר גאַנצע געשיכטע (אויך אַ פּראַכטפאָלע שטעלע!) „איך וויים נישט" זאָגט לאה. און אז לאה ווייסט נישט, פאַרלירט ער די לעצטע שטיצע, — וועט ער פאָרן׳ ישראל זאָגט: זעסט דאָך, מין־השמים!...

דאָ גייט גבריאל, וואָס האָט מערב געדאַוונט, אוים שמונה־עשרה און פרעגט: מין-השמים? מין־השמים זאָגסטו? ריכטיק: איך האָב געזינ־דיקט, נאָר פאַרוואָס איז דער שיפער דערטרונקען געוואָרן?

— עם־האָרץ! — שרייט אוים ישראל — קיין קשיות טאָר מען נישט פרעגן. די קורטינא פאַלט.

ישראל מיט זיין זיכערן, פעסטן, שאַרפן וואָרט האָט געזיגט. יונתן פאָרט, נעמט שווער און שוויגער צו זיך; און אַלע קומען זיך צוזאַמען ביים „ניסיון" — אין פערטן אַקט. אַלע רעאַגירן, אַלע זענען קעגן ניסיון... גבריאל אָן אָפּגעפאַלענער, דערשלאָגענער...

חיימל פאַלט אריין אלס ז י ג ע ר. נאָר דעמאָלט הייבט ישראל אויף דאָס קליינע יאָסעלע און רופט אוים: ד אָ ס א י ז ר ב י ! די גאָלדענע קייט וועט נ י ש ט איבערגעהאַקט ווערן.

און הייסן הייסט עס: ד י ג אָ ל ד ע נ ע ק יי ט ! נישט: ניסיון! און מאַסן עפּעקטן זענען צוגעקומען...

האָב איך דאָך אָבער געדאַרפט געלט, האָב איך, נישט דערהאַלטנדיק פון אייך קיין בריוו, די זאַך צום דרוקן פאַרקויפט...

נאָך שבועות דאַרף זיך עם דרוקן.

אויב עס איז מעגלעך, זאָל שפּראַכנער אזוי טון, איך זאָל האָבן מיט

מיט וואָס צוריקצוצאָלן דעם אויפלעגער. און איר זייט מיר באַהילפיק. איר באַדינגט אייך מיט אים וויפל איך באַקום פאַר „דער גאָלדענער קייט“. זאָל שפּראַכנער אייך געבן פאַר מיר פאַרויס אַ גרעסערע סומע געלט, איר אָדער ער שיקט זי אַרויס. ביים אַרויסשיקן טעלעגראַפירט איר מיר איין וואָרט: גוט! אָדער: געשיקט. באָרג איך מיר (אויבוואָל ס׳איז שווער) געלט און צאָל צוריק און דרוק נישט. איך נעם אָפּ דאָס איינציקע עקזעמפּליאַר פון פאַרלעגער (יעצט איז ער אין צענזור) און שיק אים אייך.

ובפירוש הותנה: טאָמער געפעלט אייך ווייטער נישט, איר וועט נ אָ ך עצות געבן און איך וועל אויף זיי נישט איינגיין — שרייב איך פאַר שפּראַכנער אַן אַנדערע זאַך, פון לעבן, אָדער ענדיק פאַר אים „די רייבער“.1)

גוט?

שרייבט מיך (!) באַלד תשובה אָדער, אויב ווי פריער, טעלעגראַפירט פאַרן בריוו.

גריס הערצלעך אייער פרוי. פאַרוואָס שרייבט זי נישט צו? דאַכט זיך, אַמאָל גוטע באַקאַנטע געווען?

אייער

פּרץ.

פּ. ס. לויט דעם נייעם טעקסט קומט בולט אַרויס נאָך עטוואָס זייער אינטערעסאַנטעס: דאָס פאַרהאַלטן זיך פון ווייבער קעגן זייערע מענער. חווה צו גבריאלן, אסתר צו יונתן און לאה צום אַפּטייקער. דריי וועלטן און דרייערליי באַציונגען.

איך בין זיכער, אַז דאָס ווערק וועט יעצט ווערט זיין דעם נאָמען. —

י״ל פּרץ.

---

## בריוו צו ה. ד. נאָמבערג

דאָס בריוול, וואָס קומט ווייטער, האָט פּרץ געשריבן צו ה. ד. נאָמבערג פון וואַרשע קיין זגערזש, ווו ה. ד. נאָמבערג איז דאַן געווען לערער ביי ישכר שוואַרצס קינדער. דאָס בריוול טראָגט דעם פּאָסט־שטעמפּל פון 5־טן נאָוועמבער 1898 א״ס. נאָמבערג איז דאַן אַלט געווען 22 יאָר. ער איז פריער געווען אַ שטיק צייט אין וואַרשע, ווו ער האָט זיך באַפריינדעט מיט פּרצן. דאָס בריוול האָט

---

1) שילערס „רויבער“? אַן אומבאַקאַנטער פּרט אין פּרצעס ביאָביבליאָגראַפיע.

נ. מייזיל באַקומען אין יאָר 1930 פון ישכר שוואַרץ, וועלכער האָט דאָס קאַרטל געפונען צווישן זיינע פּאַפּירן. ה. ד. נאָמבערג האָט דאָס בריוול געלאָזן אָדער פאַרגעסן ביי שוואַרצן. ווי מיר זעען, איז שוין דאַן געווען אַ פריינטשאַפט צווישן פּרצן און נאָמבערגן. נאָמבערג האָט, ווי באַוווסט, דעבוטירט ערשט אין 1900. אין דעם באַגלייט־בריוו פון ישכר שוואַרץ בעט שוואַרץ מייזלען צו פאַרעפנטלעכן דעם בריוו, כדי עס זאָל דינען ווי אַ באַרעכטיקונג פאַר זיין שמועס, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט נאָך ה. ד. נאָמבערגס טויט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (1927, נומ. 48). דער שמועס, אין וועלכן נ. מ. האָט איינגעזען אַ פּגיעת־הכבוד פאַר נאָמבערגן, האָט בשעתו אַרויסגערופן אַ דערווידערונג מיצד שלום אַש.

(איבערזעצונג פון העברעיש)

מיין פריינט, שוין צוויי וואָכן ווי דיין בריוו ליגט ביי מיר אויפן טיש, און איך ווייס נישט וואָס דיר צו ענטפערן. און איך ווייס נישט, וואָס דיר צו ענטפערן, ווייל איך פאַרשטיי נישט דיין בריוו, דיין ווייטיק, דיינע איבערלעבענישן. טוט דיר ווי דאָס האַרץ, ווייל די „מאַדאַמען און הערן" האַלטן זיך גרויס קעגן דיר, אָדער ווייל זיי פילן נישט וואָס דו פאַרמאָגסט? — דו אַליין (יעדנפאַלס אַזוי טראַכט איך און בין משער) קענסט זיך נישט, און ווייל דו קענסט זיך נישט, האָסטו געשריבן דיין בריוו און שיר אויף אַ געקינצלטן אופן, און דערפאַר — זענען דאָ מאַדאַמען און הערן, וואָס האָבן פאַר דיר קיין אָפּשיי נישט. צי האָבן דיינע אויערן געהערט וואָס דו אַליין האָסט גערעדט? און דעריבער ביסטו געבוירן נישט אויף דער ערד, נאָר אין דער ערד, און דו דערגייסט ביז דעם, וואָס דו גיסט זיך אַליין איבער דעם טייוול. — וואָס איז עס געוואָרן מיט דיר? איך לאַך נישט פון דיין ווייטיק, נאָר פון דעם, וואָס דו באַגרייפסט אים אַליין נישט. — געוויס ווייטיקסטו און דאָס האַרץ טוט דיר ווי, אפשר איז עס צוליב עפּעס אַ קערפּערלעכן אָדער גייסטיקן מיחוש — אַזאַ מין ווייטיק קען דיר דינען אַלס קוואַל פאַר אַ שיר אָדער שירים, אָבער דאָס איז אַ נאָמענלאָזער ווייטיק, דעריבער קען ער גופא נישט זיין אַ טעמע, פאַר לידער אָדער בריוו, דער ווייטיק קען זיין בלויז די פּ א ר ב פאַר עפּעס אַ זאַך. איך האָף, אַז דו פאַרשטייסט מיך. — נאָך עפּעס: קען זיין, אַז די געזעלשאַפט, אין וועלכער דו לעבסט, קען נישט פאַרטראָגן דיינע האַוואַיעס, דיין פּירעכץ, דיין „טאַקטלאָזיקייט", און דאַן — — אָנשטאָט זיך קלאָגן — בעסער ענדער זיך! ביי מיר קענסטו זיין אויך אַ פּרא־אָדם,

איך קען דיך שעצן אויך אָן הויזן, אָבער דער עולם, וואָס יעדער איינער פון אונדז נייטיקט זיך אין אים, וויל זען דעם אויסערלעכן מענטש. — הער זיך צו צו מיינע רייד. — זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב דיר באַלד נישט געענטפערט. דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ פוילער. —

דיין פריינט

ל. פּרץ.

# 1

# צו שלום-עליכם

(פ ו ן  אַ  ק אָ פּ י ע)

(די בריוו פון פּרצן צו שלום-עליכמען, וואָס קומען דאָ וויטער, געהערן צו דער צייט, ווען פּרץ האָט געוווינט אין זיין געבוירן-שטאָט זאַמאָשטש, אָפּגעריסן פון וואָסער ס'איז געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרישער סביבה. פּרץ איז שוין דאַן אַלט געווען אַ 37-36 יאָר. ער האָט שוין דאַן געהאַט אַ שטיק ליטעראַרישע פאַרגאַנגענהייט אין דער העברעישער ליטעראַטור, געהאַט שוין פאַרעפנטלעכט אין פאַרשידענע העברעישע אויסגאַבעס לידער, פּאָעמעס און דערציילונגען. ער איז אָבער געווען פאַרוקט אין זיין שטעטל, ווייט פון דעם דעמאָלסדיקן ליטעראַרישן צענטער, וואַרשע, און געפירט אַן אייגן, אָפּגעזונדערטן לעבן פון אַ פעיקן פּריוואַט-אַדוואָקאַט און אָרטיקן קליינשטעטלדיקן משכיל. אין אָט די יאָרן האָט זיך פאַרמירט און געשטאַלטיקט פּרצעס גייסט, כאַראַקטער און וועלטבאַנעם. אין דער צייט, ווען אָט די בריוו צו שלום-עליכם זענען געשריבן, האָט פּרץ פאַרעפנטלעכט די פּאָעמע „מאָניש"—זיין ערשטע זאַך אין יידיש. דערנאָך קומען גלייך „דער כעלמער מלמד", „ווענוס און שולמית", „דער משוגענער בטלן", — אַלץ זאַכן, וואָס באַווייזן, אַז מיר האָבן שוין צו טון מיט אַ רייפן, אָריגינעלן קינסטלער-מייסטער און מיט די ספּעציפישע פּרצישע אייגנשאַפטן. די אָריגינאַלן פון די בריוו געפינען זיך אין שלום-עליכם-אַרכיוו ביי דער שלום-עליכם-פאַמיליע אין ניו-יאָרק. י. ד. בערקאָוויטש איז אַזוי פריינטלעך געווען אָפּצושרייבן פון די בריוו גענויע קאָפּיעס און אין אייניקע ערטער אויך צוגעבן דערקלערונגען. די יידישע איבערזעצונג פון די העברעישע בריוו איז געמאַכט געוואָרן דורך נ. מייזיל ווי ווייט מעגלעך אַ ווערטלעכע. ד ע ר בריוו און די וויטערדיקע בריוו זענען געשיקט געוואָרן דורך פּרצן קיין קיעוו, וווּ שלום-עליכם האָט דאַן געוווינט און זיך פאַרנומען מיטן אַרויסגעבן די יאָרביכער „די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק").

---

זאַמושץ 6—7 (18)88

(א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג  פ ו ן  ה ע ב ר ע י ש)

אדוני היקר!

צוריק מיט עטלעכע טעג האָב איך באַקומען פון איינעם פון מיינע

הארציקע פריינט, פון ה׳ עפשטיין 1), א קורצן אָפענעם בריוו, אָן א דאַ־טע, ווו עס שטייט געשריבן:

„דאָ 2) געפינט זיך איינער א באַרימטער זשאַרגאָנישער שרייבער, וועלכער גרייט זיך אַרויסצוגעבן אינגיכן אין דער היגער דרוקעריי א יאָר־בוך אין זשאַרגאָן. זיי אַזוי גוט און שיק אים צו דיינע לידער און אַרטיקלען, און אויב זיי וועלן אים געפעלן ווערן א. א. וו.״

„דער אַרויסגעבער איז דער באַוווסטער שרייבער מיטן נאָמען „שלום עליכם״ א. א. וו.״

אויפקלייבן עטלעכע מאמרים און לידער איז א לייכטע זאַך, און דאָך האָבן פיל מחשבות אָפגעהאַלטן מיך צו דערפילן דעם ווונטש פונעם דערמאָנטן פריינט.

ערשטנס, בין איך זיכער, אַז מיינע שירים און מאמרים וועלן אייך נישט געפעלן ווערן פונעם שטאַנדפּונקט („מנקדת הראות״ אָדער ווי אַנדערע ווילן: „ממלא העין״) פון פאָרעם: די אומגאַנגס־שפּראַך ביי אונדז און ביי אייך איז פאַרשידן. אונדזער אומגאַנגס־שפּראַך באַרגט באַגריפן־אויסדרוקן ביי דער פּוילישער שפּראַך, און ביי אייך — פון דער רוסישער. און נאָך: ווייל ביי אונדז זענען דאָ מער אויסדרוקן פון דער דייטשער שפּראַך.

צווייטנס, איך ווייס די אַרבעט פון מיין האַר: זיין ווילן און שטרעבן איז (אויף וויפל איך האָב געקענט פאַרשטיין) צו שרייבן צוליבן עולם, וואָס רעדט זשאַרגאָן פון זשאַרגאָנען־לאַנד, און איך שרייב צוליב זיך, צוליב מיין הנאה וועגן, און אויב איך דערמאָן מיך אַמאָל אָן דעם לע־זער, איז ער פון א העכערער מדרגה פון דער געזעלשאַפט, ער איז דער מענטש, וואָס האָט געלייענט און געלערנט אין א לעבעדיקער שפּראַך.

דריטנס: פאַראַן א גרויסער אונטערשייד צווישן די אָביעקטן גופא. איר קליידט אָן פרעמדע, נאַקעטע געדאַנקען פון אָן אויסערער וועלט און דער עיקר — פון דער רעאַלער וועלט, און איך, וואָס שרייב פון מיין הנאה וועגן און לויט דער שטימונג, בעת איך האַלט די פעדער, נעם איך גלייכצייטיק פון פאַרשידענע וועלטן.

1) לויט י. ד. בערקאָוויטש, זאָל עפּשטיין זיין אָן אָנגעשטעלטער אין יעקב שעפּטלס דרוקעריי אין באַרדיטשעוו, ווו ש״ע האָט געדרוקט זיין „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק״. גיכער איז עס פּרצעס פעטער, ה׳ משה עפּשטיין (געוועזן רב אין זאַמאָשטש און אויך דער מחבר פון ספר „בית־משה״).

2) אין באַרדיטשעוו. —

און פערטנס, ווייל דאָס שרייבן אַליין איז ביי אונדז אַנדערש ווי ביי אייך, און ס'וועט אייך שווער זיין צום לייענען. חוצדעם האָב איך, ווי מיר דוכט זיך, אַן אַנדער מאַניר צו שרייבן; עס אונטערשיידט זיך דערמיט, וואָס איך שרייב, ווי מען רעדט ביי אונדז און שלינג איין זילבן, וועלכע מ'שלינגט אָנ איין בעתן רעדן. אָט דער חיסרון (פאַר לעזער פון רוסלאַנד) ווערט נאָך שטאַרקער ביים שרייבן לידער, ווו די זילבן זענען געציילטע. און ביי אַן אַנדער אויסשפּראַך און ביי אַן אַנדער אַקצענט פאַרלירט זיך דער קלאַנג און האַרמאָניע.

אָט די פיר מחשבות, וואָס האָבן מיך אָפּגעהאַלטן צו שיקן אייך, האָב איך אָוועקגעלייגט אויף איין וואָגשאָל, און אויף דער צווייטער — האָב אַוועקגעלייגט איין געדאַנק, וועלכער האָט מכריע געווען.

איך האַלט, אַז איצט איז די אַמערסטן פּאַסיקע צייט צו דערנענטערן די הערצער און צו שאַפן אַ געמיינזאַמען אָרט אין דער ליטעראַטור, ווו עס זאָלן קומען צום אויסדרוק די יידיש־פּוילישע און די יידיש־רוסישע אויסשפּראַכן; איצט איז די העכסטע צייט צו דערוועקן די הערצער פון יעדן איינעם צו פאַרשטיין דעם ברודער, וואָס לעבט אין איין לאַנגע און אין איין צייט מיט אים, נאָר אין אַן אַנדער אָרט.

דאָס אַלץ איז נוגע מיר.

און איר האָט דאָס רעכט צו דערנענטערן, אָדער צו דערווייטערן.

אויב איר וועט דערנענטערן — איז מיין דאַנק גרויס פאַר אייך, און אויב איר וועט דערווייטערן — איז מיין בקשה אומצוקערן מיר, וואָס איך שיק אייך.

איך בין איינער פון אייערע פאַרערער און שעצער פון אייער אַרבעט.

ל. פּרץ.

## 2

## צו שלום-עליכם

(פון אַ קאָפּיע)

זאַמאָשטש, דעם 4־טן יולי (18)88

(איבערזעצונג פון העברעיש)

אדוני היקר!

1) אייער בריוו האָט מיך זייער דערפרייט, ווייל איך האָב זיך איבערציינגט, אַז דער אונטערשייד צווישן די אויסשפּראַכן פון די פּוילישע

און רוסישע יידן איז גאָרנישט אזוי גרויס, און איינער קאָן פאַרשטיין דעם צווייטן, הגם איך לייקן נישט, אַז פון אָט דעם אונטערשייד וועגדט זיך אייער נעגאַטיווער אורטייל וועגן די איבעריקע לידער (אויסער די אָפּ־געקליבענע). פאַראַן קליינע לידער „שקר אין לו רגלים", נחמן דייטש", „דיא געבילדעטע משפחה", און אנד., וואָס אויב זיי האָבן נישט צו טון ספּעציעל מיט יידן, אָבער זיי זענען אַן אָפּשפּיגלונג פון פּלאָגן, פּלאָגן, וואָס זענען דאָ ביי אַלע פעלקער און אויך ביי אונדז.

ס'קאָן אויך זיין, אַז מיין אייגנליבע רעדט פון מיר אַרויס.

2) מיר איז אנגענעם געווען די ידיעה, אַז אין אָט דער אונטערנע־מונג פאַרייניקן זיך אייניקע „דאָקטוירים און סטודענטן"! ווי גרויס איז דער אונטערשייד צווישן די יידן אין פּוילן און אין רוסלאַנד אין דער באַציונג צו דער שפּראַכן־פראַגע! ביי אונדז וועט איר נישט געפינען קיין פעלדשער, אפילו איינעם פון טויזנט, וואָס זאָל זיך נישט שעמען צו רעדן יידיש, און וואָס זאָל אויך אין דער איצטיקער שווערער צייט נישט מאַכן קיין געוואַלטן אויף דעם נאַציאָנאַלן געפיל, וואָס האָט זיך דערוועקט ביי דיבעסערע און אינטעליגענטערע יידן. און אויב דער פעלדשער איז אזוי, איז דאָך דער סטודענט, וואָס טרוימט פון פאַרייניקונג פון דער גאַנצער וועלט אינעם שוים פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט — אוודאי און אוודאי.

3) אייערע מיטאַרבעטער, וואָס איר רעכנט אויס, קען איך גוט; אָבער זייט מיר מוחל, אויב איך וואַג אָנצוטייטלען אויף דעם אַלטן גאָט־לאָבער 1)! אָט דער אַלטער, וואָס די גאַנצע ליטעראַרישע וועלט איז פול מיט אים, ער לעבט נישט פונעם פאַרדינען, נאָר פון גמילת-חסדים. אָט דער מאַן האָט אַ לאַנגע און ברייטע צונג, אָבער אַ קורצן שכל... איך האָב קיינמאָל נישט זוכה געווען צו טרעפן ביי אים אַ נייעם געדאַנק, אַ נייעם אויסדרוק... ווי אין לשון־קודש אזוי אויך אין יידיש (לויט מיין מיינונג זענען די דאָזיקע נעמען שטאַרק צוגעפּאַסט צו זייער פאַרשטעלונג אין מיין געדאַנק (?).

פאַר דער ליבע און פריינטשאַפטס־אויסדרוקן דאַנק איך אייך פון טיפן הארצן, און פאַר דער ליבע און פריינטשאַפט גופא — אַ דאַנק אָן ווערטער. איך שעם זיך אייך צו דערציילן, אַז אייך און אייערע ווערק

1) אַברהם בער גאָטלאָבער (געבוירן 1811, געשטאָרבן 1899), באַ־וווסטער העברעיש־יידישער שריפטשטעלער, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון „הבוקר אור".

קען איך נישט פון אייערע ביכער, נאָר פון זייער איבערזעצונג אין פּויליש 2). מיר איז אַ ביזיון אייך צו זאָגן, אַז ביי אונדז אין שאָט איז נישטאָ קיין איין זשאַרגאָניש ביכל און קויפן דערלויבט מיר נישט די איצטיקע שלעכטע לאַגע, דעריבער, ווי נאָר איך האָב דערהאַלטן אייערע ביכער, האָב דאָס רוב פון זיי, גלייך איינגעשלונגען. אייער משפּט איבער שמרן 1) (וואָס איך האָב אים נישט געקאָנט און נישט געלייענט) האָט מיר פאַרשאַפן פאַרגעניגן אין פולן זין פון וואָרט, און דערנאָך האָב געקרעכצט: פאַרוואָס איז נישטאָ אַזאַ מין קריטיק אין העברעיש, וואָס זאָל פאַרטרייבן דעם שטרוי און פּאַלאַווע פונעם שייער?

5) איך דערלויב אייך מיטן גאַנצן הארצן צו ענדערן אין מיינע ווערק די אויסדרוקן, וואָס זענען נישט פאַרשטענדלעך פאַר די ליטווישע און רוסישע, אָבער איך בעט אייך אַכטונג צו געבן אויף דער פּערזאָן־מאָס, און אויב עס איז פאַר אייך נישט שווער, מיר גיבן צו וויסן וועגן די שינוים, ווייל דער מייסטער אַליין קאָן גיכער פאַריכטן זיינע ווערק.

6) וועגן דעם ליד „דער דוכוסל" 2) האָב איך קיינמאָל נישט געהערט, זאָמעט איז נישט זאַמאָשטש.

---

1) פּרץ האָט דאָ פאַרביטן אַ ב ר אַ מ אָ וו י ט ש ן (מענדעלע מוכר ספרים) מיט ר אַ ב י נ אָ וו י ט ש (שלום-עליכם). ער האָט געלייענט די צוויי ביכער אין פּויליש — די איבערזעצונגען פון אַבראַמאָוויטשעס „מסעות בנימין השלישי" און „די קליאַטשע", וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך דעם באַוווסטן פּוילישן שרייבער קלעמענס יונאָשאַ, און זענען דערשינען אין וואַרשע אין די יאָרן 1885 און 1886. זעט ווייטער דעם בריוו 4.

2) געמיינט שלום-עליכמס ביכל „שמ"ר מישפּט" (אַ קריטיק אויף שמר"ס ווערק).

3) י. ל. גאָרדאָן האָט דאָן אין אַ בריוו צו שלום-עליכמען פאַרגעלייגט אָפּצוזוכן אַ פאָלקס-באַלאַדע „דער דוכוסל", וואָס איז געווען אַמאָל פּאָפּולער אין דער ליטע, און צו פאַרעפנטלעכן זי אין דער „יודישער ביבליאָטעק". לויטן זיכרון האָט י. ל. גאָרדאָן פאַרצייכנט אין זיין בריוו די ערשטע עטלעכע שורות פון „דעם דוכוסל":

„אין אַ קליינשטעטל אין דער זאַמעט —
זאַמעט איז נאָך געווען פּוילן —
איז אַמאָל געווען אַ מלמד,
פלעגט מען צו דערציילן;
צען גילדן האָט ער געהאַט אַ זמן,
אי דאָס נישט צו באַצאָלן,
מיסתמא איז ער גע[illegible] אַ גרויסער אָרעמאַן,
ווי איר קאָנט אייך גאַנץ לייכט מאָלן,
ער האָט געלעבט אין דחקות און אין נויט,
אַ טאָג אָן זאַלץ, אַ טאָג אָן ברויט...

שלום-עליכם האָט דאָן ביי אייניקע אָנגעפרעגט מכוח אָט דער באַלאַדע, און אויך ביי פּרצן. זע „שלום-עליכם־בוך", ז. 184. —

7) איך נעם אראָפּ דעם צורעק פון מיין פּנים. איך בין איינער פון די צוויי „בעלי־אסופות", וואָס האָבן אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט אַ בוך מיט פאַרשידענע שירים (איך האָב ביי זיך קיין איין ביכל נישט און געדענק נישט דאָס יאָר. דוכט מיר, אַז ס'איז דערשינען צוריק מיט אַ 15 יאָר). דער צווייטער איז געווען דער פאַרשטאָרבענער ליכטנפעלד 1). אין דער זאַמלונג זענען געווען מיינע לידער „חיי המשורר העברי"! „חנה" און נאָך איניקע קליינע לידער 2). אין „השחר" האָט מען זייער געלויבט די לידער 3); גאָרדאָן (דער קריטיקער פון „המגיד"), האָט אויך אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, וואָס איז געווען פאַר מיר אַ לויב, נאָר דער בעל „הצפירה" (דאָן סלאָנימסקי אַליין), וואָס איז אין כעס געווען אויף ליכטנפעלדן פאַר דער קריטיק, און אויף מיר פאַר דעם קליינעם ליד „הכלב והירח", האָט ער געענטפערט צו אַן אויסגעטראַכטן פרעגער: „מיר וועלן נישט רעצענזירן דעם ספר „שירים שונים", ווייל עס איז אונטער יעדער קריטיק". אין „השחר זענען געדרוקט געווען מיינע איניקע קליינע לידער 4). אין „הבוקר אור" 5) אַ ליד „נגניאל" און אַביסל פּראָזע (דער „הבוקר אור" איז דאַן דערשינען אין גאַליציע). אין „האסיף"

1) דאָס בוך איז דערשינען נישט 15 יאָר צוריק, נאָר אינגאַנצן מיט עלף יאָר צוריק, אין תרל"ז — 1877. דער ריכטיקער נאָמען „ספּורים בשיר ושירים שונים" מאת שני בעלי אספות, וואַרשע, 158 קליינע זייטלעך.

2) אין דעם ביכל גייען אַריין העברעישע לידער געחתמעט פון פּ ל א " י ג"ל (דאָס מיינט גבריאל-יהודה ליכטענפעלד — דער פאָטער פון פּרצעס ערשטער פרוי) און פון י ל " פּ („בית שומם" - ספור שומר היער; „העצל" — על שנת תרכ"ג; חנה — שיר ספורי). אויף צוויי לידער („חיי משורר עברי", אין צען קאַפּיטלען, „השופט והמליץ") זענען געחתמעט — ביידע פלא"י ג"ל און יל"פּ.

3) פּרץ סמאָלענסקין האָט אין „השחר" תרל"ט געשריבן, אַז „דער דערציילערישער שיר אין צען אָפּטיילן איז דאָס ווערק פון אַ טאַלאַנטפולן און אמתן משורר מיט אַלע פּרטים און געזעצן. ער וועט נישט פאַרשעמט ווערן פאַר די אַלע איבעריקע און שיינע לידער, וואָס זענען אָנגעשריבן די לעצטע יאָרן אין העברעיש. דער מחבר פון דאָזיקן שיר האָט דאָס רעכט פאַרעכנט צו ווערן צווישן אַלע אמתע דיכטער, און זיי וועלן זיך מיט אים נישט שעמען, און די שפּראַך און אירע ליבהאָבער וועלן זיך פרייען מיט זיינע ווערק און וועלן אים בענטשן פון טיפן האַרצן".

4) אין „השחר" זענען אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקע העברעישע שירים פון י. ל. פּרץ: אין תרל"א (1875) זיין שיר „השותפות"; אין תרל"ו — „חלוקת החכמות" און „לי אומרים". —

5) אויסער דעם „נגניאל" („הבוקר אור" תרל"ו, חוברת א' און ב'), איז אין „הבוקר אור" )אין תרל"ז — 1877) אָפּגעדרוקט געווען פּרצעס אַ גרויס פּראָכטפול העברעיש ליד „קידוש השם", ז. 173-175.

פאַריקן יאָר האָב איך געדרוקט „הנגינות הזמן" 1), „עיר קטנה" (צוויי לידער) און קליינע דערציילונגען. דאָס אַלץ איז נישט געפעלן דעם קריטיקער פון „וואָסכאָד". אין „היום" האָב איך געדרוקט אַ קליינע נאָוועלע „הקדיש"; אין "כנסת" 2) אַ קליינעם שיר „עלמה עבריה"; אין „הצפירה" עפּעס אַ פעליעטאָן און אַ דערציילונג „הציץ ונפגע". צוליב אַט דער דערציילונג, וואָס די אַרויסגעבער האָבן קאַליע געמאַכט מיט צוגאָבן און מעקעכצן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די פּרומאַקעס, האָב איך אויפגעהערט צו שיקן צום דרוק.3) איך האָב צוגעגרייט צום דרוק אַ העברעישן ספר „חלום החלזון ופתרונו", אָבער צוליב געלטמאַנגל האָב איך אים נישט געדרוקט. — זשאַרגאָן האָב איך נאָך נישט געדרוקט און ביז אַהער פאַרברענט דאָס, וואָס איך האָב געשריבן.

8) איצט וועל איך מיר דערלויבן צו רעדן וועגן דער אַרבעט, וואָס מ'טוט ביכלל פאַרן כלל. וואָס זאָגט איר וועגן די בעלי־טובות, וואָס אָנשטאַט ברויט, פלייש און וואַסער גיבן זיי דעם הונגעריקן נאַשערייען אָנצופולן דעם מאָגן און נישט מער? וואָס זאָגט איר וועגן די בעלי־טובות, וואָס גיבן אַ קאָסטבאַרן זיידן גאַרטעלע דעם נאַקעטן מענטשן, וועלכער האָט קיין שוץ נישט פון קעלט און פראָסט? טוט מען אַ גענאַד, ווען מיר גיבן עפּעס אַן אילוזיע, וואָס פאַרבלענדט די אויגן דעם, ווען ס'פעלט אַ דירה? און אַזוי טוען מיר דאָך איצט שטענדיק. אָנשטאָט וויסן, וויסנשאַפט, וואָס זענען ברויט, פלייש, וואַסער, קלייד און וווינונג פאַר דעם

---

1) אין דער העברעישער פּאָעמע „מנגינות הזמן" (האסיף 1886) זענען, אגב דאַ פּאָזיטיווע שורות וועגן יידיש. דער דיכטער שרייבט: „ברידער מיינע שרייבער, האָט נישט פּאַראיבל, אויב די שפּראַך פון בערל און שמערל איז מיר ליב און איך רוף נישט אָן מיט פאַראַכטונג זייער שפּראַך — אַ שטאַמלער־שפּראַך. פון זייער מויל הער איך די שפּראַך פון מיין פאָלק... די שפּראַך פון גלות־יידן, די פאַרטריבענע, די שפּראַך, וואָס איז אַן אייביקער עדות אויף דעם פאַרגאָסענעם בלוט, אויף די רציחות, גזילות און חורבנות, וואָס מ'איז מיט אונדז באַגאַנגען אין די אַלע וואָגלעכישן פון לאַנד צו לאַנד. אין דער שפּראַך ליגט באַהאַלטן דער געוויין פון אונדזערע עלטערן, דער וויי־געשריי פון פיל דורות, דער גיפט און די פאַרביטערטקייט פון דער געשיכטע. דאָס זענען טייערסטע דימענטן, די יידישע טרערן, וואָס, נישט אויסגעטריקנט, זענען זיי פאַרגליווערט געוואָרן".

2) „כנסת ישראל" פון ש. פ. ראַבינאָוויטש (תרמ"ז 1887), — דאָס ליד „לעלמה העבריה והיא מתנכרת" (צו דעם יידישן מיידל, וואָס דערווייטערט זיך פון יידן).

3) דער „הציץ ונפגע" איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן אין „הצפירה" 1886, נומ. 170. ערשט אין נומ. 193 האָט די דערציילונג ווידער זיך אָנגעהויבן צו דרוקן מיט אַ צושריפט פון דער רעדאַקציע, אַז „צוליב אַ סיבה האָט זיך דער המשך פון דער דערציילונג אָפּגעלייגט צו דרוקן ביז היינטיקן טאָג".

מענטשנס נשמה, גיבן מיר איר בעלעטריסטישע נאשערייען און אילוזיעס!... אונדזער גאנצע ארבעט איז גארנישט ווערט, ביז מיר וועלן נישט באריי־בערן די ליטעראטור מיט וויסנשאפטס־ביכער. כל־זמן אונדזערע ברידער וועלן נישט קאנען זעטיקן באמת זייערע נשמות מיט דער יידישער לי־טעראטור, כל־זמן זיי וועלן נישט געפינען אין דער ליטעראטור דאס אמתע וויסן, וועט די ליטעראטור זיין נישט מער ווי אן אומנוציק שפילעכל; איך האב קיין רעכט נישט צו באשולדיקן די, וואס פארלאזן אונדזערע שפראכן (אין מערצאל), ווייל נישט יעדער מענטש איז זוכה צו זיין א פאטריאט און ווידמענען זיין צייט פאר דער ליבע צום פאלק; און אויב א מענטש איז געצוווּנגען צו אנטוויקלען זיין פארשטאנד אין אן אנדער שפראך, איז זייער ווייט צו גלייבן, אז ער זאל נאך געפינען צייט און מעג־לעכקייט צו לייענען אין יידיש. אויב מיר פארלאנגען פון פאלק, עס זאל קאנען זיין שפראך, אויב די פרומאקעס קאנען זי, ווייל אלע זייערע באַ־דערפענישן האבן זיי אין איר, דאן דארפן מיר די שפראך צוגרייטן אזוי, אז זי זאל באפרידיקן אויך אלע באדערפענישן פונעם משכיל. אויב מיר וועלן אזוי טון, וועט דאס געזעץ, וואס פארהאלט אונדזער אריינטריט אין די שולן, זיין פאר אונדז א ברכה (און אויך א חרבה). לויטן צושטאנד פון די וויסנשאפטן אין דער איצטיקער צייט איז זייער גרינג אנהייבן צו געבן פארן פאלק וויסנשאפטס־ביכער אין אלע געביטן און צווייגן. ווען מיין מאטעריעלע לאגע וואלט מיר ערלויבט (זינט א צייט איז מיין פרנסה שטארק פארקלענערט און ס׳קלעקט מיר נישט צום לעבן) צו פארשאפן מיר העברעישע ביכער, וואלט איך עס פארווירקלעכט. א סך מאל האב איך אנגעהויבן צו שרייבן אזעלכע ווערק, און באזונדערס פיל איך מיך צוגעגרייט צוצושטעלן ווערק פון פאלגנדיקע וויסנשאפטן: פסיכאלאגיע אדער סאציאלאגיע און אפשר אויך פיזיק. אבער די ביכער, וואס איך האב, זענען ווייניק, זיי פילן נישט אויס דעם בלויז, וואס איך פיל. ווען איך טרעט צו צו דער ארבעט, ווייל נישט פאר געבילדעטע און אינטעלי־גענטן דארפן די ביכער זיין צוגעפאסט, נאר פאר די, וואס קאנען לייענען און פאר זיי קאן איך נישט פיל מאריך זיין מיט אידעען און אלגעמיינע געזעצן. דער עיקר זענען פאקטן, וואס פאראינטערעסירן און ציען צו דעם לעזער. —

איר ארבעט לישמה, אן אויסקוק אויף פארדינסט, איך האב עס פריער געוווסט און איצט ווייס איך עס נאך קלערער, דעריבער לאמיר נעמען און טון צוזאמען א באמת גוטע זאך. זייט איר דער ארויסגעבער

און איך דער שרייבער (און אפשר וועלן קומען נאך אנדערע אונטער דער פאַן), און מיר וועלן ווירקלעך באַרייכערן די שפּראַך. און אויב אין מיין קליינשטעטל קאָן מען דעם מאַנגל אין ביכער נישט אויסמיידן דורך לייען ביי אנדערע, ווייל זיי זענען פשוט נישט בנימצא, איז אין אייער גרויסער שטאָט קאָן מען זיי קריגן איבערגענוג. אין לויף פון אַ חודש צייט קאָן איך צוגרייטן צו דעם צוועק „איינע גאַנץ פּאָפּולערע פּסיכאָלאָגיע", אויב נאָר איר וועט מיר קריגן אין איינע פון די דריי שפּראַכן רוסיש, פּויליש און דייטש אייניקע ביכער, ווי וווּנדט און אנד. — איך האָב נאָר מורעי און ריבאַ.

9) נאָך איין קליינע באַמערקונג: איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס פאַרלאַנגט איר נאָר פונעם לעבן פון יידן. דאַרף דען נישט קיין נאַציע וויסן דאָס לעבן פון דער אַנדערער נאַציע, וואָס לעבט מיט איר צוזאַמען? דאַרף מען דען נישט וויסן די אַלגעמיינע לעבנס-פאָרמען? פאַרוואָס זאָל דאָס פאָלק נישט וויסן די אַלגעמיינע פראַגן, און איר באַגרענעצט אים נאָר מיט אייגענע פראַגן? אמת, דאָס איז דער עיקר, אָבער דער תפל איז אויך נישט קיין לוקסוס-זאַך. מיר דאַרפן זיך פאַרשאַפן אַלץ. —

10) אייניקע עקז. פון אייערע ביכער וועל איך קאָנען פאַרקויפן — איך בעט צושיקן.

נאָך די צען פונקטן האָב איך דעם כבוד צו פאַרזיכערן אייך, אַז איך בין פול מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט צו אייך.

ל. פּרץ.

## 3

# צו שלום-עליכם

(פון אַ קאָפּיע)

זאַמאָשטש, דעם 18־טן יולי, 88(18).

(איבערזעצונג פון העברעיש)

אדוני היקר!

אז איך האָב געעפנט מיין אַלטע טעקע, האָב דאָרטן געפונען נאָך אייניקע בילדער פונעם לעבן פון אונדזער פאָלק אין פּוילן, געשריבן אין פּראָזע. אפשר וועלן זיי אייך געפעלן, דרוקט זיי. — נאָר דער עיקר כוונה מיט מיין איצטיקן שיקן איז — צו פאַריכטן אַ פעלער אין מיין פריערדיקן בריוו, ווייל איך האָב פאַרגעסן צו רעדן וועגן דעם, וואָס ס'איז

זייער וויכטיק — צו געבן פאַרן פאָלק אַרטיקלען פון געשיכטע ביכלל און יידישער ביפרט. אָט די ווערטער וואָלט איך נישט געשריבן צו אַן אַרויסגעבער אַ געשעפטסמאַן, אָבער איר שרייבט און איך גלייב אייך, אַז אייער גאַנצער ווילן איז נאָר דער טובת־הכלל, ווייל איר זענט אַ פאַר־מעגלעכער, דעריבער געפין איך פאַר מיין חוב אויסצודריקן פאַר אייך מיין גאַנץ באַגערן אין די טאָג־פראַגן, און אויב איר וועט געפינען אין דעם אַ נייע זאַך, אַ פאַסנדיקע זאַך, וואָס מ'קאָן פאַרווירקלעכן אין לעבן, דאַן וועל איך זיך פילן גליקלעך.

1) לויט מיין מיינונג, און איך גלייב, אַז יעדער געבילדעטער מענטש וועט מיר מודה זיין, — קענגן די, וואָס טרעטן אַרויס אין נאָמען פון רעאַלע פאַקטן, וואָס וואַרפן אָפּ וועלכע ס'איז אָנגענומענע טראַדיציעס; קענגן די, וואָס זעען אין דעם קאַמף צווישן די פעלקער און יחידים דעם סוד פון אַנטוויקלונג (גומפּלאָוויטש און זיינס גלייכן), און קעגן מאַלט־סע און זיינע פריינט, וואָס זייער מיינונג וועגן דעם איז באַקאַנט; קעגן די אַלע זאָג איך, — אַז יעדעם ערלעך האַרץ און גוט אויג זעען דעם צוועק פון דער מענטשהייט, דעם צוועק פון דעם מענטש ביכלל און ביפרט אין דער אַלגעמיינער אַסימילאַציע פון אַלע פעלקער און שפּראַכן, אין דעם אויפהערן פון קריגערייען, מילחמות און שטרייטן — דאָס איז דער טרוים פון די נביאים, דער טרוים פון יעדן ריינעם האַרץ...

2) פון דער צווייטער זייט — לויט דער איצטיקער צייט, לויט דער פאַרהעלטעניש פון גיטער (געלט, פעלדער און אַנדערע ווערטן) צו די אַלע, וואָר גאָרן נאָך זיי, לויט דעם צושטאַנד פון אונדזער וויסן און פּאָ־ליטישן פאַרשטאַנד, לויט דעם פעסטן מצב פון די פאַרשידענע רעליגיעס, קען מען נישט רעדן וועגן אָט דער דערשיינונג, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן היינט, מאָרגן, אָדער אין דער נאָענטער צו־קונפט. פאַרקערט, מיר זעען איצט דעם וווקס און די אַנטוויקלונג פון אַנדערע געדאַנקען און אידעען. מיר זעען איצט אַ פאַרדאַרבנדיקן שאָ־וויניזם, אַן אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרכאַפּט די הערצער פון געבילדעטע און אויפגעקלערטע, און פאַרפירט די צוהערער מיט זיין לערע. מענטשן שטייען אין שפּיץ פון דור, און אויף רעאַלע בערג הייבן זיי אויף די פאָן פון צעטיילונג און שינאה... איצט איז אָוונט, ס'וועט נאָך קומען נאַכט, און דערנאָך, אַז ס'וועלן ווייס ווערן אונדזערע האָר, וועט קומען אויף דער מאָרגן...

3) צוויי מענטשן, אויב זייערע געדאַנקען זענען נישט אייניק און

זיי ווילן געמיינזאַם אַרבעטן, זענען זיי מחויב יעדער איינער מוותר צו זיין אויף אַ האַלבן ווילן, כּדי צו דערגרייכן אַ גלייכגעוויכט. אָבער קיינער פון זיי האָט קיין רעכט נישט צו פאַרלאַנגען פונעם צווייטן, ער זאָל מבטל זיין זיין ווילן און נישט באַקומען דערפאַר קיין שום קרבן פון יענעמס, דעם צווייטנס ווילן. דאָס, וואָס ס'איז ריכטיק ביי פּריוואַטע מענטשן, איז אויך ריכטיק ביי פעלקער. אַ ס י מ י ל אַ צ י ע פון אַלע צדדים איז געוויס אַ שיינע און גוטע זאַך. צו פאַרלאַנגען אָבער פון איין פאָלק, עס זאָל זיך אַסימילירן, עס זאָל זיין שפּייז פאַר אַנדערע, עס זאָל אַראָפּ פון דער לעבנס־אַרענע אין תהום פון נישט־זיין, איז געוויס אַ זינד און אַן אַטענטאַט, און אויב אָט דער געדאַנק גייט אַרויס פון דעם זעלבסט־אָפּפערער גופא, איז עס זעלבסטמאָרד. דעריבער כּל־זמן דער נאַציאָנאַלער געדאַנק לעבט צווישן אַלע אַנדערע פעלקער, וועט ער לעבן אויך צווישן אונדז, און מיר זענען מחויב און געצוווּנגען (לויט דעם נאַטור־געזעץ) צו עקזיסטירן, ווי אַ זעלבסטשטענדיק פאָלק. מיר קענען מוחל זיין אויף אונדזער עקזיסטענץ, כּדי צו זיין אַ טייל אין כּלל, אָבער מיר קענען נישט צעמישט ווערן אויף אַן אַנדער אופן און איינגעשלונגען ווערן דורך אַנ־דערע און ווערן פון גאָר — גאָרנישט.

4) חוץ דעם קאָן דער געדאַנק פון אַסימילאַציע איצט גאָרנישט העלפן, ווייל ס'איז שוין אַוועק די צייט, ווען מ'האָט די אַסימילירטע אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

5) דעריבער, קעגן אונדזער ווילן זענען מיר אַוועקגעשטעלט אין קאַמף. אין אָט דעם קאַמף זענען מיר אַ קליינע מינדערהייט קעגן דעם שונא, וואָס לויערט אויף אונדז פון אַלע זייטן. אמת, אין איין זאַך האָבן מיר די אויבערהאַנט — „די גערעכטיקייט איז מיט אונדז". זאָלן די פּראַקטישע מענטשן זאָגן וואָס זיי ווילן. „גערעכטיקייט" איז נישט קיין אַבסטראַקט־אויסגעטראַכטער געדאַנק, ס'איז נישט נאָר אַ שיינער קלאַנג; אין אָט דעם וואָרט איז דאָ וווּנדערבאַרער אינהאַלט, אַן אינהאַלט אָן אַ קערפּער, אָבער ס'איז אַ קראַפט אין אַ קערפּער, אָט די קראַפט, וואָס איז אין אונדז, זינט מיר זענען אין גלות און וואָס לאָזט אונדז נישט אומ־פאַלן. אָט־דאָס איז אונדזער שטאַרקייט, דאָס איז אונדזער האַרטנעקיקייט אין דעם קאַמף. אָבער אויסער דער גבורה פאַרלאַנגט זיך אויך אַן עצה, אַ ראַט. נאָר אויב דער ראַט און די גבורה וועלן אונדז צוזאַמען באַהיל־פיק זיין, וועלן זיי קאָנען פאַרברייטערן אונדזערע טריט.

6) אַלע זענען מודה, אַז איינע פון די זאַכן, וואָס באַפעסטיקן דעם

נאַציאָנאַליזם, איז די שפּראַך. איך האָב שוין אין מיין פאַריקן בריוו גע־שריבן, אַז כדי די שפּראַך זאָל זיין אַ פעסטער זייל, איז נייטיק זי זאָל זיין אַ שפּראַך, וואָס זאָל באַפרידיקן אַלע באַדערפענישן פון די, וואָס רעדן און לייענען אויף איר, און דעריבער דורך דערציילונגען אַליין קאָן מען נישט באַלעבן די שפּראַך, קאָן מען אונדז נישט באַלעבן. די הויפּט־זאַך איז אין עפּעס אַנדערש:

7) יעדע מענטשלעכע געזעלשאַפט איז אַ קיבוץ פון איינצלנע, פון פּרטים, וואָס פאַרייניקן זיך צו איין באַדערפעניש, וואָס באַהעפטן זיך צו איין אידעע א. א. וו.; כדי אָבער מעגלעך צו מאַכן די פאַרייניקונג איז נייטיק, אַז יעדער איינער זאָל וויסן צוויי זאַכן: די אַלגעמיינע באַ־דערפעניש אָדער דעם אַלגעמיינעם געדאַנק, און, אַז ער זאָל וויסן, אַז דאָס איז באַוווסט אויך אַלע איינצלנע. אַ שטאַרקער הונט פאַר זיין הארס הויז — דאָס איז אַן אַקט פון גערעכטיקייט; אַ פויגל, וואָס ווערט גע־מונטערט צווישן די פיל פייגל, — דאָס איז דער געדאַנק פון אחדות. און דאָס איז דער צוועק, וואָס מיר דאַרפן זיך שטעלן ביי היינטיקן טאָג: אַרויסצוברענגען דעם באַוווסטזיין פון כלל און פּרטים אינעם געוויסן פון יעדן פּרט באַזונדער... אויב יעדער פון אונדז וועט וויסן, מ י ט וו אָ ס ע ר א י ז א י י ד, אויב ער וועט וויסן, וויפל פון זיינע ברידער ווייסן און זענען באַהעפט דורך אָט דעם באַוווסטזיין, דאַן וועט אָט דער באַ־וווסטזיין ווערן געכפלט אויף דער צאָל פּרטים, וועלכע לעבן איצט. און אויב יעדער וועט וויסן דאָס, וואָס ס׳האָט געטראָפן מיט זיינע ברידער אין אַלע דורות, דאַן וועט דער באַוווסטזיין ווערן געכפלט לויט דער צאָל פון די דורות. דער אַלגעמיינער וויסן און באַוווסטזיין אין רוים פון אַלע ערטער און אַלע צייטן קאָן אונדז ביישטיין אין די שווערע, פינצטערע טעג. —

8) די מענער האָבן צוויי שפּראַכן, יידיש און לשון־קודש. פרויען האָבן נאָר איין שפּראַך, און אויף זיי דאַרף מען לייגן אויפמערקזאַמקייט. דאָס רוב פרויען גייען אַרום ליידיק, אָן וואַסער ס׳איז באַשעפטיקונג. שטענדיק זענען די פרויען די ערשטע צו אַסימילירן זיך און אָפּצולערנען זיך פון זייערע קריסטלעכע חברטעס. יעדער מענטש האָט זיך זיינע גייס־טיקע באַדערפענישן, און אויב די גייסטיקע באַדערפענישן פון דער יידי־שער פרוי ווערן נישט באַפרידיקט אין דער היים, לערנט זי זיך ביי פרעמ־דע און דורך פרעמדע. אָט די פרויען, וואָס זענען פאַר אונדז שטענדיק אַ שטרויכלונג און פּלאָג, קאָנען מיר גרינג פאַרוואַנדלען אין מיטהעלפער־

ביי דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ס׳איז זייער גרינג צו רעדן צו איר, ס׳איז זייער גרינג אויסצולערנען זי נוצלעכע זאַכן און ביפּרט געשיכטע. אויב יעדע יידישע פרוי וועט וויסן פאַרוואָס זי איז אַ יידישע, אויב זי וועט פאַרשטיין, אַז זי האָט אויף זיך פיל אַנדערע חובות אויסער די דריי מיצוות, דאָן אין דעם באַוווסטזיין, אַז זי טראָגט אויף זיך באַזונ־דערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועט זי געפינען אַ שוץ און אַ שטיצפּונקט פון די אַלע שלעכטע געדאַנקען, וואָס זי פאַלט אַריין ביז איצט אין זייער בעז.

דעריבער:

ס׳איז זייער וויכטיק צו געבן פאַר די פרויען אַרטיקלען פון דער יידישער געשיכ־טע און אַזוי ווי דאָס רוב לייענער זענען פרויען — איז עס דער עיקר צוועק.

און איך בין אייער פאַרערער

ל. פּרץ.

# 4

## צו שלום-עליכם

(פון אַ קאָפּיע)

זאַמאָשטש, דעם 22־טן יולי, 1888.

(איבערזעצונג פון העברעיש)

איך בין אַריינגעפאַלן פון אַ נעץ אין אַ גרוב אַריין... לכתחילה האָב איך זיך מיט חרפּה מודה געווען, אַז איך קאָן אייך און אייערע ווערק בלויז דורך די פּוילישע איבערזעצונגען און איצט מוז איך נאָך מיט מער חרפּה זיך מודה זיין, אַז ס׳איז אַ טעות, ווייל איך האָב אייך פאַרביטן אויף אַבראַמאָוויטשן, וואָס זיין „קליאַטשע" און „מסעות בנימין השלי־שי" זענען איבערגעזעצט אין פּוילישן, און זייט מיר מוחל. דאָך צווייפל איך נישט, אַז אין איינעם פון די נומערן „פּראַוודאַ" אָדער „פּשעגלאָנד טיגאָדניאָווי" האָב איך געלייענט וועגן דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור און דערביי זענט איר דערמאָנט. אָבער צום באַדויערן קאָן איך נישט געפינען די נומערן, ווייל נאָר איך איינער באַקום זיי, און לייענער האָב איך פיל, און נאָר איין נומער פון צען קערט מען מיר אום צוריק, און דאָס אויך אַ צעריסענעם.

נישט ווארטנדיק א תשובה וועגן דער פּראָזע, וואָס איך האָב גע־שיקט, שיק איך נאָך און נאָך „א שטיין צו א שטיין, א מאָס צו א מאָס“.—

די נאָוועלן און דאָס, וואָס ס׳איז ביינעלייגט דערביי, האָב איך גע־שריבן מיט איינמאָל (איך האָב געלייענט און מיין געהילף האָט געשריבן) און איך האָב פון זיי קיין קאָפּיע נישט, דעריבער, אויב זיי געפעלן אייך נישט, שיקט עס מיר אָפּ צוריק.

און איך בין אייער פאַרערער

י. ל. פּרץ

## 5

# צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

(דאָס אָרט און די דאַטע נישט אָנגעוויזן)

(איבערזעצונג פון העברעיש)

אדוני!

אין אייער קורצן בריוו שרייבט איר, אז איר האָט געפונען גוטע שטעלן און שלעכטע שטעלן אין מיין שיר, און ער וועט קאָנען געדרוקט זיין נאָר „מיטן תנאי, אויב איך וועל מסכים זיין אויף די באַדינגונגען אין אָפּמאַך, וואָס איר האָט געשריבן צו אונדזער פריינט דינעסאָן“, און פון צופיל אַרבעט האָט איר פאַרגעסן, אז איך בין קיין נביא נישט צו וויסן די באַדינגונגען און אָפּמאַך, און איך קאָן נישט דעריבער מסכים זיין, צי נישט. אָבער ווי א ייד וועל איך פּ ר ו ו ו ן אריינצודרינגען אין דעם געדאַנק דורך „אָנשטויסן זיך“, — אויב עס זענען דאָ גוטע און שלעכטע שטעלן, האָט איר געוויס געוואָלט אָפּטיילן די שלעכטע פון די גוטע, און די באַדינגונגען און דער אָפּמאַך איז — צו געבן אייך א כוח־הרשאה צו מאַכן ענדערונגען. אויב אַזוי, הגם איך בין נישט מסכים דערויף סתם אָן קיין שום באַדינג, רעכן איך, אז מיר וועלן קומען צו א פּשרה.

איר זענט געוויס גערעכט, אז דער אַרויסגעבער טראָגט אחריות בנוגע צו די לעזער פאַר די אַרטיקלען און שירים, וואָס ער גיט זיי, און ער טראָגט אחריות ביכלל פאַרן גאַנצן בוך, אָבער אויך דער שרייבער האָט דאָס רעכט אָפּצוהיטן זיין כבוד פאַר די לעזער, און אויב דער אַרויס־געבער וועט מאַכן ענדערונגען, וואָס געפעלן נישט דעם שרייבער און

וואָס לויט זיין (דעם שרייבערס) מיינונג פאַרדאַרבן זיי גאָר זיין ווערק, וועט דאָך דער שרייבער פילן אַ שטאַרקן אינערלעכן ווייטיק, דעריבער דאַרף מען האָבן דעם הסכם פון ביידע צדדים.

דעריבער קערט מיר אום מיין שיר מיט די באַמערקונגען אין דער זיים, וואָס איבערצולאָזן און וואָס אויסצומעקן, וואָס צו פאַריכטן און וואָס צו פאַרבייטן אַנדערש א. א. וו. און איך וועל אַליין זען, צי איך קען טון ווי איר שרייבט.

פון מיין נאַטור, האַלט איך, בין איך אַ מענטש, וואָס כ׳בין מודה אויפן אמת, און ווי איך האָב אייך דערקענט פון אייערע בריוו, זע איך נישט, איר זאָלט האָבן אַן אַנדער געשמאַק, וואָס זאָל זיך פאַנאַנדערגיין פון דעם אַלגעמיינעם און פון מיין אייגענעם געשמאַק. דעריבער האָף איך אויפריכטיק, אַז מיר וועלן קומען צו אַ פּשרה.

אויב אָבער איך האָב זיך שלעכט „אָנגעשטויסן״, בעט איך אייך צו באַלייכטן מיר מיין פינצטערניש און מיר מיטיילן, וואָס איר האָט געשריבן צו דינעסאָנען וועגן מיר.

סיי מיין שיר וועט זיך יאָ דרוקן און סיי נישט — זענען מיר דאָך מענטשן, ברידער פון איין מלאָכה, און אונדזערע מיינונגען, אפילו אויב זיי זענען פאַרשידענע, וועלן אונדז נישט שטערן צו שליסן אַן אַנדער אָפּמאַך, ווייל איך האָב פיל. —

פאַרוואָס ענטפערט איר מיר נישט, צי איר ווילט אַ גרויסע דערציילונג (בערך צו די זייער קליינע) מיטן נאָמען „די שטיממע״, דינעסאָן האָט עס געלייענט און עס איז נאָך ביי אים.

איך פאַרהער אייך
י. ל. פּרץ

## 6

# צו שלום-עליכם

(פון אַ קאָפּיע)

זאַמאָשטש, דעם 3־טן פעברואַר 1989

(איבערזעצונג פון העברעיש)

די מתנה 1) האָב איך באַקומען, אייער בוך איז באמת אַן אוצר מיט אַלדאָס גוטס.

אייער פאַרערער
ל. פּרץ.

1) דער ערשטער באַנד פון שלום-עליכמס „יודישע פאָלקס-ביבליאָטהעק״.

אויב ס'איז נאָר מעגלעך, בעט איך אייך אומקערן מיר דעם כתב־יד „מאָניש".1)

# 7

## צו שלום-עליכם

### (פ ו ן א ק אָ פּ י ע)

(א י ב ע ר ג ע ז ע צ ט פ ו ן ה ע ב ר ע י ש)

אדוני הניכבד!

איך פאָלג אייך און שיק אייך דעם שיר, 2) און אָט איז די הקדמה.

דער שיר איז דאָס ערשטע בוך פון אַ גרויסן ווערק. עס איז כמעט אַ זאַך פאַר זיך און ס'וועט קענען געפעלן די פאַרשטענדיקסטע לעזער.

דער צוועק פון דעם גאַנצן ווערק איז — אַדורכפירן אונטער דער קריטיק און צושטעלן צום שאַנדסלופּ אַלע ג ד ו ל י ־ ה ד ו ר, די אָנגעזעענסטע חסידים, מיתנגדים, סוחרים, די בעלי־צדקה און בעלי־טובות

---

1) ווי באַקאַנט האָט שלום-עליכם געענדערט איניקע שטעלן אין „מאָניש", איניקע אַרויסגעוואָרפן און איניקע צוגעשריבן. פּרץ איז דערפון געווען שטאַרק אויפגעבראַכט, און אין 1892 האָט ער אַרויסגעגעבן „מאָניש" ווי אַ באַזונדער ביכל מיט פאָלגנדיקער צושריפט: „געדרוקט אין „פאָלקס-ביבליאָטהעק", האָט די באַלאַדע געליטן פון רעדאַקטאָרס שער און פעדער. די געקרענקטע אייגן־ליבע האָט מיך באַוויגן זי איבערצושרייבן, און גוטע פריינט איבערצודרוקן" (י. ל. פּרץ, פּאָעזיע, צווייטעס העפט מאָניש (באַלאַדע) וואַרשע, תרנ"ב (1892) 40 זייטלעך).

2) עס איז, מיינט נ. מייזיל, די פּאָעמע, וואָס י. דינעזאָן שרייבט וועגן איר אין אַ בריוו צו שלום-עליכמען (סוף 1888 אָדער אָנהויב 1889): „די טעג האָט ער מיר מיט אַן עקסטרען מענטשן צוגעשיקט זיין גראַנדיעזע פּאָעמע, וועלכע ער שרייבט פאַר אייער צווייטער ביבליאָטעק. לה דומיה תהלה.. אַ קינד וועט פאַרשטיין און אַנקווועלן פון נחת פון דער פּאָעמע, און מבינים, ווי ווייניק זיי זענען אויך ביי אונדז יידן, וועלן רזין דרזין אין דער פּאָעמע געפינען. איך, אַז איך לעזע זי, און געלעזן האָב איך זי שוין הונדערט מאָל, דערמאָן איך מיך אַן בייראָן, אַזוי רייך און אומגעצאָמט איז די מוזע זיינע, זי האָט קיינע גרענעצן און קאָן קיין צוואַנג און דרוק נישט דולדן, איר ברויכט זי לעזן.. און בייראָן וועט אייך אַ לעבעדיקער פון קבר אויפשטיין און איר וועט נישט וויסן, אויב איר פוילן וואָלט בייראָן אַנדערש געשריבן און געקאָנט שרייבן... (זע דעם קאַפּיטל „פּרץ און שלום-עליכם" אין מייזילס בוך „פּרץ". לויט דוויד פּינסקי, האָט פּרץ אָנגעשריבן דאַן אַ גרויסע פּאָעמע אונטערן טיטל „ווו נעם איך אַ העלד"? געשריבן אין דעם סטיל פון בייראָנס „טשאַילד האַראָלד" און אין דער בייראָנישער שטימונג. די פּאָעמע איז נישט פאַרענדיקט געווען און, לוידער, פאַרלוירן געגאַנגען. זע זלמן רייזענס „לעקסיקאָן", פאַרלאַג ב. קלעצקין 1927, ז. 991 — 992.

און אויפדעקן דעם פאַרעיפּושטן קוואַל, וואָס פון אים שעפּט אונדזער לעבן. און דאָס האָף איך צו טון אויף אַט דעם אופן:

דער משורר, אַ מענטש, וואָס איז אַ בריה צו שרייבן און צו דיכטן דורך פאַרשידענע מאַנירן לויט פאַרשידענע שולן און וועגן אין דיכטונג, וויל שאַפן זיך אַן אָרט און אַ נאָמען אין דער ליטעראַטור דורך אַ גרויסער פּאָעמע. ער דאַרף דעריבער געפינען אַ העלד פאַר זיין ווערק. אין זיין קליינשטעטל טשאַכנאָווקע, הגם די מענער זענען בעלי־תורה און די פרויען זענען פרומע, הגם זיי זענען גוט צו גאָט און צו לייטן, געפינט ער נישט, וואָס ער זוכט. דער העלד פון דער פּאָעמע דאַרף זיין אַ לעבעדיקער מענטש, אַ געזונטער, מונטערער און אַקטיווער. און אין זיין קליינשטעטל איז דאָס לעבן קיין לעבן נישט, די פרויען פאַרנעמען זיך אין קיך, די מענער ווערן אַלט פאַר דער צייט, און נאָך איידער עס שיינט אויף פאַר זיי די יוגנט־זון, ווערן זיי פאַריאָכט און וועלקן ווי קיקיון דיונה. ער דאַרף דעריבער אַוועקפאָרן קיין בובעריניק, אין דער השכלה־שטאָט, דאָרט האָט ער אַ פעטער מיט אַ מומע, דאָרט וועט ער פאַרברענגען אַ צייט, ביז ער וועט זיך באַקענען מיט דער געזעלשאַפט און וועט זיך אויסקלויבן אַ „העלד". ער האָט טאַקע דאָרט דערזען אַ יונגנמאַן, אַ שיינעם און אַ פיינעם, און זיין אויסערלעך אויסזען (קיין אינערלעכע וועלט האָט ער נישט) האָט צוגעצויגן דאָס האַרץ פונעם דיכטער, אַנצוקוועלן פון דעם סאַלאָנען־גלאַנץ, — אָבער פּלוצים האָט זיך פאַר אים באַוויזן דער לאָקײ, און דער דיכטער קוקט, און ער ווייסט נישט דעם אונטערשייד צווישן דעם יונגנמאַן, דעם העלד אין די אויגן פון דער גאַנצער חברה, דעם ליבלינג פון פרויען און פריילנס, און דעם לאָקײ. ביז אַהער איז דער ערשטער טייל.

דערנאָך קומען אַנדערע געזעלשאַפטן: שרייבער, קריטיקער, בעלי־טובות און אנד. און אַזוי פאַלט אַראָפּ דער שטערן פון דעם מיסחר־הימל, אַזוי אויך פאַלן די איבעריקע שטערן. און איך רעכן, אַז דאָס וועט פאַר אייך נישט זיין קיין אָפּהאַלט, און איר וועט קענען דרוקן דעם ערשטן טייל און צוגעבן אַ באַמערקונג, אַז דער המשך וועט קומען. און מען קאָן דאָך נישט דרוקן אַזאַ גרויס ווערק מיט איין מאָל, און אַזוי ווי איך גלייב און בין בטוח, אַז די „פאָלקס־ביבליאָטעק" וועט נישט אונטערגיין און וועט וואָס ווייטער אַלץ מער אַריינדרינגען אין פאָלק, אַזוי שטעל איך מיר פאָר, אַז אויך איר גלייבט אין דעם.

און נאָך. איך ווייס נאָך נישט, צי דער שיר וועט אייך געפעלן,

איך וויל זיך פארענטפערן פאר דעם אופן, ווי ער איז געשריבן. אז „מאַ־ניש" איז פארפעטלעכט געוואָרן, האָב איך באַקומען פיל לויב־בריוו, אָבער די אַלע, וואָס האָבן געלויבט, האָבן באַמערקט, אז דאָס פאָלק פאַר־שטייט נישט „מאַניש". און אויב אַזוי — צו וואָס טויג עס? אָבער איך נעם עדות אונדזערע מאַסן, אז אויב זיי פ א ר ש ט יי ע ן נאָר לויט זייער פארשטאַנד, דערפאַר אָבער פ י ל ן זיי די שיינקייט, דעם גייסט, וואָס שוועבט איבערן שיר, און דאָס איז דאָך דער צוועק פונעם שיר — נישט אויסצודריקן דורך מליצות דאָס באַקאַנטע, נאָר אויפצודעקן נייע הימלען, צו שאַפן פארן פאָלק נייע באַגריפן, אריינצודרינגען צו אים מיט נייע געדאַנקען, און נישט איבערדערציילן דאָס אַלטע און פארעלטערטע. דער לעזער באַדאַרף טאַקע לייענען איין מאָל און אַ צווייט מאָל, אַ צוויי מאָל און אַ דריט מאָל, אָבער וואָס מער ער וועט לייענען, וועט ער אַלץ מער פילן, אַלץ מער פארשטיין — און דאָס איז די אויפגאַבע!

אז מיר וועלן אריינברענגען נייע געדאַנקען, מוזן מיר געבן אויך נייע פאָרמען, נייע אויסדרוקן, ווייל דער אַלטער לבוש פאַסט זיך נישט צו צום נייעם, די אויסדרוקן זענען אים לכתחילה פרעמד, אָבער סוף־כל־סוף וועלן זיי אריינדרינגען ווי וואַסער אין דעם לעזער און וועלן באַ־רייכערן זיין פארשטאַנד. דעריבער האָב איך זיך נישט געמיט צו באַ־שרענקען מיינע געדאַנקען און באַגרענעצן זיי מיט די אויסדרוקן פון המון. פאַרקערט, איך האָב זיך געוועגדט נישט צו זיין שפּראַך, נאָר צו דער שפּראַך, וואָס דריקט אַמשטאַרקסטן אויס דאָס פילבאַרע, און דער לעזער, וואָס איז נישט געבילדעט, זאָל זיך אויסבילדן. כדי צו פאַרגרינ־גערן אים דאָס לערנען, קאָן איך פּאַרטייטשן מיט באַמערקונגען די ווער־טער, וועלכע זענען אים נאָך פרעמד.

איך קוק נישט אויפן „זשאַרגאָן" ווי אויף אַ כלי שני און נישט ווי אויף אַ פארמיטלונג, וואָס גייט אַריבער. איך וויל עס זאָל ווערן אַ שפּראַך, און דעריבער באַדאַרפן מיר פאַרברייטערן און פאַרמערן אירע אוצרות און צוגעבן יעדע רגע אַלץ־נייע אויסדרוקן, אז דער שרייבער זאָל נישט זאָגן, מיר איז ענג דאָס אָרט...

און נאָך: אויב דאָס, וואָס כ'האָב געשיקט, וועט אייך געפעלן, טיילט מיר מיט און קערט עס מיר אום, כדי איך זאָל מאַכן נאָך ענדערונ־גען. עס זענען דאָ פאַרדרייטע שטעלן, פאַראַן מטושטשע בילדער, נישט אומעטום איז דער פערז געלונגען. אָבער אַזוי ווי איך פאָר אָפּ אויף עט־לעכע טעג פון דער היים, וועט איר האָבן צייט איבערצולייענען מיין

ארבעט. אויך דאָס דאַרף מען צוגעבן, אַז דער איבערשרייבער איז אַ גראָבער יונג און זיינע טעותים און גרייזן זענען פעסטע.

קאָן זיין, אַז דער שיר וועט אייך נישט געפעלן, דאַן, זייט אַזוי גוט און קערט מיר אים גלייך אום, — ווי נאָר איר וועט אים איבערלייענען ביזן סוף. איך האָב רעכט צו פאָדערן עס צוליב די הוצאות, וואָס איך האָב אויסגעגעבן אויף איבערצושרייבן. ביי אונדז קאָסט איבערשרייבן יידיש זייער טייער. איך האָב באַצאָלט אַ צען רובל.

איך בין אייער פאַרערער

ל. פרץ.

איך האָב ביי זיך גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, שיקן זיי? פיל פון זיי זענען אָנגעקומען אין „הויז-פריינד" און אַ טייל פון זיי וועלן זיך אויך דרוקן אין פ"צ 1).

הנ"ל

## 8

# צו שלום-עליכם

(פון אַ קאָפּיע)

(געשריבן אויף אַן העברעישן בלאַנק „י. ל. פרץ, זאַמושטש", אָן אַ דאַטע)

(איבערגעזעצט פון העברעיש)

אדוני!

איך האָב קיינמאָל גאָרנישט געטראַכט און ס'איז מיר אויפן געדאַנק נישט אַרויף, אַז ס'זאָל קומען אַמאָל אַ טאָג און איך זאָל געצווונגען זיין צו פאַרדינען פון מיין פעדער. צו מיין אומגליק איז געקומען אַזאַ טאָג, און איך בין געצוווּנגען צו געבן אייך אַ דערלויבעניש צו פאַריכטן, ווייל איך נייטיק זיך זייער און זייער אין געלט.

איך האָב קיינמאָל גאָרנישט געטראַכט און ס'איז מיר אויפן געדאַנק נישט אַרויף, איך זאָל וועלן ס'איז אַנדערן אַרויסגעבער אָפּגעבן די בכורה לגבי אייך. פאַרקערט, מיטן גאַנצן האַרצן וועל איך אייך אַוועק-

1) אפשר מיינט פרץ פ"ב — „פאָלקס-בלאַט", וואָס איז דערשינען אין פעטערבורג. אין „פאָלקס-בלאַט" איז, דוכט זיך, גאָרנישט געווען געדרוקט פון פרצן.

געבן אַלע מיינע דערציילונגען — און ס'איז אייער שולד, אויב איך האָב איך נישט געטון ביז איצט. אין פאַריקן יאָר האָב איך נישט געדרוקט מיינע דערציילונגען, איך האָב וועגן זיי אייניקע מאָל געפרעגט און קיין תשובה נישט באַקומען.

די מינוט שרייב איך צו אונדזער פריינט יעקב דינעסאָן, ער זאָל אייך שיקן מיינע דערציילונגען.

אויב איר קאָנט מיר צושיקן ת י כ ף דעם האָנאָראַר פאַרן שיר און אפשר א ו י ך א ן א וו א נ ס אויף די דערציילונגען, וועט איר מיר טון אַ גענאַד, ווייל איך נייטיק זיך איצט.

און אויב נישט — שיקט מיר צו אַ העלפט.

נאָכאַמאָל פאַרזיכער איך אייך, אַז איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט צו ד ע ר וו יי ט ע ר ן זיך פון אייך מיט מיין אַרבעט, און אויב ס'וועלן זיין ביי מיר טענות און מענות, וועל איך זיי זאָגן מיטן פולן מויל, ווייל די פאָלקס־ביבליאָטעק שטייגט איבער מיט איר באַדייטונג אַלץ, וואָס איז געדרוקט אין אונדזערע ביידע ליטעראַטורן.

דאָס, וואָס ס'איז געווען געדרוקט קעגן אייך, האָב איך נישט גע־לייענט, אָבער קעגן דעם אַרטיקל פון קאַמינקא 1) אין „הצפירה", האָב אָנגעשריבן אַ שאַרפן ענטפער. ווען איך זאָל זיין אימשטאַנד צו דרוקן אים באַזונדער, וואָלט איך עס פאַנאַנדערגעטיילט אומזיסט. אָבער איך בין נישט אימשטאַנד, און ה' ציטראָן וויל אים דרוקן אינעם יאָר־בוך, וואָס ער גיט אַרויס. אויף וויפל ס'איז ריכטיק, ווייס איך נאָך נישט.

איך וויל שיקן דעם אַרטיקל ציטראָנען, אָבער אפשר ווילט איר אים לייענען, אָדער אפשר אים אויסנוצן, ענטפערט מיר גלייך, און איך וועל אים פריער שיקן אייך. דער אַרטיקל איז זייער אַ גוטער, זעלבסטשטאַנ־שטענדלעך אין מיינע אויגן.

און איך וואַרט אויף אייער תשובה.

ל. פרץ.

---

1) געמיינט דעם אַרטיקל פון אַ קאַמינקאַ „אזהרה למכתבי עמל" („הצפירה" 1989, די נומערן 116, 119, 120, 123,122, 125, 126). ס'איז אַ שאַרפער פּאָלעמישער אַרטיקל קעגן „זשאַרגאָן" אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּאָלעמיק אַרום דעם דערשיינען פון דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק".

## 9

# צו שלום-עליכם

(פון א קאָפּיע)

(אָן א דאַטע)

(איבערגעזעצט פון העברעיש)

אדוני!

לויטן בריוו פון אונדזער פריינט דינעסאָן, זענען די דערציילונגען איך שוין לאַנג אַרויסגעשיקט; דעם שיר צו פאַריכטן האָב איך עד־היום נישט באַקומען, און איך בין אין פּ א ר ל ע ג נ ה יי ט 1), ווייל איך באַדאַרף זייער נייטיק האָבן געלט. איך קאָן נישט בעטן ביי אייך פאַר־אויס, ווייל געשעפטלעך קענען מיר איינער דעם צווייטן נישט, אָבער איך בין געצוואונגען צו בעטן ביי אייך וואָס גיכער מיר צוריקשיקן, וואָס כ'האָב אייך געשיקט, צום פאַריכטן אָדער מיר שיקן דעם האָנאָראַר פאָרויס.

נאָכאַמאָל פאַרזיכער איך אייך, אז ווען נישט מיין איצטיקע פאַר־לעגנהייט, וואָלט איך עס נישט פאַרלאַנגט.

אייער פאַרערער

ל. פּרץ.

1) פּרץ האָט דאָן פאַרלוירן דאָס רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט אַדוואָקאַטור.

## 1

# צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

(איבערגעזעצט פון העברעיש)

(עס איז דער ערשטער בריוו פון פּרצן צו יעקב דינעזאָן. מיט אָט דעם בריוו איז געשלאָסן געוואָרן די ווונדערבאַרע פריינטשאַפט פון פּרץ און דינעזאָן, וואָס האָט זיך אָן איבעריים געצויגן עטלעכע און צוואַנציק יאָר, ביזן טויט פון פּרץ אין 1915. אָט דער בריוו, ווי אויך אַלע איבעריקע בריוו פון פּרץ צו דינעזאָן איז פאַרבליבן נאָך דינעזאָנען צווישן זיינע כתבים. יעקב דינעזאָן האָט, משמעות, געשריבן פּרצן אַ בריוו, ווו ער האָט געלויבט די פּאָעמע „מאָניש", וואָס האָט זיך געדרוקט אין שלום־עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטעק", אין יאָר 1888).

פון דיין לויב, מיין האַר, הגם איך קאָן דיך נישט, האָב איך זייער הנאה געהאַט. מיר וועט זיין זייער אנגענעם זיך צו באַקענען מיט דיר. צי דאָס ביסטו עס, מיין האַר, דער מחבר פון „הנאהבים והנעימים" 1) און „קרעפּלעך זאָלסטו עסן"? 2)

## 2

# צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

(דער דאָזיקער פראַגמענט פון פּרצעס אַ בריוו אָדער אַרטיקל איז געלעגן צווישן דינעזאָנס איבערגעבליבענע פּאַפּירן מיט אַן אויפ־שריפט, — קאַנטיק מיט דינעזאָנס האַנט, — „פון פּרצעס ערשטע בריוולעך צו דינעזאָנען". אָבער אין יענער צייט האָט פּרץ געשריבן זיינע בריוו אויך צו י. דינעזאָן אין העברעיש. אויף דעם בריוו אָדער אַרטיקל איז נישטאָ קיין דאַטע. אָבער דאָ רעדט זיך, אַז צע־

---

1) „הנאהבים והנעימים אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק", איז יעקב דינעזאָנס ערשטער געדרוקטער ראָמאַן, דערשינען אין ווילנע אין יאָר 1877.

2) „קרעפּלעך זאָלסטו עסן" איז אָפּגעדרוקט אין שלום־עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" 1 (1888), ווו ס'איז אויך געווען געדרוקט פּרצעס „מאָניש".

דערבוים קריגט זיך מיט גאַרדאַנען. דער ערשטער איז געשטאָרבן אין 1893, דער צווייטער — אין 1892. איז עס יעדנפאַלס געשריבן נישט שפּעטער ווי 1892. די ריכטיקע דאַטע דאַרף נאָך פעסטגע־שטעלט ווערן).

אין אונדזער העברעישער (לשון־קודשער) ליטעראַטור איז שטענ־דיק אַזוי שטיל, אַזוי מנוחהדיק... אד"ם הכהן איז, לא־עליכם, געשטאָרבן, און קיינער זוכט שוין נישט קיין גרייזן אין זיינע שירים... ליכטנפעלד איז געשטאָרבן, און קיינער שרייט שוין נישט, אַז סלאָנימסקי קען נישט רעכענען... סלאָנימסקי איז געשטאָרבן און קיינער שרייט שוין נישט „קאַראַול" קעגן מענדלסאָנס שולע... אָט אַמאָל קריגט מען זיך, מען זידלט זיך אַפילו, צעדערבוים מיט גאָרדאָנען מאַכן אַמאָל אויף 4 וואָכן אַ סקאַנדאַל און ווייטער שטיל... דאָס שטילע וואַסערל פליסט, פון אויבן אַביסל גרין פאַרשימלט, הינטן שלינגט אַמאָל אַ לעבעדיק העכטל איין אַ ווערעמל, מען הערט אַ פּישטש און ווייטער שטיל... עס מאַכט זיך אַמאָל אַ נייעס, עס טרעט אַרויס אַ נייער „שטערן", אַ וויכטיק ספר... אַ גרויסער יידישער ניוטאָן דערזעט אויף דער זון מיט אַ שלעכט־פאַר־שטאַנענעם פראַנצויזישן מחברס אויגן — נשמהלעך... קליינע, גרויסע, אָפּגעצערטע נשמהלעך. דער צווייטער „שטערן" מאַכט אויך אַביסל אַ רעש און ווייזט אויס צום מיליאָנסטן מאָל, אַז די ניסים־וניפלאות קענען זיין ע"פ דרך־הטבע. נאָר דאָס אַלץ פליט פאַרביי און ווייטער מנוחה... אין דער רואיקער צייט אַנאָנסירן די רעדאַקטאָרן אין יעדן נומער צייטונג נייע ספרים און זאָגן צו גרויסע רעצענזיעס צו געבן מיט דער צייט, און האַלטן מיט דער צייט קיינמאָל נישט קיין וואָרט — אבי שטיל! קיינער מאָנט נישט, קיינער דערמאָנט נישט, קיינער שרייט נישט... קיינער פילט זיך נישט אָפּגענאַרט, — ווייל אָפּנאַרן איז אוודאי אַ נס ע"פ דרך־הטבע, צוזאָגן און נישט האַלטן קען אַפילו דער גרעסטער גביר...

עס איז אַזוי ווייט שטיל, אַז מען הערט אַפילו די אַלטערטומס־פאָרשיקע פליגן אויף דער פאַרפוילטער וואַנט... עטלעכע פון זיי דזשאָ־בען אַ שטיקל אבן־עזרא נאָר געשמאַק, אבי שטיל — שאַ!

עס איז אַזוי שטיל, און עס איז אַזוי גוט און מנוחהדיק אינעם שטילן, אַז אַפילו דער „חלזון" האָט קיין אויפזען נישט געמאַכט!

איינער האָט אויסגענוצט אַ לאַנגן „אַאַ!", דער צווייטער האָט גע־וואָלט עפּעס זאָגן און האָט זיך אינמיטן פאַרהוסט, דעם דריטן האָט מען אַ צי געגעבן ביי דער פּאָלע, האָט ער זיך באַלד צוריק אַנידערגעזעצט דרימלען און ווייטער שטיל...

דער עולם איז געשלאָפֿן, און דעמאָלט איז די בעסטע צייט געווען פֿאַר די וואַנצן, עס האָט זיך אָנגעהויבן זייער ממשלה. עס זענען פֿון אַלע זייטן פֿונעם קראַנקן־בעט אַרויסגעקראָכן קליינע און גרויסע וואַנצן... ווי שטיל און ווי פֿיין עס קריכט! נאָר איינע האָט שוין באַמערקט, אַז צע־קוועטשן טאָר מען זיי נישט...

ראַפּטום טראַך!

עס האָט אַריינגעשלאָגן אינעם שטילן בית־המיקדש אַריין אַ דונער!

צי איז דאָס באמת געווען אַ דונער? אפשר אַ קלאַפּ פֿון אַ דאַך־באַשלעגער אין דער בלעך. אפשר גאָר, איך בעט איבער אייער כבוד, — אַ ניס נאָך אַ גרויסן שמעק־טאַבאַק?

איך מיין, עס איז נאָר געווען אַ ניס, העכסטנס — נאָך טשעמירזי־צע אָדער שטאַרקע יו״כ־טראָפּן. נאָר מיינע ליטעראַרישע שכנים זאָגן, אַז עס האָט געדונערט. עפּעס אַ ישיבה־בחור האָט געמאַכט אַ ברכה אי־בער אַ דונער. טייל האָבן געלייגט שמירה אויף די פֿענצטער, און אַ דע־נערווירטער האַלב־פֿאַריקטער האָט זיך באַהאַלטן אונטערן איבערבעט!

דער דונער איז אייגנטלעך געווען אַ גראָבער! עס האָט געשפּריצט מיט שטיקנדער בלאָטע, עס האָט געשטעקט דערינען אַ שטיקל מלשינות אויך... און דאָס האָט געזאָלט טרעפֿן אונדזערע זשאַרגאָניסטן! געוואַלט, דער זשאַרגאָן פֿירט אונדז איבער! דער זשאַרגאָן וועט אונדז ברענגען אין שאול־תחתיה אַריין... די זשאַרגאָניסטן זענען פּושעים, רוצחים, הול־טאַיעם וכדומה אַזוי שיינע זאַכן...

---

## 3

# צו יעקב דינעזאָן

### (פֿונעם אָריגינאַל)

(דעם בריוו און די עטלעכע ווייטערדיקע העברעישע בריוו האָט פּרץ געשיקט צו יעקב דינעזאָן קיין קיעוו, ווו דינעזאָן האָט גע־וווינט אין די יאָרן 1892 — 1896. עס איז שוין געווען נאָך דעם, ווי דינעזאָן האָט אַרויסגעגעבן פּרצעס ביכל „בעקענטע בילדער״ (אין יאָר 1890) און נאָך דעם, ווי ס׳זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פּרצן מיט דער הילף פֿון יעקב דינעזאָן די ערשטע צוויי בענ־דער „די יודישע ביבליאָטעק״ (וואַרשע 1891). אגב, אין צווייטן באַנד „די יודישע ביבליאָטעק״ איז געווען געדרוקט דינעזאָנס „הערשעלע״, וואָס איז שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער אויסגאַבע).

(איבערגעזעצט פון העברעיש)

וואַרשע, דעם 27־טן יוני, 92(18)

ידידי!

דו שרייבסט מיר נישט, וואָס דו האָסט אויפגעטון אין ניעזין, אַ סימן, אַז דו האָסט נאָך נ י ש ט באַקומען דיין געלט, און דאָס באַדויער איך זייער שטאַרק... מאָניש 1) איז נאָך נישט אַרויס פון דרוק, און אַז ער וועט אַרויס וועט ער זיין זייער מיאוס. פאַראַן אַ געוויסער דרוקער אין וואַרשע, הייסט ער אָרגעלבראַנד, אָבער ער איז אַ גרויסער כלב, און די איבעריקע — טויגן אַלע אויפן פייער.

איך ציטער „ווי אַ פיש אין וואַסער" פאַרן יום־הדין פון מיינע קליינע דערציילונגען 2). דער, וואָס האָט פאַרוואַנדלט דעם ים אין אַ טריקעניש, זאָל גוט מאַכן צו מיר קאַראַשעס (?) האַרץ. די „ביבליאָטעק" איז אַלעמען זייער שטאַרק געפעלן. מען זאָגט, אַז דער צווייטער באַנד 3) שטייט פיל העכער פונעם ערשטן — 50 פּראָצענט!

ווען איך האָב באַקומען דיין בריוו, האָב איך געמאַכט אַ גרויסן טומל און נאָך איידער איך האָב באַקומען דעם בריוו, האָב איך אויסגעגאָסן מיין שווער האַרץ צו אָרגעלבראַנדס קאָפּ, און דער ד ר י־

1) נישט זייענדיק צופרידן מיט די ענדערונגען וואָס שלום־עליכם האָט געמאַכט אין „מאָניש", בעת ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטהעק", האָט פּרץ, ווי שוין אָנגעוויזן אַרויסגעגעבן „מאָניש" אין אַ באַזונדער העפט.

2) געמיינט די קליינע דערציילונגען וואָס האָבן באַדאַרפט דערשיינען אין אַ באַזונדער ביכל. —

3) אין צווייטן באַנד „די יודישע ביבליאָטהעק", אַ זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע, ערשיינט צוויי מאָל יעהרליך, רעדאַגירט און העראויסגעגעבען דורך י. ל. פּ ר ץ, וואַרשע 1891. אין צווייטן באַנד זענען צווישן אַנדערן אָפּגעדרוקט פאָלגנדיקע זאַכן פון פּרצן: וואָס הערט זיך (פאָרוואָרט); בילדער און נאָוועלן: האַלט ס'מויל, מענדל בריינעס, אַ קלעזמערס טויט, ס'הערצל צאַפּלט, די אלמנה, די לעזערן, דאָס זיבעטע בענטש־ליכטל. אין דעם באַנד איז אויך אַריין פּרצעס „בילדער פון אַ פּראָווינץ־רייזע אין טאָמאַשאָווער פּאָוויאַט אום 1890 יאָר", מיט אַן אויפשריפט: „געווידמעט די אַלע וואָס האָבן גֶ עָ וו אָ ל ט, נאָר, ליידער, נישט ג ע ק אָ נ ט העלפן" (זייטן 75-141) און „קליינע געדיכטע" פון פּרצן: אמת ושקר, דער לבנהס שוועסטער, אַ טרער, און אדום (נאָך היינע). ער און זי (אַן אַלטע היסטאָרישע פאַבל), דער כוס (פון פרוג), מיש־מאַש. דערנאָך אַן אַרטיקל פון פּרצן וועגן געשיכטע, פעליעטאָן פון לץ פון רעדאַקציע און „קריטיק וועגן פאַרשידענע ביכער און ביכלעך" געחתמעט בן־תמר (אויך פּרץ). —

ט ע ר 4) וועט זיין אונטער אונדזער האנט, און וואָס דער שוטה האָט אָפּ־געטון, האָט ער שוין אָפּגעטון.

ה' שולמאַן 5) האָט זיך שטאַרק פאַרזינדיקט. ער האָט טאַקע גע־שיקט דאָס געלט פאַרן ערשטן טייל, איך ווייס אָבער נישט, ווער ס'האָט אָפּגענומען דאָס געלט (איך בין נעכטן געווען אויף פּאָסט, אָנגעשריבן, ווי דער שטייגער, אַ מודעה, און מאָרגן וועל איך באַקומען אַ תשובה און וועל וויסן, וואָס ס'איז געוואָרן מיטן געלט), אָבער ה' שולמאַן האָט נישט געענטפערט אויף מיינע בריוו. פאַרוואָס? צי דערפאַר, ווייל ער איז אַ גביר און אַ שרייבער, און איך בין אַ שרייבער און אַן אָרעמאַן?

ווען איך וועל באַקומען די ידיעה פון דער פּאָסט, וועל איך אים שרייבן און מיטיילן, וואָס מיט זיין געלט איז געשען. אָבער צי קען איך בעטן ביי אים אַ מאמר, אָנקניפּן מיט אים באַציונגען און ווידעראַמאָל וואַרטן אויף זיין ענטפער ביז משיחס צייטן? איך זע דיין פּנים, עס איז אומעטיק; מיינע ווערטער זאָלן דיר נישט זיין צום האַרצן; נו, זאָל שוין זיין, ווי דו ווילסט, כ'וועל אים שרייבן אַ י צ ט, דעם צווייטן באַנד האָב איך אים נעכטן אַרויסגעשיקט.

ווען קומסטו? איך בין שוין מיד געוואָרן צו וואַרטן אויף דיר. פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין, אַז מיין פרוי לאָזט דיך גריסן.

דיין ברודער
ל. פּ ר ץ.

## 4

# צו יעקב דינעזאָן

(פ ו נ ע ם אָ ר י ג י נ אַ ל)

(געשריבן אויף אַ פּאָסט־קאַרטל פון וואַרשע קיין קיעוו. דער אַד־רעס: „ראַגנעדינסקע גאַס, הויז פון זשיוואָגליאַדאָוו, נ. ד. לוריע, פאַר ה' דינעזאָן)

---

4) דער ד ר י ט ע ר באַנד פון דער „יודישער ביבליאָטעק" איז דערשי־נען ערשט אין יאָר 1894.

5) אליעזר שולמאַן — דער באַוווּסטער העברעישער שריפטשטעלער און פאָרשער פון דער אַלטער העברעישער ליטעראַטור (געבוירן 1828, געשטאָרבן 1904). געווען אָנגעשטעלט אין קיעוו ביי די בראָדסקיס. —

ווארשע, 12 סעפּטעמבער, 1892.

(איבערגעזעצט פון העברעיש)

ידידי!

אז דו ביסט געווען קראַנק און דו ביסט געזונט געוואָרן, האָב איך זיך דערוווסט פון דיין שוועסטער. אין דעם... איז קענטיק געווען אַ פּונק פון מיטגעפיל... זי האָט דאָך געשיקט דעפּעשן!!! כ'האָב זי געטראָפן ראש־השנה (אין דער צווייטער העלפט פון דעם „יומא אריכתא"), און זי האָט פאַר מיר אויסגעגאָסן איר גאַנץ... האַרץ. פון אירע רייד האָב איך זיך דערוווסט, אַז דו פירסט אירע עסקים אין קיעוו... זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז דו האָסט באַקומען אַביסל געלט פון אַ בעל־חוב, און אַז מען האָט דיר צוגעזאָגט אויך דאָס איבעריקע, אָבער פון דיין בריוו זע איך עס נישט אַרויס.

פון ווילנע (נישט פון וויטעבסק) האָסטו קיין געלט נישט באַקומען, ווייל מען האָט נישט געשיקט;מיטאַמאָל איז פון דאָרט אַלץ איבערגעריסן, און אויך איך באַקום נישט קיין בריוו. אין דער שפּיץ שטייט גאָידאָ 1), און לויט זיין לעצטן בריוו — וועט ער קומען אַהער (קיין וואַרשע) צו יעדן מיט אונדז.

וואָס שייך מאָווישאָנען, קאָנסטו איבערגעבן די זאַך אין געריכט. מיר וועלן נאָך רעדן מיכוח דעם, ווען דו וועסט קומען, וואָרום פון קיעוו וועט שוין קיין תורה נישט אַרויס. —

די מגיפה 2) שטייט הינטער אונדזערע ווענט. פאַר יום־כיפּור זענען געווען עטלעכע פאַלן אין דער גוישער וועלט, און נאָך יום־כיפּור הייבן אָן די געמאַלעטע (?) צו באַקומען שילשול. און ס'איז שוין אַרויס אַ קלאַנג, אַז איינער פון אחינו בני ישראל (אין וועבערס 3) שפּראַך) „איז געפאַלן טויט אויף דעם מגיפה־מיזבח!" אין דער שפּראַך פון די איבעריקע חכמים).

און דו גייסט פון זיג צו זיג! נאָכדעם ווי דו האָסט געזען די מגיפה פּנים־אל־פּנים אין קיעוו, וועסטו זי נאָכאַמאָל זען אין וואַרשע; אָבער

1) יצחק גוידא (ב. גאָרין) האָט דאַן אין ווילנע אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן יידישע ביכלעך א. נ. „קליינע ערציילונגען", אין דער סעריע איז אויך שפּעטער אַרויס פּרצעס אַ ביכל מעשות. —

2) די כאָלערע, וואָס האָט דאַן געהערשט אין רוסלאַנד. —

3) מיכל וועבער — העברעישער שריפטשטעלער, דאַן מיטאַרבעטער פון „הצפירה".

דו ביסט געוואָרן אומבארירלעך, ווייל צוויי מאָל קען די צרה נישט גע־שען. (ווער ווייסט?)

ביז היינט האָבן מיר געזאָגט, אז דער ריבונו־של־עולם איז א פּראָ־וואָסלאַוונער, און אז נאָר די פּראַוואָסלאַוונע היט ער אָפּ, ווי אַן אויג אין קאָפּ; איצט זעען מיר בחוש, אז ער איז אויך א בורזשוי מיט אַלע פּיטשעווקעס, אז ער איז דער גאָט פון די רייכע. אין לובלין איז געווען א שרעקלעכע מגיפה, און אפילו איצט, ווען זי איז שוין שוואכער, נעמט זי אַוועק טאָג־טעגלעך פיל קרבנות. אָבער עס שטארבן בלויז אָרעמע־לייט, און די בייכיקע גבירים לעבן און זענען געזונט און שטאַרק. ביז איצט פלעגט נאָך אַמאָל טרעפן, אז די גבירים זענען געשטאָרבן פון שרעק, איצט אָבער איז שוין געוואָרן קלאָר, אז די מגיפה איז פאַר אָרע־מעלייט, און די גבירים פרייען זיך און... געבן נדבות...

איך בין אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר פון קאָמיטעט צו העלפן די אָרעמע בעת דער מגיפה 4)...

דערפון וועל איך האָבן: א צושפּרינג צו דער פּרנסה, זאָלץ צום וואַסער אויף קאַשע.

דיין ברודער

ל. פּרץ.

5

# צו יעקב דינעזאָן

(פּונעם אָריגינאַל)

(וואַרשע, אָן אַ דאַטע, אין יאָר 1892)

(אויף דער פערטער זייט פון דעם גרויסן בריוו איז נאָך פאַרבליבן נישט דערשריבן אַ דריי פערטל זייט, האָט פּרץ צוגעשריבן די באַ־וווסטע ווערטער „כדי שלא להוציא הנייר חלק", און אַראָפּגעצויגן אַ ליניע ביז אַראָפּ זייט)

(איבערגעזעצט פון העברעיש)

ידידי!

דיין בריוו האָב איך דערהאַלטן אין דער ריכטיקער צייט, און כ'האָב באַלד דיר געענטפערט, אַריינגעלייגט דאָס ביינעלע פּאַפּיר, פאַר־

4) אין 1892 האָט פּרץ, אגב, פאַרפאַסט אַ ביכל „ווער עס וויל נישט — שטאַרבט נישט אויף חלי־רע", אַרויסגעגעבן פון וואַרשעווער יידישן הילפס־קאָמיטעט קעגן כאָלערע. די הסכמה פון דער וואַרשעווער מעדיצין־פאַרוואַלטונג איז דאַטירט דעם 6־טן נאָוועמבער 1892.

שריבן פון אלע זייטן, אין א קאָנווערט און אויך אַרויפגעקלעפּט א מאַר־קע... אָבער איצט קען איך זיך נישט דערמאָנען, צי דער בריוו איז אַרויס־געשיקט, אָדער ער איז גאָר פאַרפאַלן געוואָרן און איז נישטאָ. דעריבער בין איך געצוואונגען דיר צו שרייבן נאָכאַמאָל.

ראשית־חכמה — זאָלסט נישט פאָלגן מיין עצה, אויב איך וועל זי דיר געבן; דו ווייסט, אַז נישט איך בין דער מענטש, וואָס ווייס ווי צו באַגיין זיך אין לעבן, און דעריבער הענג איך אין רוים... אין צוויי חדשים אַרום דאַרף איך באַצאָלן דירה־געלט, און פונוואַנען צו קריגן געלט איז נישטאָ און וועט נישט זיין; נאָכדעם ווי ס'וועלן זיך ענדיקן די פעריען פאַר אוניווערזיטעט־סטודענטן, דאַרף איך באַצאָלן 50 רובל שכר־לימוד, און די ביבליאָטעק האָט ביז איצט נ י ש ט געפונען קיין אָפּ־נעמער, און די קליינע ביכלעך האָב איך פאַרקויפט פאַר זייער א ניש־טיקן פּרייז... אָבער דאָס אַלץ רירט אָן (אָדער דרינגט אַריין) אין מיר און אין מיין לייב, און איך דאַרף דיר גאָר געבן אַן עצה.

לויט מיין מיינונג, דאַרפסטו זיך אומקערן קיין וואַרשע. בעסער אויסצוגיין פון הונגער בהיתר, איידער באָדן זיך אין פוטער באיסור, ביפרט, אַז דאָרט האָסטו אויך נישט קיין זיכערן ברויט. כדי צו לעבן אָן רעכט, דאַרף מען האָבן אַנדערע נערוון, נישט דיינע, דו קענסט נאָך קראַנק ווערן. ווען איך זאָל זיין אויף דיין אָרט, וואָלט איך געשריבן א סך, און דער בחור פון איישישאָק וואָלט מערער געלייענט, אָבער דו קענסט נישט שרייבן אַנדערש, סיידן אין רו און שטילקייט, און דעריבער וועט אויך דער בחור פון איישישאָק קיין הנאה נישט האָבן פון דיין זיצן אין קיעוו. ווען איך זאָל זיין אויף דיין אָרט אין קיעוו, וואָלט איך געפינען אויך תענוגים פאַר דער נשמה, ווייל דאָרט זענען אויך דאָ אידעאַלן, וועלכע פאַרמאָגן שוואַרצע אָדער בלויע אויגן, אָבער דו לייגסט דאָך דער־רויף אויך קיין אַכט נישט, צו וואָס־זשע זיצסטו דאָרט? קום קיין וואַר־שע און זיץ צוזאַמען מיט מיר, ווי לאַנג דער באַלעבאָס וועט אונדז לאָזן וווינען, מיין ברויט וועט זיין דיין ברויט און מיין געטראַנק — דיינער. פאַרגעס אויך נישט, אַז שולדיק בין איך דיר א סך, און אפילו אויב דו זאָלסט ביי מיר עסן זייער לאַנג, וועל איך נאָך אַלץ נישט דעקן דיר מיין חוב. דו קענסט דאָך מיין פרוי, אַז זי וועט דיך אויך אויפנעמען גאַסט־פריינטלעך און מיטן גאַנצן הארצן.

און אויב דו האָסט אין קיעוו א סך באַקאַנטע, און זיי ווילן דיר אַרויסהעלפן, איז איינס פון די ביידע: אָדער זאָלן זיי דיר געבן רעקאָ־

מענדעלע־בריוו צום ה׳ פיינבערג, וועלכער שטייט אין שפיץ פון קאָ־מיטעט פון פ״ט (פעטערבורג), ער זאָל דיר געבן אַ שטעלע; אָדער זאָלן זיי דיך שיקן קיין ארגענטינע צוזאַמען מיט אַ דרוקערייַ אָדער צייטונג (עס איז דאָך זייער נייטיק דאָרטן צו ווירקן אויף די, וואָס קומען אהין, כדי „מענטשן פון דער זייט" זאָלן זיי נישט פאַרפירן), אָדער זאָלן זיי דיר געבן רעקאָמענדאַציע־בריוו צו זייערע באַקאַנטע סוחרים אין וואַר־שע, מען זאָל דיר שאַפן עפּעס אַ שטעלע. דיינע באַדערפעניש זענען דאָך קליין, און אַ בר־סמכא בנוגע קאַסע־עיניניס ביסטו דאָך. — — —

אָט דאָס איז מיין עצה, איך דערמאַן דיר אָבער נאָכאַמאָל, אַז איך בין נישט קיין מענטש פון עצות־געבן. דו זאָלסט נישט מיינען, אַז איך בין דערמיט אויסן באַצייטנס אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די אחריות פאַר מיין עצה; איך זאָג עס דיר באמת און ערלעך: אויף מיין פאַרשטאַנד אין פּראַקטישע עיניניס זאָלסטו זיך נישט שטיצן, ווייל דו קענסט גע־שטרויכלט ווערן, און אויב דו ביסט געקומען אין אַ טעמפּן ווינקל, און דיין שכל קען נישט ענטפערן אויף דיינע פראַגן, דאַן פרעג ביי דיינע באַקאַנטע, וועלכע געהערן נישט צו דער ליטעראַרישער וועלט...

דו קלאָגסט זיך אויף מיר, פאַרוואָס כ׳האָב דיר נישט געלאָזט הערן קיין נייעס. אָט עפן איך דיר אויף מיין זאַק, מיין טייערן אוצר, און דו שטיל דעם דורשט פון דיינע אויגן מיט די טייערע פּערל:

1) נאָכמיטיק האָב איך מער קיין אַרבעט נישט. ס׳איז נאָך פאַראַן אַ קליינע, לייכטע אַרבעט אויף עטלעכע טעג, און גאָר אינגיכן וועל איך ווערן פריי ווי אַ פייגעלע פון דריי אַזייגער אָן ביזן אָוונט, צו גיין קוקן אויף די טעכטער פון גאָרטן און פון די בולוואַרן.

2) מיר זענען אַלע געזונט, אַ דאַנק דעם אייבערשטן, וועלכער שפּייזט די נפשות אין די זומער־טעג אין וואַרשע אויך אויף נאַלעווקעס און פראַנציסקאַנער. אין אָוונט גיי איך אַרויס, ווי אַלע וואַרשעווער גע־פּאַנגענע פונעם קעסל, און איך וווּנדער זיך, וואָס איך בין נישט אינגאַנצן צעקאָכט געוואָרן און וואָס איך האָב נאָך אַ נשמה איבערצוענטפערן זי אין די הענט פון הקדוש־ברוך־הוא „אויף אַ גאַנצע נאַכט". און אינ־דערפרי: כאַפּ איך זיך אויף און איך וווּנדער זיך אויף גאָט, וואָס ער האָט אין אָט דער צייט נישט פאַרלאָזט און פאַרגעסן זיין פּיקדון.

3) ביי מיר עסן סאָקאָלאָוו און דר. מינץ, וועלכע האָבן געשיקט זייערע ווייבער „פּאַשען זיך אין פעלד"... זיי עסן ווייניק, רעדן געלאַסן, לאַכן זייער זעלטן, פירן וויכוחים בנוגע דער כאָלערע, וואָס שטייט הינ־

מער אונדזערע ווענט, און דערציילן נייעס, וואָס איך לייען צומאָרגנס אין „הצפירה".

4) איך האָב פאַר אַנאָנסן אָנגעהויבן צו שרייבן אין „הצפירה"; כ'האָב אָנגעשריבן 1) אַ קריטיק וועגן ווייסבערעמס בוך, אויף וואָס ער האָט מיר געענטפערט, ווי אַן „עזות־מחוצף־פּנים", און דו צווייפלסט דאָך נישט מיסתמא, אַז געדעכט בין איך; 2) אַ פעליעטאָן „רחמי אכזרים" אַלס ענטפער אים ביפרט און אַלע „רח"ש פון דער ליטעראַטור ביכלל", און 3) אויך אַ פעליעטאָן („עיר המיתים" — די מיתים־שטאָט"), וואָס ווערט היינט געדרוקט, ערב שבת־קודש, וועלכע פּרשה ווייס איך נישט. חוצדעם „מחלוקת לשם פּאַטריאָטיזם" (ערשטער), וואָס די פּשוטע לע־זער האָבן אים נישט פאַרשטאַנען, און די לעזער די שרייבער אוודאי און אוודאי נישט.

נ. ב. איך וויל אויך שרייבן יעדע וואָך אין „המליץ" פאַר אַנאָנסן, איך וואַרט אָבער אויף דיר, דו זאָלסט דעם „עסק" פאַרלייגן דעם „המליץ". אויב דו ווילסט, שרייב פון דאָרטן. די באַדינגונגען: דער פּרייז פון מיין מאמר — ווי דער פּרייז פאַר „גדולים"; דער פּרייז פון די אַנאָנסן — מיט אַ גרויסן ראַבאַט; דער רעדאַקטאָר מעג „אָפּשיקן צוריק", אָבער נישט פאַריכטן, פאַרמינערן אָדער פאַרגרעסערן.

5) כהנובסקי[1] האָט אַרויסגעגעבן נאָך דעם „המלשין" אַ בוך „מטרפּליון".

6) כהנובסקי און זינגער[2] פרעגן זיך נאָך ביי מיר און ביי מיינע באַקאַנטע, צי האָב איך נישט זיי אַמאָל געגומען ווי אַ ציל פאַר מיינע פיילן („רחמי אכזרים"), און יעדערער פון זיי רעדט איין דעם צווייטן, אַז אים מיינט מען עס. אין די „רחמי אכזרים" ווערן דערמאָנט: אַ מלשין און אַ משורר, פּראָסט־פּשוט, אָבער „אויפן גנב ברענט דאָך ס'היטל", האָט כהנובסקי מורא פאַרן „מלשין" און זינגער ציטערט פאַרן „משורר". און ווען איך באַגעגן עמעצן פון זיי, חנפעט מיר יעדערער מיט פוטער־חניפהלעך, וואָס עקלען ביז צום ברעכן...

7) שולדבערג[3] זאָגט, אַז מיר זענען אים שולדיק 20 רובל! ווי־אַזוי? כ'האָב נישט געוואָלט זען דעם חשבון, ביז דו וועסט קומען.

1) העברעישער שריפטשטעלער, פאַרפאַסט אַ ריי לערנביכער און דער־ציילונגען.

2) אברהם זינגער, העברעישער און יידישער שריפטשטעלער (1864—1920).

3) אַ דרוקער אין וואַרשע, וואָס האָט געדרוקט פּרצעס אויסגאַבעס.

8) די „בעקענטע בילדער" 4) זענען אױספּאַרקױפט... (אפשר קענסטו מיר צושיקן פון די, װאָס געפינען זיך בײ דיר אין קיעװ?) און די צװײ־דרײ, װעלכע פרעגן זיך דערױף נאָך, ענטפער איך שטאָלץ: „אױסגעגאַנגען און מיט גאָטס הילף װעלן מיר ארױסלאָזן א צװײטע אױפלאַגע".

9) איך בין חושד אײנע פון די דינסטמײדלעך, װאָס געפינען זיך אין שטוב, װו איך װױן, אז זי װארפט אַן אױג אױף מײן זון.

10) כ'האָב באַקומען שױן מיט א צײט צוריק א בריװ פון דער מאַדאַם מאַגידאָװיטש (אָדער מגידאָװיץ) מיט זײער. זײער א קאַלטן דאַנק... א תלמיד־חכם, װאָס איז מוחל אױף זײן כבוד, איז זײן כבוד נישט געשענקט, און א פרױ, ביפרט נאָך א װײב פון א תלמיד־חכם, װעט דיר קײנמאָל נישט מוחל זײן.

אָט האָסטו דיר נײעס לױט דער צאָל פון די צען שבטים: „מײן ליבכען, װאָס װילסטו נאָך מער"?

װאָס שײך דעם מאמר פון ה' שולמאַן, נעם איך אים אָן מיטן גאַנצן הארצן און איך דריק אים אָן ענדערונג, אָן צוגאָבן און אָן קיצורים. קענסט אים פאַרזיכערן אין מײן און דײן נאָמען.

זאָג מיר נאָר: װאָס מאַכט עפּעס קיעװ? װאָס „זאָגט" װײסבערג? װו איז מז"ח?

ב. איז געװען אין װאַרשע און איז מיר נישט געפעלן געװאָרן... ער איז געװען בײ מיר צװײ מאָל און צום דריטן מאָל האָט ער מיך נישט געטראָפן אין דער הײם און געלאָזט זײן װיזיט־קאַרטע... ער האָט מיר פאָרגעלײענט זײנע מאמרים אין זשאַרגאָן, „והכל כאשר לכל" — א נול, א גרױסער, מעכטיקער און מוראַדיקער. — אײן פינטעלע איז פאַראַן אין אָט דעם מענטשן, רהײנו — דער גראָשן, און אַלע זײנע פאַרלאַנגען, רײד־ מעשים, שרײבעכץ, באַװעגונגען, אַלץ גײט און קומט פון און צום דאָזיקן פינטעלע. אײן גראָשן — און נישט קײן הונדערט טױזנט רובל; אײן גראָשן און נישט קײן פערד, גערטנער, סעדער, שײנע פרױען, מעט־ מער א. ד. גל., נאָר א מזומענער גראָשן, פּראָסט־פּשוט; צוליב אים װאָלט ער אָפּגעשינדן א נבילה אין גאַס און װאָלט אפילו פאַרפירט א גאַסן־ פרױ... אױך פשוטו כמשמעו. מײנע דאָזיקע װערטער, יעדנפאַלס די לעצטע, זאָלן זײן פאַר דיר א װעג־װײזער, אָבער דער בעל־דבר לעבט,

4 א זאַמלונג דערצײלונגען פון פּרץ, װאָס י. דינעזאָן האָט ארױסגע־ געבן אין 1890.

און אַז דו וועסט קומען, וועט ער אויסשפּרייטן פאַר דיר דאָס קלייד, און עס וועט דיך אַזש עקלען.

די „ביבליאָטעק" גייט נישט, די „קליינע" קריכן נישט; כ'האָב צו־געזאָגט אָנצושרייבן פאַר בן־אביגדורן, נאָר אַזוי ווי כ'האָב צוגעזאָגט, פאַלט מיר די פעדער אַרויס פון האַנט און איך קאָן גאָרנישט שרייבן. דערצו איז די לעצטע פּרוטה נאָך נישט אויסגערינען פון מיין טאַש, און עס איז נאָך דאָ צייט.

ווי עס איז צו הערן, קריכן אויך בן־אביגדורס אויסגאַבעס 5) נישט ווי אַמאָל.

דער סוף איז, אַז קיין נייעס איז נישטאָ, קיין גוטס איז נישטאָ, קיין ישועות ונחמות נישטאָ און סאַ'יז אויך נישטאָ קיין האָפענונג אויף דער צוקונפט... די קראָען, וועלכע זענען אָנגעפליען אויף די פּגרים פון פּאַלעסטינע, האָבן זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן, כדי נאָכצולויפן די פּגרים פון אַרגענטינע... זיי האָבן — אַ נאָז! זיי ווייסן, ווי צו גיין אַנטקעגן דעם לעבן.

עס איז מיר אַ גרויסער שאָד אויף מיינע קליינע דערציילונגען, נאָר וואָס קען איך טון? ווען איך וואָלט קענען דרוקן זיי אין אויסלאַנד? קער מיר זיי נישט אום איידער דו קומסט, איך וועל נאָך באַווייזן צו זען די קברים, צו באַוויינען מיינע קרבנות. איך הייב שוין אָן צוזאַמענצו־שטעלן דעם דריטן טייל 6), אָבער אָן דיר בין איך אומבאַהאָלפן און איך גערפין נישט מיינע הענט און פיס.

איך קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס דו קענסט נישט אַרויסקריגן די גזילה פון דיין רויבערס האַנט? אויף וויפל איך געדענק, האָסטו דאָך אין האַנט שטאַרקע באַווייזן, און וואָס וועט זיין? וואָס איז געשען?

אויב דו האָסט דערהאַלטן אויך מיין ערשטן בריוו, וועסטו זען צווישן זיי דעם אונטערשייד; איך געדענק, אַז בעת כ'האָב געשריבן דעם ערשטן בריוו, איז מיין האַרץ געווען ווייך ווי בוימל אין איין אָרט, און שטאַרקער פון אַ פעלדז אין אַ צווייטן אָרט.

איך בין אַ קנעכט פון מיינע נערוון, און אַלץ, וואָס איך לאָז אַרויס פון מיין האַנט, איז אַ פּראָדוקט פון די נערוון.

אפשר זענען פאַראַן שרייבער אין קיעוו?

5) העברעישע ביכלעך א. נ. „ספרי־אגודה" צו ביליקע פּרייזן.

6) דער דריטער באַנד פון דער „יודישער ביבליאָטעק". —

און ווי איז דיין מיינונג: זאָל איך שיקן צו שעפּטלען קאָמיס? וויפל? אויף וועלכע באַדינגונגען?

והנני אחיך ומוקירך

י. ל. פּרץ.

מיין ווייב און זון גריסן דיך.

כדי נישט צו לאָזן קיין פריי שטיק פּאַפּיר...

(דאָ קומט אַ לאַנגער שטריך איבער דער גאַנצער זייט)

## 6

# צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

(אָן אַ דאַטע)

(איבערזעצונג פון העברעיש)

ידידי!

כ'האָב דיין בריוו דערהאַלטן אייערנעכטן, און האָב דיר נישט גע־ענטפערט ביז היינט, ווייל — — ווייל איך קען נישט שרייבן...

טיף, טיף אין מיין האַרצן איז פאַראַן אַן אַלטע וווּנד, און טייל־מאָל עפנט זי זיך אָן קיין שום סיבה, און דעמאָלט ווערט מיין האַרץ באַ־גאָסן מיט בלוט, און איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר קומט פאָר.

נאָר די מינוטן זענען אַריבער, און די טויערן פון מיינע חושים שטייען אָפן אויפצונעמען די שלעטכם פון אַלע זייטן און ווינקלען.

פון דיין בריוו זע איך, אַז דו ביסט געבליבן אָן אַ גראָשן געלט. דו בעטסט מיך, איך זאָל אַריינגיין צו מאָווישיסזאָנען, נאָר איך קאָן נישט דערפילן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג דיינעם... איך קאָן בשום־אופן נישט אַריינ־גיין צו מאָווישיסזאָנען ווי אַ מאָנער, ער מאָנט ביי מיין ברודער (און אויך ביי מיר, ווייל איך בין דאָ אינמיטן) אַ גרעסערע סומע ווי דיינע, און וואָס וועל איך אים ענטפערן, אויב ער וועט מיר זאָגן: גיב אויף מיין חשבון? און מיין ברודער איז איצט אין אַ שרעקלעכן מצב... קענסט פאַרשטיין זיין שרעקלעכע לאַגע, אַז איך האָב אים געשיקט 25 רובל און וד"ל (ודי לחכימא ברמיזא)... איך מיין, אַז ווען דו וועסט קומען אַהער, וועט מען דיר באַצאָלן, אָבער נישט דורך קיין מלאך און נישט דורך קיין

שליח. כ׳האָב געקלערט לאַנג, אפשר צושיקן צו אים אַן אַנדערן אויף מיין אָרט, האָב איך אָבער נישט געפונען דעם מענטשן, וואָס זאָל מיר זיין צום הארצן. מיין עצה איז, דו זאָלסט באָרגן ביי איינעם פון דיינע באַקאַנטע עטלעכע רובל און זאָלסט קומען אַהער. אויב דו ווילסט נישט, שרייב מיר, וועל איך זיך באַמיען צו קריגן אַ געוויסע סומע אַ הלוואה; איך בין זיכער, אַז ווען דו וועסט אַהערקומען, וועלן מיר קענען פאַר־קויפן אַ געוויסע צאָל עקזעמפּליאַרן, ווייל זינט דו ביסט אָפּגעפאָרן פון דאַנען, האָב איך קיין איינעם נישט פאַרקויפט צו קיין מוכר־ספרים, ווייל איך קען זיי נישט, און זיי קענען מיך אויך נישט.

כל־זמן עס זענען געווען אַנאָנסן אין „הצפירה״, האָב איך איינ־ציקווייז פאַרקויפט אַביסל עקזעמפּליאַרן כמעט יעדע וואָך; איצט האָבן זיי אויפגעהערט געבן אַנאָנסן, ווייל איך האָב אויפגעהערט שרייבן, אָדער ריכטיקער — די „הצפירה״ האָט אויפגעהערט צו דרוקן. די לעצטע דער־ציילונג „שמעיה דער גיבור״ האָט נישט נושא־חן געווען ביי די חסידים, און חז״ם האָט באַקומען עפּעס פּראָטעסט־בריוו, האָט ער אויך ק ע ג ן מ י ר געמאַכט אַ פּראָטעסט און האָט אַרויפגעוואָרפן די שולד אויף סאָקאָלאָוון.

דו לייענסט נישט די „הצפירה״, און דו ווייסט נישט, ווי ווייט עס איז גרויס די אומפאַרשעמטקייט פון דעם דאָזיקן אַלטן, נאַרישן כלב. אמת, איך פאַרזיכער דיך, אַז איך האָב נישט געהאַט דערפון קיין עגמת־נפש; פאַרקערט, ווען איך האָב געלייענט די קורצע באַמערקונג פון חז״ם, אַז „שמעיה דער גיבור״ גייט אויף סאָקאָלאָווס חשבון, האָב איך זיך זייער, זייער געפרייט, אָבער מיר איז אומעגלעך צו שרייבן, און אויב איך וועל שרייבן, וועלן זיי נישט דרוקן. —

איך באַקום אויך נישט קיין ענטפער פון דיר בנוגע מיין פאַרשלאָג צו שרייבן אין „המליץ״; איך ווייס נישט, צי האָסט געשריבן אין דער רעדאַקציע אָדער דו האָסט גאָרנישט געשריבן. איך האַלט די אַנאָנסן פאַר אַ וויכטיקע זאַך, איך וועל זיך אָבער לחלוטין נישט וווּנדערן, אויב דער „המליץ״ וועט מיר נישט וועלן געבן קיין אַנאָנסן פאַר מיינע דער־ציילונגען.

איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די העברעיש־לייענער זענען אַ סך ערגער פון די זשאַרגאָנישע, דער עיקר די יונגע חסידים; זיי זענען ווי אַן אַלטע בוגרת, וועלכע קען נישט פאַרטראָגן קיין וואָרט און האַלבן וואָרט, זי האָט פיינט ליב־געזאָנגען און קאָמפּלימענטן און זי האָט מורא פאַר

די שבחים. טאָמער ליגט אין דעם עפּעס אַ מיין. זי ווייסט, די אַפּגעפּאַ־רענע, אַז קיין ביסל יוגנט פאַרמאָגט זי אַפילו נישט, און אויב מען רימט זי, איז אַ סימן, אַז אין דעם ליגט עפּעס אַ מיאוס שפּיצל, און אַזוי איז געוועז מיט „שמעיה דעם גיבור", און אַזוי וועט זיין שטענדיק.

איך זע קלאָר, אַז אַט די צוויי אַלטע צעדערבוים 1) און, להבדיל, חז"ס 1) וועלן, זינט זיי וועלן לעבן, שטיין מיר אין וועג, און זייער גאַנץ לעבן איז דאָך מיין לעבן און דיין לעבן און סאָקאָלאָווס לעבן און די קענסט נאָך צוגעבן אַ סך. די דאָזיקע אַלטע וועלן נאָך טראָגן אויפן אַקסל די פּגרים פון די געזונטע.

בנוגע אַרגענטינע, פ"ב און סאָקאָלאָוו, איז נאָך צייט, און איצט איז נישטאָ די פּאַסיקע געלעגנהייט דערצו.

ווען קומסטו?

מיין פרוי און מיין זון גריסן דיך האַרציק, און דאָס צימער שטייט ליידיק פאַר דיינעטוועגן.

דיין ברודער

ל. פּ ר ץ.

איך בין מקצר, ווייל איך פיל זיך נישט גייסטיק געזונט. וד"ל.

## 7

# צו יעקב דינעזאָן

(פ ו נ ע ם אָ ר י ג י נ אַ ל)

(א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג פ ו ן ה ע ב ר ע י ש)

טייערער פריינט!

דיין בריוו האָב איך באַקומען נעכטן, און נישט געקאָנט דיר ביז היינט ענטפערן.

אין די רייד פון... האָב איך קיין איין רגע נישט געגלייבט, הגם איר טאָכטער, אַ דיקע און אַ פעטע פאַר דער צייט, איז געשטאַנען ביי איר רעכטער האַנט און עדות געזאָגט מיט וואָרט און טרער. איך גלייב אין חכמת־הפּרצוף! זי האָט מיר שטענדיק אויסגעזען ענלעך צו אַ גרויסן אייל־לאָמפּ, וואָס זיין קנויט ווערט אויסגעלאָשן פון צופיל... אייל.

1) די רעדאַקטאָרן פון „המליץ" און „הצפירה".

אָט אזוי האָב איך אויך נישט געקענט פאַרטראָגן פּ״ב, זינט איך האָב אים דערקענט; זיי מיר אָבער מוחל, ווייל איך האָב זיך טועה געווען. נישט פון יענער רגע האָב איך אויפגעהערט אים צו פאַרטראָגן, נאָר פון דעם מאָמענט, ווען דו האָסט מיר אין זיין נאָמען געמאָלדן, אַז ער ווע ט מ י ך ב א ז ו כ ן אויף צוריקוועגס! דיר האָב איך מוחל געווען, ווייל כ׳האָב געזען, אַז דו ביסט זיך אין אים טועה, אָבער זיך אַליין האָב איך נישט געקענט מוחל זיין די גאווה, וועלכע איך האָב פון שטענדיק אָן פיינט, און איך האָב מיר געטראַכט אין הארצן: אויב אין דער צווייטער כלי, אין דינעזאָנס מויל, זענען די דאָזיקע עטלעכע ווערטער פול מיט גאווה, הייגט ווי איז שוין אין דער ערשטער כלי, אין מויל פון פּ״ב גופא אַוודאי און אַוודאי. און איך האָב מיטן גאַנצן הארצן אויפגעהערט צו רעדן צו אים פריינטלעך.

ביי אונדז איז שוין ביים היינטיקן טאָג נישטאָ מער קיין מגיפה אין פולן זין פון וואָרט; עס טרעפן נאָר איינצלנע פאַלן ביים ברעג פון ווייסל, פראַגע און אין די געדיכט־באַפעלקערטע גאַסן, ווי קראָכמאַלנע, וואָלינסקע.

א דאַנק קלעגעלסן 1) איז די שטאָט ריין, און אַז דו וועסט זי זען, וועסטו זיך איבערצייגן, אַז זי איז איצט שענער פון קיעוו.

איך בין דעם גאַנצן טאָג פאַרפּלאָנטערט אין עסקים, ווייל איך בין „די פּיס פוגעם ועד״, איך דערפיל זיינע באַשלוסן.

שוין חדשים, ווי איך האָב נישט פאַרקויפט קיין איין עקזעמפּליאַר. שולדיק אין דעם זענען: וואָס ס׳זענען קיין אַנאָנסן נישטאָ און די כאָלע־רע. כ׳האָב שוין געקאָנט פאַרגעסן, אַז איך בין דער ארויסגעבער פון דער ביבליאָטעק, ווען נישט די איבערזעצער אויף פּויליש, וועלכע שטערן מיר אָפּטמאָל די רו און קומען מיך בעטן א דערלויבעניש איבערצוזעצן און צו דרוקן; און אברהם רייזען, וואָס שיקט מיר לידער ביז אויפן היינ־טיקן טאָג. און אָט איז דער שיר, וואָס כ׳האָב געבעטן פון אים באַקומען:

## די האָר

(נאָכאַמונג פון פּושקינס „בלימל״)

איך האָב אין שוהל א ספר געעפענט
און פון א באָרד א האָריל געפינגען,

---

1) דאָן גענעראַל־גובערנאַטאָר אין וואַרשע.

ווער איז דאָס העריל, פון וועמענס א באָרד,
וואָס איך האָב געטראָפען אין מיטען דערזאינען?

ווער האָט פון באָרד זי אויסגעריססען
און אוועקגעלייגט אהער
צי ניט א בטלן א געוויססער
ווען ס'איז דער פשט געווען איהם שווער?

צי אפשר גאָר א יונגער פרוש,
האָט דעם ספר זיא געשענקט,
פאר וויטאָג האָט ער זיא געריססען,
ראפּטים האָט ער זיך פערבענקט!

און אפשר גאָר איין אָרעמער למדן,
וואָס האָט דעם טאָג נישט אָנגעביססען,
און ער האָט זיא אויסגעריססען

און אפשר האָט געזוכט א מגיד
א נייעם פשט צום עץ־הדעת
און ער האָט נישט געפיננען
און געריססען זיא פאר כעס...

צי איז דאָס אברהם רייזען? — — — — — —

ביי מיר איז קיין נייעס נישטאָ, אָבער ביי מיין ברודער איז נישט קיין גוטע נייעס, און איך וויל דיר נישט אָנטון קיין צער מיט די פּרטים. דער עסק איז שלעכט און גייט אונטער, און ער זיצט מיט זיינע בני־בית צווישן צוויי גיהנום־פייערן, צווישן לובלין און לעבארטאָוו, וואָס זענען פול מיט די קרבנות פון דער כאָליערע.

נייעס: שולדבערגס דרוקעריי איז נעכטן פאַרברענט געוואָרן.

דער קאָמיטעט, וואָס איך בין זיינע פּיס, האָט נאָך גאָרנישט אויפ־געטון.

מיין ווייבס קרובה וויל נישט אוועק פון אונדז, ביז דו וועסט קומען, און דאָס פאַרגרעסערט נאָך מער אונדזער חשק דיך צו זען ביי אונדז.

מיין זון האָט אויסגעטוישט מעדיצין אויף מאַטעמאַטיק.

און דו — קום גלייך.
אפשר קאָנסטו מיטברענגען אהער עפּעס אַ קאַמיס?

דיין ברודער

ל. פּרץ.

דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" האָט איבערגעגעבן די „ביבליאָ־טעק" דעם ה' פערבער צו שרייבן אַ קריטיק; אזוי גוט צו וויסן דער לעצטער.

## 8

# צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

ידידי!

דיינע בריוו האָב איך דערהאַלטן. דער ערשטער האָט מיך זייער איבערגעשראָקן, נאָר איך האָב געהאַפּט אויף אַ צווייטן, און ער איז גע־קומען און מיך בארואיקט. איך דאַנק דיר פון טיפן הארצן פאַר דיין הבטחה צו קומען צו מיר. איך בין זיך מודה ומיתוודה פאַר דיר, אַז איך האָב שטענדיק אין הארצן געטראָגן אויף דיר אַ פאַרדראָס, וואָס דו האָסט נישט געגלייבט אין אָט דער אָפענער טיר, און וואָס דו האָסט פון מיר אַ סך אויסבאַהאַלטן. אָבער די דאָזיקע טעג, די טעג פון סודות, זענען שוין פאַרביי, צוויי קבצנים זענען מיר, און מיר וועלן העלפן איינער דעם צווייטן, ווי נאָר מירן קענען. —

דו זאָגסט אין דיין בריוו, אַז איך דאַרף זיך באַמיען אינעם עיניו ארגענטינע 1) און נישט דו. גלייב מיר, מיין פריינט, אַז איך קאָן גאָר־נישט אויפטון. דו גלייבסט מיר נישט, אַז אין אָן עינין, וואָס איז נוגע מיר אַליין, מיין אייגן ליב, קאָן איך גאָרנישט אויפטון און בין אַן אומ־באַהאָלפענער מענטש אין פולן זין פון וואָרט. פון קינדוווייז אָן האָב איך זיך געלערנט טון פאַר אַנדערע, און כ'האָב מיין גאָרטן נישט געהיט און קאָן אים נישט היטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויב דיר וועט זיך איינ־געבן צו קריגן אַ שטעלע, ווי כ'האָב געשריבן, דאַן פאָרן מיר ביידע און מיר ארבעטן צוזאַמען; איך דערלויב דיר אויך מיטן גאַנצן הארצן צו

1) פּרץ און דינעזאָן האָבן דאַן געהאַט בדעה צו עמיגרירן קיין אַרגענטינע.

דערן אין אונדזערביידנס נאָמען, זאָלסט אָבער נישט האָפן פון מיר קיין עצה און קיין טאָט.

אין דיין בריוו האָסטו פאַרביטן ווייסברעמען מיט ווייסבערגן. ווייס־בערגן האָב איך קריטיקירט אין דער „ביבליאָטעק", און אין דער „הצפירה" האָב איך צעקלאַפּט ווייסברעמען מיט דער קריטיק וועגן זיין בוך „דער גורל און די ירושה". איך וואונדער זיך נישט דערויף, ווייל זיי זענען ביי־דע אַ צווילינג פון שטות.

ווייזט אויס, אַז דער שידוך צווישן מיר און דער הצפירה וועט נישט געלונגען. די דאָזיקע זונה קאָן אַפילו נישט געבן קיין אַנאָנסן. ווען איך דערמאָן זיך דעם דאָזיקן עסק, נעמט מיך עקלען צום ברעכן, און דעריבער לאָז איך עס. גענוג, אַז כ'וועל דיר עס דערציילן מינדלעך, ווען דו וועסט אַהערקומען.

צי ז. פאַרשטייט אַראַמיש (?) און באַנוצט זיך דערמיט פריי, וועל וועל איך דיר דערציילן געניוי, ווען דו וועסט קומען, און דו וועסט לאַכן פון מיר און וועסט אומזיסט אויף אים זיין אין כעס — ווייל ער שעמט זיך נישט, און איך ווער נישט ניתפּעל... איך בין שוין פון לאַנג געוווינט צו זיין אַ שפּייז פאַר יעדן חונף און פאַרשטייער פון אַראַמיש... וואָס נאָר די מלאכי־השרת פאַרשטייען עס נישט אין דער איצטיקער צייט.

די „בעקענטע בילדער" האָב נאָך נישט באַקומען. געוויס וועל איך זיי באַקומען אינגיכן.

איך באַדויער זייער, וואָס דו האָסט נישט געזען יהל"לן 2) און, וואָס דו קענסט מיר אים נישט שילדערן לויט דיין מיינונג נאָך.

די ביכער צו שעפּטעלן 3) שיק איך נישט ביז דיין קומען — וד"ל, און אויב דו פאַרשטייסט נישט דעם רמז, וועל איך דיר אַנטפּלעקן דעם סוד, ווען דו וועסט קומען.

איך האָב פיל זאַכן דיר צו זאָגן, ווען דו וועסט קומען, און עס וועט נאָך — זאָגסטו אין בריוו — דויערן אַ צוויי וואָכן צו דיין קומען אַהער. גלייב מיר, אַז איך וועל זיך פרייען מיט דיר, ווי ס'פרייט זיך אַ חתן מיט זיין כלה, און דווקא ווען זיי פאַרבינדן זיך צוליב אמתער ליבע און נישט צוליב געלט אָדער יחוס.

---

2) יהל"ל 1844 — 1925 באַוווסטער העברעישער דיכטער, דאַן געוווינט אין קיעוו.

3) בוכהאַנדלונג אין קיעוו.

די ווארשעווער משכילים, וועלכע שטייען אויף איין מדריגה מיט די משכילים פון קיעוו, האָבן מיך שרעקלעך פיינט, נאָר זייער שינאה איז אַ באהאלטענע, ווייל זיי האָבן מורא פאַר מיין שאַרפער צונג. איך פריי זיך זייער, וואָס די דאָזיקע רשעים האָבן מיך פיינט און וואָס זיי האָבן מורא פאַר מיין שאַרפער צונג. איך קאָן נישט פאַרטראָגן די ליבע פון זינדיקע. איך קאָן נישט פאַרטראָגן דעם כבוד פון חניפה־לייט און רשעים, פון נאַראָנים און שוטים.

דער נאָר פאַר זיך איז אַן אָרנטלעכער מענטש, אויף וויפל ער איז נישט קיין שרייבער. מיר האָבן קיין רעכט נישט צו פאַרמאַכן אויף אַ שלאָס דאָס מויל פון איינעם פון די באַלעבאַטים, וועלכער וויל פאַר זיך, אויף זיין אָרט שטילערהייט זינגען עפּעס אַ ניגון, הגם ער קאָן זינגען ווי אַן אייזל, אָבער יעדער איינער פון דער קהילה מוז דאָך זיך שטעלן דעם אייזל אין וועג, ווען ער לאָזט זיך דאַווענען פאַרן עמוד. מיר האָבן צו טון איינס פון די ביידע: אָדער פאַרלאָזן דעם בית־המדרש און אַרויס־גיין — אָדער אַרויסצוטרייבן פון דאָרט די אייזלען, וואָס ווילן זינגען. ה׳ סאָקאָלאָוו 4) אָבער האָט זיך אויסגעלערנט צו פאַרטראָגן און צו ליידן דאָס זינגען פון אייזלען, ער גייט זיך מיט זיין שיטה, די שיטה פון אַן אימפּרעסאַריאָ, וועלכער באַקומט שכר פאַר יעדן ניגון... פון פּרעמדע.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזער ערשטן ענין (?).

דיין פאַרמאַכטער בריוו איז ריינער גאָלד פון לויטערן געפיל און פון סאַטירע... וועגן דער מחילה פון דער שריפטשטעלערן אַ... כ׳האָב געלאַכט מיט אַ פולן מויל נישט איין מאָל, און ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט, צי די מחילה פון דער מחילה איז מחילה אָדער זי איז, בימחילה, אַ מחילה נאָר פון פאָרנט און נישט... פון הינטן. איך גיי אין דיינע דרכים און רעד ניבול־פּה. אָבער אויב עס איז דערלויבט דער טויב, איז עס דעם ים־אָדלער אויך דערלויבט...

ס׳איז אַ רעטעניש, ווי אַזוי עס איז פאַרפאַלן געוואָרן מיין ערשטער בריוו, כ׳האָב אַדורכגעקוקט דעם טיש, געזוכט דריי טעג און נישט גע־פונען, האָב איך געמוזט דעריבער אָנשרייבן אַ צווייטן. עס זענען, אמת, געווען ביי מיר מחברים, און אפשר איז די מציאה אריינגעפאַלן אין די הענט פון איינעם פון זיי...

איך פאַרקויף איינציקווייז די „ביבליאָטעק" און עס אויף דאָס

4) נחום סאָקאָלאָוו, דאַן רעדאַקטאָר פון „הצפירה".

געלט. ווען עס זאָלן זיין אנאָנסן, וואָלט איך פארקויפט א סך. אָבער דו אָן מיר ביסט א נול און איך אָן דיר — נאָך ווייניקער, איך בין א מינוס. ווען וועסטו שוין קומען, כדי פון דעם מינוס און פונעם נול זאָל ארויס עפּעס א צאָל?

איך האָף, אז דו וועסט ברענגען מיט זיך דאָס בוך פונעם ה' שולמאַן.

מיין ווייב גריסט דיך הארציק. מיין זון אויך. איך איַיל צו ענדיקן דעם בריוו, ווייל מיר גייען אין „פאָד גוויאזדאָן" הערן מוזיק. אויף אונדז וואַרטן די גרינבוימס.

און איך בין דיין ברודער
ל. פּ ר ץ.

## 9

# צו יעקב דינעזאָן

(א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג פ ו ן ה ע ב ר ע י ש)

(געשריבן אויף א פּאָסט-קאַרטל פון וואַרשע קיין קיעוו, דעם 3-טן נאָוועמבער 1893)

(א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג פ ו ן ה ע ב ר ע י ש)

טייערער פריינט!

דיין בריוו, וואָס איז פול מיט טרויער און פאַרביטערונג, האָב איך דערהאַלטן, דו האָסט נאָר געשפּאַסט פון מיר, ווען דו בעטסט ביי מיר א טרייסט פאַר דיר. ווי קען איך דיך טרייסטן, בעת מיין נשמה איז אַליין שטענדיק פאַרטרויערט, און אין דער צייט, ווען מיינע ליפּן לאַכן, פרעסט אויף א וואָרעם מיין הארץ. — אָבער אָן א סוף, אָן אן עק ציט זיך דער פאָדעם פון לעבן.

און וואָס זאָל איך דיר דערציילן וועגן זיך? א האַלבן טאָג פאַרברענג איך אין דער גמינע, דערנאָך בין איך אָנגעשטעלט אינעם קאָמיטעט, וואָס קעמפט מיט א ווינט־מיל — כ'האָב געוואָלט זאָגן: מיט דער כאָליערע — און דערנאָך בין איך א יידישער שרייבער... די לעצטע צייט — גערימט און געלויבט דורך דובנאָוון, בן־דוב, פרידבערגן און אנדערע... די איבעריקע צייט עס איך און טרינק און שלאָף, און ווען דאָס לעבן ווערט מיר מיאוס, קער איך אום דעם סדר און איך טרינק, עס און

שלאָף, שלאָף, טרינק טרינק און עס א. א. וו. לויט דער צאָל ענדערונגען פון „מכשפה לא תחיה".

איך האָב נאָך נישט געהונגערט, איך וועל מאָרגן אָדער איבער־מאָרגן הונגערן...

אין משך פון דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך נישט געזען, בין איך שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן, מיין שטערן איז געקנייטשט, מיינע אויגן קאַליע געוואָרן, מיינע האָר האָבן גענומען גרוי ווערן. איך האָב אַ לאַנגע צייט געקרענקט: אַ גאַנצן זומער און דעם אָנהויב ווינטער. אַ צוויי־דריי טעג בין איך געלעגן מיט געהאַקטע ווונדן, ווי אַ שטיק קלאָץ, געהאַט וויטיקן אין חוט־השדרה (אָן שום „על־חטא"), און ווען איך בין אויפגעשטאַנען, בין איך געגאַנגען אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן. — איצט איז מיין קראַנקייט פאַרביי, אָבער נאָך נישט אינגאַנצן. איך פיל, אַז זי וועט זיך אומקערן צו מיר, ווי אַ טויב אין איר טויבנשלאַק אַריין. און איך וועל זיך לייגן אין בעט, כדי שוין מער פון איר נישט אויפצושטיין.

אויב דיין... האָט אביסל געלט, פאַרוואָס זאָלט איר נישט בויען קיין הויז בשותפות און נישט מאַכן קיין מיסחר, כדי ווען דו וועסט אַלט און שוואַך ווערן, זאָל זי דיך קאָנען אַרויסטרייבן אין גאַס אַרויס!

אָבער פאַרוואָס שרייבסטו גאָרנישט? די ליטעראַטור איז פאַר מיר אַ מיקלט, אַ רעטונגס־הויז, דער כוס, וואָס פאַרשיכורט מיך און מאַכט מיך פאַרגעסן, — און דו באַהאַלטסט זיך, און דיין קול באַהאַלטסטו, און דיין פעדער האָסטו אָפּגעהאַקט. גווידאָ צאָלט, און דו האָסט אים נישט געענטפערט; פון אַמעריקע פאָדערט מען אַרבעט פאַר געלט, און דו מאַכסט אַ שווייג; איך האָב באַצאָלט אַ סך געלט (אומזיסט) איבערשרייבערס, און דו שטייסט פונדערוווייטן. איך קען נישט פאַרשטיין דיינע דרכים און דיינע מעשים, וואָס מיט דיר איז געוואָרן? צי קאָן אַ פרוי פאַרגעסן איר קינד? און דו האָסט די ליטעראַטור אַוועקגעוואָרפן הינטער זיך? שרייב מיר, וואָס דאָס באַדייט.

דיין ברודער

ל. פּרץ.

## 10

# צו יעקב דינעזאָן

### (פּונעם אָריגינאַל)

(דאָס יאָר 1894 איז געווען ביי פּרצן אַ באַזונדער פּראָדוקטיווס. נאָך אַ הפסקה פון אַ 3 יאָר, זינט ס׳איז דערשינען זיין צווייט

זאַמל-בוך „די יודישע ביבליאָטעק״ (1891) האָט פּרץ פונסניי זיך גענומען מיט אַ ברען צו אַרויסגעבערישער אַרבעט. אין דער צייט האָט זיך פּרץ דערנענטערט צו די אַרבעטער-מאַסן, און אין זיין שאַפן פילן מיר נייע מוטערע טענער, נייע געזעלשאַפטלעכע טענדענצן. — אין דעם יאָר האָט פּרץ אַרויסגעגעבן דעם דריטן באַנד „די יודיש ביבליאָטעק״, 10 זאַמלונגען „יום-טוב-בלעטלעך״ און דאָס זאַמל-בוך „ליטעראַטור און לעבן״. פּרץ האָט דאַן פאַר־עפנטלעכט: אַ כעס פון אַ יידענע, דער פעטער שכנא און די מומע יאכנע, בשעת מגיפה, אין אַ קעלער־שטוב, די רויז, מקובלים, נס חנוכה, די נייטאָרן, דעם רבינס ציבוק, ביי דעם פרעמדן חופּה־קלייד, דאָס שטריימל, באָנציע שוויג. — אין ספּעקטאָרס „הויז־פריינט״ — נעילה און אַ ליד „אויס ראָמאַנצעראָ״. — חוץ דעם האָט פּרץ אין דעם יאָר אַרויסגעגעבן די העברעישע זאַמלונג „החץ״ און אַביטל העברעישע לידער „העוגב״. — דער בריוו איז געשריבן אויף אַ פּאָסט-קאַרטל).

**וואַרשע, 23־טן אַפּריל 1894.**

**(איבערזעצונג פון העברעיש)**

**ידידי!**

**זאָל זיין ווי דו ווילסט. פון איצט אָן און אויף שטענדיק וועט ס. 1) נאָמען נישט זיין אויף מיינע אויסגאַבעס. ווי אַרום איך בין געקומען צו אָט דעם, וועל איך דיר דערציילן פערזענלעך. אָבער ד ו ביסט נישט גערעכט. איך האָב עס געטון נאָר צוליב ד י נ ע ט ו ו ע ג ן, און נישט ווייל איך בין מודה, אַז דו ביסט גערעכט. פאַרקערט — איך האָב אוועק־געהרגעט אָן רחמנות די אויסגאַבע, וואָס וועט בלייבן ליגן ביי מיר ווי אַ שטיין. און אין דער צייט, וואָס „לכבוד פּסח״ 2) איז פאַרשפּרייט גע־וואָרן אין לויף פון וואָכן אין צאָל פון 3.000 עקז., בין איך זיכער, אַז די איבעריקע וועל מער נישט פאַרקויפן, און די איבערגעבליבענע ביכער וועלן פאַרקויפט ווערן אין די הונדערטער. איך האָב געוואָלט זיין די ש ט י מ ע, און ער 3) די ה ע נ ט. אמת, אויך איצט דאַרף ער פאַר־קויפן, אָבער, ווען זיין נאָמען וועט נישט זיין אויף די ביכער, איז זיין פאַרקויף גאָרנישט ווערט, ווייל אים לוינט בעסער צו פאַרקויפן זיינע**

1) מרדכי ספּעקטאָר, וואָס מיט אים צוזאַמען האָט פּרץ אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן „די יום־טוב־בלעטלעך״. — פּרץ האָט דאַן פאַרעפנטלעכט איניקע זאַכן אויך ביי ספּעקטאָרן אין „הויז-פריינט״.

2) דאָס ערשטע „יום־טוב־בלעטל״, וואָס פּרץ האָט אַרויסגעגעבן אין 1894 בשותפות מיט מ. ספּעקטאָר. —

3) מ. ספּעקטאָר. —

אויסגאַבעס. — איך האָב דיר ביז איצט נישט געשריבן, ווייל איך האָב אַלץ געוואַרט, ביז איך וועל דיר קאָנען מיטיילן, אַז דיין פאַרלאַנג איז דערפילט. איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז אין מיינע אויגן איז דער „חילול־השם", וואָס האָט דיר אַזוי דערלאַנגט צום האַרצן, גאָרנישט ווערט. אָבער גענוג וועגן דעם. — אַלאַפין 4) זאָגט צו צו שיקן דיר געלט באַלד נאָך שבת. אויב דו וועסט מיר נישט שיקן די דערציילונגען 5) אין משך פון צוויי וואָכן, הרגעסטו אויך די איבעריקע אויסגאַבעס, און גענוג, וואָס אין דיינע פּאַלעס געפינט זיך דאָס בלוט פון די „יום־טוב־בלעטלעך", ווילסטו נאָך פאַרגיסן בלוט פון דעם „ליטעראַטור און לעבן"? אפשר קענסטו דאָך אָנשרייבן עפּעס אַ זאַך? און ווען קומסטו?

איך האָב אָפּגעדרוקט גאַנץ „הערשעלע" 6), אָבער ביז דו וועסט קומען אַהער, וועל איך נישט פאַרקויפן אפילו איין עקז. נישט. איך האָב עס אינגאַנצן אָפּגעדרוקט, אפשר וועט עס זיין פאַר דיר עפּעס אַן אויס־זיכט.

ל. פּרץ.

## 11

# צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

(דער בריוו איז אָנגעשריבן אויף אַ בלאַנק „רעדאַקציאָן: יודישע ביבליאָטעק", „ליטעראַטור און לעבן", „יו"ט־בלעטלעך" און אַנדערע העברעישע און זשאַרגאָנישע אויסגאַבען. י. ל. פּרץ. וואַרשע, צעגלאַנאַ נומ 1". — דער בריוו איז אָן אַ דאַטע, ער געהערט צום יאָר 1894. י. דינעזאָן האָט נאָך אַלץ געוווינט אין קיעוו).

(איבערזעצונג פון העברעיש)

ידידי!

מיין האַרץ האָט זיך נישט אָפּגעקערט פון דיר; פאַרקערט, איך האָב דיך שטענדיק ליב, נאָר... באַטראַכט נאָר, וואָס האָב איך געזאָלט קלערן וועגן דיר:

4) אַן אַרויסגעבער אין וואַרשע.

5) פּרץ האָט דאַן פאַרלאַנגט פון י. דינעזאָן, ער זאָל שיקן פאַר די אויסגאַבעס, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, דערציילונגען. —

6) י. דינעזאָנס דערציילונג, געדרוקט געווען ווי אַ ביילאַגע אין פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק" (1891).

1) אויב איך האָב, באמת אויף מיין לעצטן בריוו (איך געדענק שוין נישט, אין וועלכער צייט) קיין ענטפער נישט באַקומען (איך האָב נישט באַקומען פון דיר קיין שום בריוו וועגן ספּעקטאָרס חשבון) —

2) אויב איך האָב דיר געשיקט מיינע ביכער, און דו האָסט וועגן זיי קיין איין וואָרט פון דיין מויל נישט אַרויסגעבראַכט —

3) אויב דו האָסט מיר די גאַנצע צייט, נישט געקוקט אויף אַלע מיינע בקשות, געקאַנט לאָזן איינעם אַליין אין אַ שווערן קאַמף מיט די אַלע רויבער און גנבים אין דער ליטעראַטור, פּונקט ווי דו וואָלסט נישט געוועזן בכוח אָנצושרייבן מיר אַ צוויי דריי שורות —

4) און אויב דו האָסט אַפילו נישט געהאַלטן פאַר נייטיק מיר מודיע צו זיין, אַז דו האָסט פאַרקויפט דיין בוך פונקן 1)...

יעדער מענטש אויף מיין אָרט וואָלט געטראַכט: מיין פריינט האָט מיך פאַרלאָזט אָדער ער איז אַוועק פון שטאָט, געביטן זיין אָרט און נישט דערהאַלטן אַלע דיינע בריוו.

נאָר וואָס געוועזן איז געוועזן.

ראשית וויל איך דיר מודיע זיין, אַז ספּעקטאָר האָט מיר אויף דיין חשבון נישט געגעבן קיין איין פּרוטה; ער האָט געשוואָרן אין אַלעמענס קעגנוואַרט, אַז דו ביסט נאָר אים שולדיק און נישט ער דיר. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צו ווייזן דיינע בריוו, ווו דו רופסט אים אָן בעל־טובה און טרייער פריינט און ביסט זיך מודה ומיתוודה, אַז דו האָסט נישט צו אים קיינע טענות ומענות, און נאָר אַ האַרץ פול מיט דאַנקבאַרקייט און ברכות פאַר זיינע פיל חסדים... און אַז דו בעטסט ביי אים, ער זאָל נישט צאָרנען אויף דיר.

עס איז אויך אַ ליגן, וואָס ראָזען 2) זאָגט, אַז איך פאַרקויף די „ביבליאָטעק" צו 35 קאָפּ. ער הייבט זיך גאָרנישט אָן. איך פאַרקויף נישט ביליקער, ווי צו 75 קאָפּ.

---

מיין מצב איז אַ שלעכטער. די פּרנסה איז געשלאָגן און נישטיק. עס איז אַרויס דער דריטער טייל 3) פון דער ביבליאָטעק, און אַזוי

---

1) בוכהענדלער און אַרויסגעבער אין וואַרשע.
2) בוכהענדלער אין וואַרשע.
3) „די יודישע ביבליאָטעק" (אַ זשורנאַל פיר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע). דער דריטער באַנד איז אַרויס זומער 1894 (דאַטירט 1895). אין באַנד זענען צווישן אַנדערן אָפּגעדרוקט פּרצעס אַ כעס פון אַ יידענע, דער פעטער שכנא און די מומע יאַכנע, בשעת מגיפה א.אַ.

ווי כ'האָב געזען, אַז דו זאַמסט זיך, האָב איך אָפּגעדרוקט פאַר דיין שכר־טירחה 500 „הערשעלע" אויף גוטן פּאַפּיר, און ער ליגט גרייט פאַר דיי־נעטוועגן, וואָס דו וועסט הייסן צו טון.

כ'האָב אויך אַרויסגעגעבן: החץ 4), העוגב 5), 10 יום־טוב־ביכ־לעך 6) און איך שיק דיר צו אַלע ביכלעך אַ צווייט מאָל.

---

אַזוי ווי כ'האָב שוין אויסגעגעבן געלט אויף „הערשעלע" — נעם עס צו און הייס עס פאַרקויפן ווו דו ווילסט, ווייל איך קען נישט (ווי דו ווייסט) האַנדלען, און ביי מיר וועט זילבער מיט גאָלד פאַרוואַנדלט ווערן אין אַש און בלאָטע.

פאַרשולדיקט בין איך „איבערן קאָפּ" און איבערן שכל.

כ'האָב זיך שוין אויסגעלערנט אונטערצושרייבן וועקסלען, און דער סוף מיינער וועט זיין אין תפיסה. נאָר ביז יענער צייט וועל נאָך דרוקן, און שפּעטער — ברענענדיקע קוילן...

עס טוט מיר זייער ווי, — אויך ביי דיר נייט דער בעכער שטענ־דיק אַריבער...

אָבער וואָס זאָל מען טון?

צי וועסטו שוין קיינמאָל נישט פאַרלאָזן קיעוו? צי וועסטו דאָרט אייביק פאַרבלייבן שטעקן?

---

איך גיב אַ קוק אין שפּיגל, — און אויך מיין פּנים איז גרין און געל געוואָרן, און די שניי־פּאַסן צווישן מיינע האָר ווערן אַלץ ברייטער...

כ'האָב שוין אויפגעהערט צו זיין אַן איינגייער צווישן פרויען, און איינער פון די תענוגים פון דער וועלט איז פאַר מיר בטל געוואָרן, גע־בליבן איז בלויז די ליטעראַטור אַליין...

מיינע פריינט און מיטהעלפער זענען: פּינסקי, פּינסקי און פּינסקי... טיילמאָל פרענק, פריייד... און אויך — איך אַליין אַלס: י. ל. פּרץ, דר.

---

4) העברעישע זאַמלונג — „ילקוט ספרות", אַרויסגעגעבן דורך ש. ב. שוואַרצבערג.

5) אַ זאַמלונג העברעישע לידער פון פּרץ — „שירי אַהבה", 32 ז.

6) „זשורנאַל פיר ליטעראַטור, געזעלשאַפט און עקאָנאָמיע". — די אי־בעריקע 7 ביכלעך זענען אַרויס שפּעטער אין אַ יאָר אַרום.

שטיצער, לצפר, לץ פון רעדאקציע א. א. וו. כ'האב שוין פארגעסן, וויפל נעמען איך האב, אן ערך הונדערט מיט אכציק...

און דו?

דו שווייגסט.

איך גלייב מיטן גאנצן הארצן, אז ווען דו זאלסט זיין אין ווארשע, וואלטן מיר „געמאכט גוטע געשעפטן" — אבער וואס זאל מען טון!...

דער שכר פאר מיין גאנצער מי — וואס מיין שטוב איז פול מיט ביכער, דאס מויל פון מיינע שונאים — פול מיט קללות, מיין קליינע צאל פריינט — שאקלען, באדויערנדיק מיט די קעפ...

און איך בין דיין ברודער

ל. פרץ.

## 12

# צו יעקב דינעזאן

(פונעם אריגינאל)

(עס איז דער לעצטער בריוו, וואס פרץ האט געשיקט צו יעקב דינעזאן קיין קיעוו. י. דינעזאן פארט אריבער קיין ווארשע, און דער בריוו־אויסטויש ווערט איבערגעריסן אויף אכט יאר, (אויסער איין בריוו פון אטוואצק קיין ווארשע, פון יאר 1901), ביז 1903, ווען פרץ פארט ארוים קיין אויסלאנד אויף זומער־אפרו און שיקט דינעזאנען קורצע אנזיכטס־קארטעס און — אין די שפעטערדיקע יארן — אויך גרעסערע בריוו אויף יידיש).

ווארשע, 4 אפריל, 1895

(איבערזעצונג פון העברעיש)

ידידי!

ווייסט דען נישט, אז איך האב נישט אליין די דעה, און איידער מען האט זיך צונויפגעקליבן און באשלאסן, וואס האב איך געקענט דיר ענטפערן?

די דערציילונג, וואס איז אפגעדרוקט פאר דיינעטוועגן, איז פאר דיין „שכר־טירחה" אדער פאר דיין האנאראר, און דעריבער זאגן זיי, אז די פלאטן מיט די מאטריצן זענען אן אייגנטום פון דער ביבליאטעק. און אויב דו ווילסט די פלאטן און מאטריצן 1) דארפסטו באצאלן די ווערט פון די עקזעמפליארן 75 רובל. —

1) ס'האנדלט זיך, מסתמא, וועגן די מאטריצן פון דינעזאנס „הערשעלע".

אַט דער באַשלוס איז קעגן מיין ווילן, אָבער וואָס זאָל איך טון. זיי האָבן אַריינגעבראַכט אינעם עסק 2) אַ צוויי טויזנטער און זעען קיין פּרוטה נישט צוריק.

ס'איז אויך באַשטימט געוואָרן צו שיקן אויף דיין חשבון. איך האָב געוואַרט אייניקע טעג, אפשר וועט מיר געלונגען צו באַצאָלן די סומע, אָבער איך בין געבליבן אויסגעליידיקט פון אַלץ... איך בין אָרעם — און דו וועסט מיר מוחל זיין.

טייל מיר מיט דיין ווילן. איך רעכן, אַז דו באַדאַרפסט זיך נישט איילן אויסצוקויפן די פּלאַטן און מאַטריצן, ווייל דו באַדאַרפסט זיי דאָך נישט האָבן, כל־זמן עס זענען דאָ עקזעמפּליאַרן.

דיין ברודער

ל. פרץ.

## 13

## צו יעקב דינעזאָן

(פּוֹנעם אָריגינאַל)

גיסהיבעל ביי ניישטאַט, 15־טן אויגוסט 1906

כ'זיץ אויף דער שנאַפּע, אַ גרויסער האַר!
אַ הון אַ געבראָטענע, אַ גוטע ציגאַר;
25 פעניק דאָס שטיק,
קאַפע „פערקעהרט",
(כ'צי שווער ווי אַ פערד)
עס שפּילט די מוזיק —
(פאַר 10 פעניק אין טעלער)
דער טאָג ווערט העלער,
און צוריק אין שטאָט,
אין ריינעצער באָד. —
שלופּ־שלופּ; שלופּ־שלופּ...
פריער באַרג אַרויף צינד באַרג אַראָפּ.

---

2) אין די אויסגאַבעס פון „די יודישע ביבליאָטעק".

## 14

## צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

נאַכאַד, 16־טן אויגוסט, 1906.

נאַכאַד איז אַ שטעטל אין בעמען,
מיטן ראַטהויז האָט זיך עס נישט צו שעמען
אויך זע איך אַ שיינע באַנק
(אַ שאָד די קעשענע איז קראַנק
און האָט נישט וואָס צו בייטן).
מיר איילן זיך אום באַצייטן צו זען וואַלענשטיינס שלאָס.
נאַכאַד. צום שווארצן ראָס.

## 15

## צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

26־טן יולי 1911 בערלין

ר' יעקב,

כ'זיץ שוין אַ טאָג אין בערלין, געזען יעקב אַדלער 1), אַן עם־הארץ. שפּעטער וועל איך דיר שרייבן, צי עס וועט עפּעס זיין דערפון. שיק באַלד אַרויס לויט אונטערשטער אַדרעסע מיין בוך דראַמען און מיין פאָטאָגראַפיע. כ'בין הונגעריק.

זיי געזונט
ל. פּ ר ץ.

## 16

## צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

29־טן יולי 1911 בערלין

איך בין נאָך אין בערלין. איך האָב געמאַכט אַ געשעפט מיט אַדלערן. באַקאַנט געוואָרן מיט פרידמאַנען. דער וועט דיר שרייבן אויס־

1) באַוווּסטער יידישער אַרטיסט און טעאַטער־דירעקטאָר פון אַמעריקע.

פירלעך און וועט דיר פאַר מיר פאָרשלעגע מאַכן. מיר געפעלט ער? — מאָרגן אָוונט קיין דרעזדען.

יל״פ

## 17

## צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

31־טן יולי 1911

איך בין ביים באָדען זע, פאָר קיין ציריך. אָוונטס אין סאַן מאָריס. פון דאָרט ערשט וועל איך שרייבן.

דיין יל״פ.

## 18

## צו יעקב דינעזאָן

(פונעם אָריגינאַל)

(דאָס פּאָסט־קאַרטל איז געשריבן דורך פּרצן פון וואַרשע צו י. דינעזאָן, וועלכער איז דאַן געווען אין פּינסק. — פרוי פּרץ איז דאַן געווען אין אויסלאַנד און נישט געקענט זיך אַדורכרייסן דורך די פראָנטן קיין וואַרשע. — אין וואַרשע זענען שוין דאַן געווען די היטלאַזע, און עס איז געווען אַ דוחק אין עס־פּראָדוקטן)

וואַרשע, 30־טן אָקטאָבער, 1914

ליבער יעקב,

„נאָר שרייב"! נו, שרייב איך אַ קאַרטל. פ ו ן וואַרשע זענען פאָרמאַכטע בריוו נאָך נישט זיכער. און וואָס זאָל איך דיר שרייבן? פון העלענען האָב איך נאָך קיין בריוו. איך האָב שוין דאָס דריטע מאָל געלט געשיקט... עס איז משוגע צו ווערן. — אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, בלייבן אין פּינסק איז אַביסל קריטיש. דו דאַרפסט דורכוים אַהיים קומען. עס פּאַסט נישט. יאַנעק אַרבעט מעשים, אַלע שטובן איבערגעקערט, אַלע פאָרהאַנגען איבערגעהאָנגען; הענגער אויף באַרשטן געמאַכט...

ברענג דורכוים, אָדער ווען דו בלייבסט שיק פּראָוויאַנט. וואָס דו קענסט. עס כאַפּט מיך אָן אַ שרעק וויפל „ניר חלק" 1) עס בלייבט נאָך. אַהאַ: שרייבן שרייב איך דיר פון גמינע, ווו די טינט פליסט נישט,

1) גלאַט פּאַפּיר. —

צייט פעלט נישט און א גערודער פון אין גיהנום. יידן און יידענעס פאר־
ציילן פון צרות צרורות. א מאָדנע פאָלק — עפּעס איז ביי אים אַלץ אזוי
נאַטירלעך. —

וואָס דער עיקר איך מיין פאַר פּראָוויאַנט, פאַרשטייסטו אליין.
קאָמפּראָמעטירן נאָכאַמאָל וויל איך דיך נישט.

דיין

יל״פּ.

# צו מענדעלע מוכר ספרים

(פונעם אָריגינאַל)

(סוף 1910 איז אין וואַרשע געגרינדעט געוואָרן אַ טעאַטער־געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שאַפן אַן ערנסטן יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד. פּרץ האָט פיל צייט און ענערגיע אַוועקגעגעבן אָט דער טעאַטער־געזעלשאַפט. ער איז אַרויסגעטראָטן אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען, געפאָרן לסוף קיין פעטערבורג מכּוח דער געזעלשאַפט. אין שליחות פון קאָמיטעט איז אַ צייט אַרומגעפאָרן א. ווייטער איבער איניקע גרעסערע שטעט, געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע און פאַרקויפט אַקציעס. — דער בריוו געפינט זיך אין מענדעלע־מוזיי אין אָדעס, — ער איז אָפּפאָטאָגראַפירט אין מינסקער „ציימשריפט”, ב. 1, ז. 71).

(11 דעצעמבער 1910)

ליבער, ליבער מענדעלע!

עס איז געבליבן, אַז עס מוז געבויט ווערן אַ ניי יידיש טעאַטער. צום (צו) דעם צוועק מוז מען זיך ווענדן צו דער געזעלשאַפט נאָך הילף. טויזנטער און טויזנטער יידישע נפשות גייען טעגלעך (בעסער געזאָגט: אַוונטלעך) אין יידישן טעאַטער און הערן נישט קיין וואָרט יידיש, ווען די זאַכן זענען ערטרעגלעך, אָדער נאָר יידיש, ווען עס ווערט געשפּילט דער ערגסטער שונד. „יידיש” און „שונד” זענען אין טעאַטער פאַרבינדן געוואָרן, ווי אַמאָל „יידיש” און „שמ”ר”. —

אַ חברה שריפטשטעלער און כלל־טוער אין וואַרשע (צווישן אַנדערע (נישט ליידער) אויסער מיר — דינעזאָן, סאָקאָלאָוו, דר. דווידזאָן, דר. לעווין וכו') האָבן גענומען אויף זיך אַרויסצוטרעטן מיט אַן אויפרוף וועגן דעם עניין און נאָמען פון דער חברה קום איך אייך בעטן, זייער און זייער בעטן, איר זאָלט צו אונדז צושטיין און לאָזן אונטערצייכענען אייער נאָמען אויך. אייער נאָמען איז, דאָס ווייסט איר אַליין, דער ליכטיקסטער, דער שטאַרקסטער... אייער נאָמען טאָר נישט פעלן. הייבט זיך אפשר אָן אַ ניי בלעטל פון דער יידישער קולטור אָדער קונסטגעשיכטע, טאָ זאָל זיך דאָס בלעטל אָן אייער נאָמען נישט אָנהייבן.

בעטן מיר אייך דעריבער נאָכאמאָל און זייער הארציק בעטן מיר אייך, איר זאָלט תיכף־ומיד אונדז אריינשיקן אייער ערלויבעניש אונ־טערצושרייבן אייער נאָמען אונטער דעם דערמאָנטן אויפרוף.
און זייט מיר געזונט און שטארק נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

אין נאָמען פון אַלע

אייער י. ל. פּרץ.

# צוי. צינבערג

(פון אַ קאָפּיע)

(דער בריוו איז געשריבן דעם 3־טן דעצעמבער 1911, צו י. צינ־בערג, וואָס האָט דאַן רעדאַקטירט די ליטעראַטור־אָפּטײלונג אין דער יידיש־רוסישער ענציקלאָפּעדיע. י. צינבערג האָט זיך דאַן גע־ווענדעט צו פרצן מיט דער בקשה צוצושיקן די נייטיקע ביאָגראַ־פישע פּרטים.)

זייער געערטער דר.

איך טו אייך צוליב:

1) אין די קינדער־יאָרן האָבן אויף מיר געווירקט ש"ס ופּוסקים, חובת הלבבות, מורה נבוכים, רלב"ג א. ד. ג. — דעם רבינס מעשהלעך אין אַ יומא דפּגרא. — עטלעכס שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן לערנען העברעיש: אָדם־הכהן און די שפּעטערע; איך האָב אָבער נאָר פאַרשטאַ־נען, אָבער נישט געפילט. איך בין ניתפּעל געוואָרן פון דער קונץ, נישט מער. דערנאָך — תנ"ך!...

2) כ'בין קיינמאָל קיין חסיד נישט געוועזן און קיין משכיל נישט געוואָרן. נאָכן מורה נבוכים און אַנדערע איז געקומען די צייט אויף קבלה־ספרים. אַ גרויס בית־המדרש ביי אונדז, גרויסע שענק־ספרים, איז מען טאַפּנדיק און זוכנדיק צוגעקומען צו דער שאַנק, וואָס „קבלה" האָט פאַרנומען, האָט מען געלערנט. אייגנטלעך ג ע ל ײ ע נ ט. איך האָב געוואָלט וויסן ווי אַזוי דער מקובל, שפּעטער דער חסיד, טראַכט און לעבט; ווי פריער — ווי אַזוי דער פילאָזאָף. איך האָב ביז היינט קיין רבין פאַר די אויגן נישט געזען, אויסער דעם ביאַלער, צו וועלכן איך האָב געהאַט אַ כלל־ישראל־געשעפט, קיינמאָל צווישן חסידים נישט געלעבט. פּטור בלא כלום אי אפשר — געווירקט מין־הסתם, האָבן אי חיים וויטאַל אי נחמן קראָכמאַל, אי דער שפּעטערדיקער אפּיקורס, נאָר א י נ ע ר ל ע ך בין איך געוועזן און געבליבן י י ד, מיט אַ יידישער, מער אָדער ווייני־קער קלאָרער, ביבלישער וועלט־אַנשויונג.

3) אָנגעהויבן האָב איך צו שרייבן פּויליש (גאָר נישט געדרוקט, פאַר־ברענט) — אַן אינטערנאַציאָנאַלער מאָמענט געוועזן — אוועקגעוואָרפן,

פרעמד געווען, אָנגעהויבן העברעיש, געפילט — נישט לעבנדיק, אַרי־בער צו יידיש. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר 40—35 צוריק. דאָס ערשטע איז געווען אַ העברעיש געדיכט אין „השחר" (לי אומרים 1), דערנאָך — אַ בוך צוזאַמען מיט ליכטפעלדן, וואָס איז מיין שווער געווען, דאכט זיך: בעלי־אסופות, כ'האָב פאַרגעסן ווי ס'בוך האָט געהייסן 2).

4) ערנסט האָבן אויף מיר געווירקט די פּראָפעטן, אַ צייט לאַנג בין איך דאָך געווען אונטער דער ווירקונג פון היינע און בערנע — מיינע ערשטע יידישע געדיכטע.

מיט אכטונג
י. ל. פּ ר ץ.

---

1) „לי אומרים" איז פּרצעס ד ר י ט ע ליד, וואָס איז געווען געדרוקט אין „השחר" (תרל"ו)· דאָס ע ר ש ט ע ליד אין „השותפות" — (השחר תרל"ה — 1875). —

2) „ס פ ו ר י ם ב ש י ר ו ש י ר י ם ש ו נ י ם" מאת ש נ י ב ע ל י א ס פ ו ת, וואַרשע תרל"ז (1877) 158 ז·

# צו דר. נתן בירנבוים

(געשריבן אין 1908)

(צווישן פרצעס איבערגעבליבענע פאפירן אינעם דינעזאן־ארכיוו געפינט זיך פאלגנדיקער בריוו, געשריבן דורך פרצן גופא. דער איניציאטאר פון דער טשערנאוויצער שפראך־קאנפערענץ, דר. נ. בירנבוים, האט פאנאנדערגעשיקט צו א ריי אנגעזעענע יידישע פערזענלעכקייטן א פראיעקט פון אן אויפרוף וועגן דער שפראך־קאנפערענץ. אזא מין אויפרוף איז אויך צוגעשיקט געווארן פרצן און דינעזאנען מיט דער בקשה, זיי זאלן אים אונטערשרייבן).

זייער געערטער הער דר.!

עס איז אונדז, הער דאקטאר, זייער שווער געווען צו ענטפערן.

מיר זענען, נאטירלעך, זייער פארינטערעסירט אין קאנפערענץ, אבער אונטערשרייבן אייער אויפרוף האבן מיר אויף קיין פאל נישט געקאנט. מי האבן אייך נישט געוואלט שטערן. מיר וואלטן אויך געקומען אויף דער קאנפערענץ אבער אלץ נישט אונטערשרייבן. צום אלעם ערשטן געפעלט אונדז נישט די, זייט אונדז מוחל, „אמעריקאנישע” הקדמה... מיר, לײדער, גלייבן אין גרויסן פארטשריט נישט. וואס עקזיסטירט? ביי אונדז — צוויי געלע בלעטער; דער פריינד איז פארקויפט אונד ווערט א ציוניסטיש פארטיי בלאט... מען דארף א קאנפערענץ — צו פ א ־ ד ע ר ן די אנטוויקלונג, דעם פארטשריט...

און די אמעריקאנישע „מליצות” — פאעטן שרייבן ל י ד ע ר, נאטירלעך, מאכן זיי קיין שטיוול... יידישע צייטונגען פארשפרייטן פא־ליטיק, „דערגרייכן א מדריגה”, „פיעסן”, „צוציען כל המיני קרענק און מומים”. דאס איז פאר אונדז קיין יידיש נ י ש ט, דאס איז, אין דער ערשטער ליניע, גראב. און ווייניקסטן די אויפרופער דארפן האבן א סטיל...

„נישט לאזן ארומלויפן פראנק און פריי, אפהיטן ווי א טייער קינד א. ד. ג.” איז פאר אן אויפרוף צו ק י נ ד י ש...

מיר קענען און ווילן אונטערשרייבן א נאטירלעכן, אייראפעישן אויפרוף, אן איינפאכן...

אום צו פעדערן די אַנטוויקלונג פֿין דער יידישער שפּראַך ווערט (דאָרט און דאָרט, אין דער און דער צייט) צוזאַמענגערופֿן אַ קאָנפֿע־רענץ.

עס ווערן געשטעלט צו באַהאַנדלונג די פֿראַגן

1) וועגן אָרטאָגראַפֿיע —
2) גראַמאַטיק
3) באַנוצן פֿרעמדע ווערטער
4) אַ ווערטער־בוך
5) ביבל־איבערזעצונג
6) די פּרעסע
7) די ליטעראַטור
8) דראַמאַטורגיע און סצענע
9) די באַדייטונג פֿון דער שפּראַך אַלס נאַציאָנאַלע אָדער פֿאָלקס־טימלעכע שפּראַך און איר באַציונג צו העברעיש.

10) די מאָראַלישע צווישן־פֿעלקערלעכע ליטעראַרישע אייגנטום־פֿאַרזיכערונג".

אויב איר באַשטייט אויף דער פֿאָרעם שרייבט אייך און אונדז אונטער.

1

# צו דר. גרשון לעווין

(פונעם אָריגינאַל)

(גרינוואַלד, 13 אויגוסט 1906)

ארום (אראַפּ?) געקומען פון טורם,
ווו געזען א וועלט,
(פאר צען פעניק געלט)
זיץ מיר איבער א ווילדע טויב,
(די זון פארגאָלד די שויב!)
און טראַכטן מיט שרעק,
אז אַלץ מוז האָבן אן עק,
עס ווערט אויפן הארצן פאסקינע,
צייטונג, פּאָליטיק, גמינע — —
און דער חבר, יענער חבר!...
עס ווערט אויפן הארץ קאַלט און קעלטער —
לחיים! וויין מיט זעלטער
מאכט אביסל פריש,
ווילט איר, גיט עמעצן פאר מיר א קיש —
נאָר איר זאָלט מיך נישט פארשעמען,
זוכט שווארצע אויגן, לאנגע ברעמען,
די רעשט אויפן טיש! (נישט לייענבאר!)

2

# צו דר. גרשון לעווין

(פונעם אָריגינאַל)

(אָן א דאַטע)

צי האָט איר פון נאכאָד געהערט?
דאָ איז וואָלענשטיינס שלאָס,

דערווייל טרינק, מיר קאווע פארקערט
„צום שווארצען ראָם" —
דערנאָך ערשט ארויף אין דער הייך.
דערווייל ווערט דער טאָג אזוי בלייך
ס'ווערט פינצטער ווי אין שטייג,
און מען וועט זען א פייג.

3

# צו ד״ר. גרשון לעווין

(פונעם אָריגינאַל)

אַלס אנדערש, ווי געטראַכט,
אין בערלין געשעפט געמאַכט, —
א נישט געשריבענע דראמע פארקויפט.
און די צייט לויפט,
ערשט איצט ביי באדען זעע
(אנטציקטע דייטשער רופן: יוכהעעע!)
און מיר זענען מיד, אי וויי,
ווי מיד, קיין פיס, קיין האנט,
א חרפה, א שאנד
אפילו דרעזדען נישט געזען.

4

# צו ד״ר. גרשון לעווין

31 יולי 1911

(פונעם אָריגינאַל)

(פון שנאַפּע ביי ניישטאָט אַם מיין, 14 אויגוסט 1906)

דער זייגער קלינגט,
דער לוח ווערט געריסן, —
עס בלייבט אַמאָל שטיין אין האלדז
דער ביסן,
און ביטער ווערט דער זיסער שליק,
און אַלץ ארום טרייבט: צוריק! צוריק!

עס לאכט דיך אוים בארג און טאָל: —
וועסט דען צוריקומען אהער אמאָל?
דאָ גייט מען, ווי א שקאַפּע,
פון דער „האָהע מענזע"
צו דער „שנאַפּע";
אָן אַלע צרות פאַרגעסן,
מען קומט אהיים א פגר...
אָן חלומות א שלאָף!
פאַראַן אָבער גאָטס שטראָף!
א לוח, א זייגער —
נאָך א טאָג, נאָך א טאָג
איז אוועק
נישט נאָר א מענטש, אַלץ האָט זיין עק!

# צו דער וואַרשעווער גמינע

(איבערזעצונג פון פּויליש)

(די דאָזיקע ווענדונג־„זאַפּיסקע" איז אַן ענטפער פון י. ל. פּרץ אויף אַ בריוו־אָנקלאָג פון אַדאָלף פּערעטץ צו דער וואַרשעווער יידישער גמינע־פאַרוואַלטונג. אין זיין בריוו האָט פּערעטץ גע־מאַכט אויפמערקזאַם דער גמינע־פאַרוואַלטונג, פאַרוואָס אירע אָנ־געשטעלטע פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישער אַגיטאַציע (בעת די וואַלן צו דער „גאָסודאַרסטווענע דומע"). דעם 18־טן נאָוועמבער האָט א. פּערעטץ אַ צווייט מאָל זיך געווענדעט צו דער גמינע מיט אַ טענה, פאַרוואָס מ'נעמט נישט אין אַכט זיין ערשטע ווענדונג, אין וועלכער ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די גמינע זאָל [illegible] איר אינ־סטרוקציע, וואָס פאַרפליכטעט די באַאַמטע פון גמינע־פאַרוואַלטונג, אַרויינטראָגן אַ פאַראָרדענונג, לויט וועלכער „עס איז [illegible] ווערט די נאָמינירטע באַאַמטע צו פירן פּאַרטייאישע אַגיטאַציע". די גמינע האָט דאַן אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג און באַטראַכט א. פּערעטצעס בריוו. — פּרץ איז געווען אויפגעמונטערט פון א. פּערעטצעס [illegible] און זיך געווענדעט צו דער גמינע מיט דער פאָלגנדיקער „זאַפּיסקע" אין פּויליש. — דער בריוו, געשריבן אין פּויליש אייגנהענטיק דורך פּרצן, געפינט זיך אין דעם וואַרשעווער גמינע־אַרכיוו. — מיר ברענגען דאָ אַ געטריע איבערזעצונג).

צו דער גמינע־פאַרוואַלטונג פון סטאַראָזאַקאָנניך

פון דעם מיטאַרבעטער פון פאַרוואַלטונגס־ביוראָ

„זאַפּיסקאַ"

אין דער צייט פונעם וואַל־קאַמף, האָט די פּוילישע ציַיטונג „קור־יער פּאָראַנני" געשריבן, אַז אין די רייען פונעם קעמפנדן יידישן נאַ־ציאָנאַליזם געפינען זיך צוויי באַאַמטע פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג, און צו זיי זוכן פאַר זיך שווין אַן אַנדערע באַשעפטיקונג.

„דאָס פאַרזייטע קערנדל פון בירגערלעכער פרייהייט האָט גע־טראָפן אויף אַ גוט־צוגעפּאַסטן באָדן — אויף דער גוטער באַנק־ערד פונעם ה. אַדאָלף פּערעטץ, און עס האָט אַרויסגעגעבן פרוכט אין דער פאָרעם פון זיין בריוו, געשריבן אין נאָמען פון נישט־דערמאָנטע פּער־זאָנען פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג, אין וועלכן עס ווערט פאַרלאַנגט

ארויסצוגעבן אַ רעגולאַמין, וואָס פאַרווערט די באַאַמטע פון דער ביוראָ אַנטיילצונעמען אין פּאַרטייאישע פּאָליטישע אַרבעטן.

„וויל, — מאָטיווירט דער ה' פּערעטץ זיין געזעצגעבערישן פאָרשלאַג — זיי וועלן נישט קענען זיין אָביעקטיוו אין באַציונג צו די אינטערעסאַנטן, וואָס ווענדן זיך צו זיי.

„די גמינע־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט קיינמאָל נישט פאַרווערט אירע אָנגעשטעלטע אויסצופירן זייער פּאָליטישע אַרבעט ווי מיטגלידער פון קרייזן, מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָרן פון אַ געוויסער ריכטונג.

„די גמינע־פאַרוואַלטונג, וויסנדיק אויסגעצייכנט, אַז ס'איז נישט פאָרגעקומען קיין שום פאַל פון פּאַרטייאישער איינזייטיקייט און זייענדיק אינגאַנצן איבערצייגט, אַז אַזאַ פאַל וועט קיינמאָל נישט פאָרקומען — האָט זיך באַראַטן איבער דעם אויבנדערמאָנטן פאָרשלאַג: דערביי האָט זי אויף דער זיצונג פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, פאַר דעם אָפּלייגן פון דער זאַך צוליב דעם פעלן פון דריי מיטגלידער פון אַ געוויסער פּאַרטיי, מודיע געווען די פאַרזאַמלטע, אַז דאָ גייט אין אונדזער ה' פּרץ.

„אַזוי איז אַנטשידן געוואָרן דעם ה' פּערעטצעס כוונה. ווייל איך געהער נישט צו קיין שום פּאַרטיי, אַזוי צילט מען שוין אין מיין פּריוואַטקייט אַלס מחבר, און קענען דעם מוז איך פּראָטעסטירן.

„נעמענדיק אין אַכט, אַז מיין פאַרהעלטעניש צו דער גמינע־פאַרוואַלטונג איז אויסשליסלעך נאָר אַ פאַרהעלטעניש פון אַן אָנגעשטעלטן צו זיין ברויט־געבער, אַז אַזאַ פאַרהעלטעניש גיט נישט דעם ברויט־געבער קיין שום רעכט אויף צו באַגרענעצן די רעכט און איבערצייגונגען פונעם אַרבעטער אויסער דעם אָרט און צייט פון דער אַרבעט, אַז ביים שליסן דעם אָפּמאַך מיט העכער 20 יאָר צוריק, איז פון אַזאַ מין באַגרענעצונג קיין שום רייד נישט געווען, אַז נאָכן שליסן דעם אָפּמאַך, קען נישט קיין מאָדיפיקאַציע אָדער דערגאַנצונג אָפּהענגיק זיין בלויז פונעם ווילן פון איין צד.

„האָב איך דעם כבוד צו דערקלערן דער גמינע־פאַרוואַלטונג, אַז איך האָב נישט בדעה זיך אונטערצוואַרפן קיין שום פון אויבן־אָנגעוואָרפענעם רעגולאַמין.

מיט געהעריקער אַכטונג

י. ל. פּרץ.

# ווכצעטל

## פון אַלע פּרצעס ווערק אין אַכצן בענדער

### א.

## ב.

## ה.

## וו.

## ז.

# מ.

## צ.

---

## אינהאַלט פון די בילדער און פאַקסימילן — לויט דעם סדר פון די בענד:

**אין באַנד 1** — א) י. ל. פרץ — ביים רעדנער־טיש; ב) דאָס בית־המדרש אין פרצעס געבוירנשטאָט זאַמאָשטש ווו דער דיכטער האָט געלערנט אין זיין יוגנט.

**אין באַנד 2** — א) פרץ אין יאָר 1884; ב) פרץ אַלס פייערלעשער אין זאמאָשטש (לערך 1880).

**אין באַנד 3** — דער פּאָליש אין זאמאָשטשער בית־המדרש.

**אין באַנד 4** — פאָטאָגראַפיע פון י. ל. פרץ מיט אויטאָגראַף, געשאָנקען פון דעם דיכטער, דער פרוי פאולינא אַלטבערג, וועלכע האָט עס איבערגעגעבן פאַר דער פרץ־קאָלעקציע ביים יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע.

**אין באַנד 5** — י. ל. פרץ אינעם יאָר 1909, (אין דער צייט פון זיין ארומפאָרן האַלטן רעפעראַטן איבער שטעט און שטעטלעך).

**אין באַנד 6** — פרץ, יעקב דינעזאָן און שלום־עליכם, אראָפּגענומען אין ווארשע, זומער 1914.

**אין באַנד 7** — דאָס פרץ־אוהל, (צייכענונג) אויפן וואַרשעווער בית־עלמין.

**אין באַנד 8** — פרץ און דינעזאָן, (אין די לעצטע יאָרן פון זייער אינטימער פריינטשאַפט).

**אין באַנד 9** — א) משה פּרץ, דעם דיכטערס זיידע; ב) פּרצעס באָבע.

**אין באַנד 10** — „דיא געשמיסענע אמת" (פאַקסימיל).

**אין באַנד 11** — י. ל. פּרץ און זיין פרוי, אינעם יאָר 1914.

**אין באַנד 12** — פּרץ אויפן טויטן־בעט.

**אין באַנד 13** — א) פּרץ אין יאָר 1890; ב) העלענא פּרץ, א פּאָר יאָר נאָך דער חתונה.

**אין באַנד 14** — פּרץ אין זיין ביבליאָטעק און ארבעטס־קאבינעט.

**אין באַנד 15** — שער־בלאַט צו די פאָלקס־לידער, (מיט פּרצעס כתב־יד), (פאַקסימיל).

**אין באַנד 16** — בריוו צו אן אומבאַקאַנטן אדרעסאַט — פאַקסימיל פון פּרצעס כתב־יד.

**אין באַנד 17** — פּרץ, זיין פרוי און ש. ראַפּאָפּאָרט, ארויסגעבער פון דער „פריינד".

**אין באַנד 18** — י. ל. פּרצעס פאָטער און י. ל. פּרצעס זון — לוציאַן, א גימנאַזיסט.

---

„אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ”, אַרויסגע־
געבן פון פאַרלאַג „יידיש”, בוע־
נאָס איירעס אַרגענטינע,
אין דער אייגענער
ד ר ו ק ע ר יי
א ו י ף
באַרטאָלאָמע
מיטרע 2146. פאַר־
ענדיקט דרוקן דעם פינף־
און צוואַנציקסטן סעפּטעמבער
1944, (ח׳ ת ש ר י ה ת ש ” ד).

**“OBRAS COMPLETAS DE I. L. PERETZ”**
TERMINARONSE DE IMPRIMIR EL DIA VEINTICINCO DE SEPTIEMBRE DE MIL NOVECIENTOS CUARENTA Y CUATRO, EN LOS TALLERES GRAFICOS PROPIOS DE LA EDITORIAL “IDISCH”, BME. MITRE 2146, BUENOS AIRES, REPUBLICA ARGENTINA.